יעקב צינעמאן

# אין געראנגל

(עסייען, אַרטיקלען, רעצענזיעס)

פּאַריז

1952

מיין בוך „אין גערָאנגל"
ווידמע איך דעם אומפאַרגעסלעכן אָנדענק
פון **מיין פרוי אסתר מרים ז"ל**
און פון **מיין איינציקן זון דוד ז"ל,**
וועלכע זיינען אומגעקומען, פון רוצחישער
דייטשער האַנט, אין וואַרשעווער געטאָ.

**דער אויטאָר**

# אינהאלט:

זייט

זייט

# פאַרוואָרט

מיין בוך „אין געראַנגל" איז אַ זאַמלונג פון עסייען, אַרטיקלען און רעצענזיעס, וועלכע זיינען געשריבן און געדרוקט געוואָרן במשך די יאָרן 1946—1950 אין פאַר־שידענע צייטונגען און זשורנאַלן („איחוד" — וואַרשע, „ציוניסטישע שטימע" — פּאַריז, „קיום" — פּאַריז, „אגרת לעסקן הציוני" — ירושלים, „דאָס יידישע פאָלק" — ניו־יאָרק, „פּראָבלעמען" — פּאַריז און אַנדערע.).

נישט אַלץ, וואָס ווערט געשריבן אויף אַקטועלע טעמעס, אַזוי־צו־זאָגן „אויף דער הייסער מינוט", האָט בלויז אַ קורצן זשורנאַליסטישן ווערט. עס זיינען פאַראַן סיי פּובליציסטישע אַרטיקלען און סיי שילדערונגען און עסייען, וואָס האָבן זייער באַדייטונג און ווערט אויך יאָרן־לאַנג שפּעטער נאָך דעם דערשיינען אין דער צייטונג.

אין מיין בוך „אין געראַנגל" האָב איך אויסגעוויילט יענע אַרטיקלען און פּוב־ליקאַציעס, וועלכע שפּיגלען אָפּ אַמבעסטן דעם גייסט און דעם צייט־אָטעם פון דער דאָזיקער פיר־יעריקער תקופה נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. צוליב דעם האָב איך אין מיין בוך אַריינגענומען אויך אייניקע אַרטיקלען, וואָס האָבן היינט פאַרלוירן אַ סך פון זייער אַמאָליקער אַקטואַליטעט. (למשל: „מיר און די אַראַבער", „סאָוויעט־רוסלאַנד און דער ציוניזם" א. אנד.). די דאָזיקע אַרטיקלען האָבן אָבער אַ דאָקומענ־טאַרישן ווערט פאַר געוויסע פאַקטן און שטימונגען, וואָס הגם זיי געהערן שוין צו דער פאַרגאַנגנהייט, אילוסטרירן זיי בולט וויכטיקע דערשיינונגען פון דער דערמאָנ־טער פיר־יאָריקער תקופה נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דאָס זיינען געווען יאָרן פון שווערן קאַמף און ראַנגלען זיך פאַר דעם יידישן קיום. אויף דער פאַרבלוטיקטער אייראָפּעאישער ערד האָבן די געראַטעוועטע רעשט־לעך פון היטלערישן חורבן געזוכט אַ וועג און אויסוועג פאַר זייער ווייטערדיקער פערזענלעכער און נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. דער ישוב אין ארץ ישראל און די ציוני־ניסטישע באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט האָבן גלייכצייטיק געפירט אַ העראָישן, אָפט טראַגישן קאַמף, וועלכער איז אָבער לסוף געקרוינט געוואָרן דורך אַ גרויסן נצחון, דורך דער שאַפונג פון מדינת ישראל.

דער לייענער וועט אין מיין בוך „אין געראַנגל" געפינען אינטערעסאַנטע רע־מיניסצענצן און דערקלערונגען פאַר אַ סך פּראָבלעמען, וועלכע האָבן זיך במשך דער דאָזיקער קורצער אָבער שטורמישער תקופה געשאַפן, און האָבן געזוכט זייער לייזונג אינעם יידישן לעבן.

מיט אַ געוויסן שטאָלץ קאָן מען היינט באַטראַכטן אונזער שווער ראַנגלען זיך אין דער תקופה נאָך דעם שרעקלעכן חורבן. אונזער פאַרפייניקט און אויסגעבלוטיקט פאָלק האָט, טראָץ אַלע געוואַלדיקע שטערונגען, געזוכט און געפונען דעם וועג, ווי צו באַנייען דעם קיום פון יידישן מענטש און פאָלק אויף נייע יסודות.

נישט נאָר פּאָליטישע אָדער פּובליציסטישע טעמעס ווערן באַהאַנדלט אין מיין בוך. דער לייענער וועט געפינען אויך באַשרייבונגען און שילדערונגען פון א היס־טאָריש־מאָנאָגראַפישן כאַראַקטער. די סעריע „היסטאָרישע געשטאַלטן פון פּוילישן ציוניזם", הגם זי איז בלויז פראַגמענטאַריש באַהאַנדלט געוואָרן, וועט פאַר אונז גייסטיק באַנייען די פאַרגאַנגענע ראָמאַנטישע צייטן, וואָס רופן אַרויס א סך באַגייס־טערונג און נאָענטע פאַראינטערעסירונג.

ביים רעדאַגירן דאָס בוך, איז ביי מיר געווען די פראַגע, אין וואָס פאַרא סדר צונויפצושטעלן די איינצלנע פּובליקאַציעס. צי לויט דער טעמאַטיק אָדער לויט דער כראָנאָלאָגישער אָרדענונג? דאָס צונויפשטעלן לויט דער טעמאַטיק, וואָלט מיין אַרבעט קאָמפּליצירט און באַשווערט. איך האָב אַלזאָ אויסגעוויילט דעם לייכ־טערן וועג. די פּובליקאַציעס זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן לויט דעם סדר, ווי זיי זיינען אַמאָל געדרוקט געווען אין די פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן.

א דאַנק קומט דער „מעדעם־ביבליאָטעק" און דעם „אַרכיוו פון פאָרשונגס־צענ־טער פאַר געשיכטע פון פּוילישע יידן" אין פּאַריז, פאַר דעם בילדער־מאַטעריאַל, וועלכן זיי האָבן מיר פריינטלעך צוגעשטעלט.

און צום סוף פאָלגנדיקע פאָר ווערטער, וועלכע מ'מוז דאָ, ווילנדיק צי נישט־ווילנדיק, בפרהסיא אַרויסזאָגן: דאָס אַרויסגעבן א יידיש בוך איז היינט געוואָרן נאָך א סך און א סך שווערער, ווי מיט א יאָר אָדער צוויי צוריק. די פרייזן פאַר פּאַפּיר און אַנדערע דרוק־הוצאות זיינען אינצווישן שטאַרק געשטיגן. דאָס יידישע בוך האָט א באַגרענעצטע צאָל פון קויפערס. דער מחבר־אַרויסגעבער פון יידישן בוך קאָן היינט פון פאַרקויף נישט דעקן אפילו די קאָסטן פון פּאַפּיר און דרוק. ביי דער דאָזיקער קריטישער לאַגע, איז דאָס דערשיינען פון יעדן נייעם יידישן בוך ממש א נס.

מיט א גרויסער אנערקענונג וויל איך דאָ אונטערשטרייכן די הילף, וועלכע איינצלנע איבערגעגעבענע און אויפריכטיקע געזעלשאַפטלעכע עסקנים און סתם־טרייע פריינט פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור האָבן מיר געגעבן דורך דעם, וואָס זיי האָבן פאַרשפּרייט און פאַרקויפט מיינע ביכער אינם קרייז פון זייערע באַ־קאַנטע.

די פראַגע פון דעם ווייטערדיקן אַרויסגעבן יידישע ביכער ווערט א ברענענ־דיקער און אָנגעווייטיקטער ענין פון אונזער געזעלשאַפטלעכקייט און פון אונזער קולטורעל־נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. עס וועט באמת זיין א חרפּה פאַרן עם הספר, אויב דער איצטיקער טרויעריקער מצב זאָל ווייטער אַזוי בלייבן.

דער אויטאָר

פּאַריז, אין יאַנואַר 1952.

# און וואָס ווייטער, יידיש פאָלק ? *

פּאָוואָלי, פּאָוואָלי קומען מיר זיך ווידער צוזאַמען, מיר, די רעשטלעך פון פּוילישן יידנטום. ווער פון די היטלערישע לאַגערן, ווער פון דער אַזוי־גערופענער אַרישער זייט, און ווער מיט דער מאַסן־רעפּאַטריאַציע פון ראַטנפאַרבאַנד. מיר געפינען נישט אונזערע פאַמיליעס, וועלכע מיר האָבן מיט 7 יאָר צוריק איבערגעלאָזט, מיר געפינען נישט אונזערע היימען און סביבות.

מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט צעבראָכענע הערצער שטייען מיר אויפן קבר פון אונזער אַמאָליקן לעבן. און וואָס ווייטער ? אָט די פראַגע שטעלן מיר זיך אַלע, מיר, די איבערגעבליבענע פּוילישע יידן.

ס'וואָלט שלעכט געווען, זייער שלעכט, אויב יעדער פון אונז וואָלט די פראַגע: „וואָס ווייטער?" געשטעלט אַליין בלויז פאַר זיך, ביחידות. ס'איז און ס'דאַרף זיין אַ פראַגע געשטעלט בציבור. ווייל ס'איז נישט בלויז אַן אינדיווידועלער ענין, ס'איז אַ קאָלעקטיווער פּראָבלעם פון גאַנצן איבערגעבליבענעם פּוילישן יידנטום און נאָך מער, פון גאַנצן וועלט־יידנטום בכלל. ס'איז געווען אַ צייט, ווען דער יידישער יחיד האָט געמיינט, אַז זיין קיום און צוקונפט זיינען בלויז אַ ריין־פּערזענלעכע, ריין־אינדיווידועלע זאַך. היינט ווייסן מיר, אַז דער גורל פון יידישן יחיד איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון יידישן כלל. יעדער פון אונז, ווען ער שטעלט זיך היינט די פראַגע: „און וואָס ווייטער?", שטעלט ער גלייכצייטיק ביודעין אָדער בלא יודעין, די אַלגעמיינע פראַגע: „און וואָס ווייטער, יידיש פאָלק?".

צוריקקומענדיק, געפינען מיר שוין געוויסע ניי־געשאַפענע לעבנס־פאָרמען און סביבות. מיר ווערן אַריינגעצויגן אינם טאָג־טעגלעכן לעבן מיט אַלע זיינע היינטיקע, ווי אַמאָליקע, שוועריקייטן, דאגות און קאַמפן. נאָך דעם ערשטן אויפּציטער, באַהערשט אונז דאָס טאָג־טעגלעכע, גרויע, ווירקלעכע לעבן אין אַלע זיינע אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע פאָרמען. יידישע פּאַרטייען רופן פאַרזאַמלונגען, גיבן אַרויס צייטונגען, אָרדענען איין אינסטיטוציעס, שאַפן אַרום זיך דעם גאַנצן פאַרמלחמהדיקן טומל מיט אַלע זיינע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע דערשיינונגען. די פאַרשידענסטע קאָמיטעטן אַרבעטן אינטענסיוו, ווער בעסער און ווער ערגער, מ'זאָרגט אַביסל פאַר אונזער מאַטעריעלן קיום און נאָך מער פאַר אונזער גייסטיק־פּאָליטישן אויפקום, מען פּראָקלאַמירט און דעבאַטירט כסדר, און רירעוודיקע געזעלשאַפטלעכע טוער פון אַלע פּאַרטייען באַמיען זיך מיט אַלע כוחות צו שאַפן ביי אונז דאָס אילוזאָרישע בילד, ווי עס וואָלט אינעם יידישן לעבן גאָרנישט פּאָרגעקומען, זייט דעם יאָר 1939.

* געשריבן און געדרוקט אין וואַרשע, אין מאַי 1946, נאָכן צוריקקומען פון ראַטנפאַרבאַנד.

און דעריבער איז נויטיק: כסדר און הויך, בקול רם, צו איבערחזרן, אַז אַלע זאָלן דאָס גוט הערן, גוט פאַרשטיין און תמיד וועגן דעם טראַכטן: צווישן דעם לעבן, וועלכן מיר האָבן איבערגעלאָזט מיט ד יאָר צוריק, און דעם היינטיקן אונזערן לעבן, ליגט אַ ים פון בלוט, פון יידיש בלוט, ליגט אַן אָפּגרונט פון זעקס מיליאָן יידישע נפשות.

עס האָט אונז געטראָפן אַ שרעקלעכע, בלוטיקע קאַטאַסטראָפע, די גרעסטע אין אונזער לאַנגער, טויזנט־יעריקער געשיכטע. מיר האָבן פאַרלוירן כמעט 40 פּראָצענט פון אונזער מענטשן־באַשטאַנד. קוואַליטאַטיוו איז אונזער אבידה נאָך גרעסער. מיר האָבן פאַרלוירן די מאַסן פון יידישע יידן, די בעסטע און שעפערישע אין נאַציאָנאַלן זין. אונזער קאַטאַסטראָפע איז אומדערהערט נישט נאָר אין אונזער געשיכטע נאָר אויך אין דער וועלט־געשיכטע. עס זיינען אויפגעריסן געוואָרן אַ סך יסודות און דור־רות־לאַנגע זיילן פון אונזער נאַציאָנאַלן קיום. ווער עס מיינט, אַז מען קאָן היינט פּשוט אַריבערגיין איבער דער דאָזיקער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע צו דער ווייטער־דיקער טאָג־אָרדענונג און מען קאָן ממשיך זיין אונזער לעבן דאָרט, ווו עס איז אי־בערגעריסן געוואָרן אינעם יאָר 1939, דער האָט פּשוט קיין שום אַנונג נישט אָדער וויל עס נישט במזיד האָבן וועגן דעם געוואַלדיקן היסטאָרישן איבערברוך, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער יידישער ווירקלעכקייט און אין דער יידישער געשיכטע.

מיר וועלן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דעם וויכוח: יציאת אייראָפּע אָדער נישט יציאת־אייראָפּע. זאָלן די ציפערן, די אומברחמנותדיקע, פאַקטישע ציפערן, ריידן פאַר זיך און פאַר אונז. אינעם יאָר 1939 האָט דאָס אייראָפּעישע יידנטום געציילט כמעט 60 פּראָצענט פון גאַנצן וועלט־יידנטום, היינט אין יאָר 1946 ציילט עס קוים אַ פערטל פון וועלט־יידנטום. דאָס איז די קאָלאָסאַלע פאַרענדערונג, וואָס לאָזט זיך נומעריש פעסטשטעלן. פאַקטיש איז די ראָל פון אייראָפּעישן יידנטום היינט נאָך מער רעדוצירט געוואָרן, ווייל די 60 פּראָצענט פון יאָר 1939 זיינען צוליב דעם גרויסן נאַציאָנאַלן איכות־ווערט פון אייראָפּעישן יידנטום געווען אַ סך מער. דאָס לאָזט זיך בכלל נישט נומעריש פעסטשטעלן. אָבער שוין די נומערישע קאָלאָסאַלע פאַרענדע־רונג באַדייט אין דער יידישער ווירקלעכקייט און אין דער יידישער געשיכטע אַן אַנט־שיידנדיקן, געוואַלטיקן איבערברוך, וואָס ברענגט און מוז מיט זיך ברענגען אויסער־געוויינלעכע קאָנסעקווענצן אין אונזער יידישן לעבן.

יאָ יציאת אייראָפּע, נישט יציאת אייראָפּע, עס בלייבט אַ פאַקט: אייראָפּע האָט אויפגעהערט צו זיין דער קאָנטינענט פון רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק, זיין פירנדיקע ראָל אין דער יידישער געשיכטע איז אויסגעשפּילט. צי די צאָל פון יידן אין אייראָפּע וועט באַטרעפן דריי מיליאָן, ווי היינט, צי אַביסל מער אָדער ווייניקער, האָט נישט קיין באַדייטונג. מיר מוזן פעסטשטעלן און דאָס נעמען צו קענטעניש, אַז אין דער יידישער ווירקלעכקייט און אין דער יידישער געשיכטע באַקומען איצט צוויי נייע צענטרען די הויפּט־באַדייטונג און הויפּט־דעה. דאָס זיינען: 1) ארץ־ישראל, און 2) די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.

מיט דער נומערישער רעדוקציע איז אויך געקומען די געוואַלדיקע פאַרשמע־לערונג פון דער גייסטיקער נאַציאָנאַלער השפעה פון אייראָפּעישן יידנטום. עס זיינען מער נישטאָ די גרויסע יידישע ישובים אין אייראָפּע, און ווער קאָן היינט זיין אַזאַ פאַנטאַסטישער אָפּטימיסט צו גלויבן אין זייער ווידערגעבורט. עס איז זיכער אַ

טרויעריקע און טראַגישע פעסטשטעלונג, אַז די געשיכטלעכע ראָל פון אייראָפּע אין דער יידישערווירקלעכקייט און געשיכטע איז פאַרענדיקט. מיר זיינען געווען עדות פון גרויסן היסטאָרישן איבערברוך, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר אונזערע אויגן און מיר וועלן זיין עדות פון די געוואַלדיקע קאָנסעקווענצן, וואָס וועלן צוליב דעם, פריער אָדער שפּעטער, פאָרקומען אין יידישן לעבן. קיין שום אילוזיעס און קיין שום טרייסט־ווערטער קאָנען נישט ענדערן דעם היסטאָרישן איבערברוך, וואָס שטעלט און וועט שטעלן אונזער נאַציאָנאַלן קיום להבא אויף אַנדערע, נייע יסודות.

ס'איז שווער היינט געגנוי פאָרויסצוזען און פאָרויסצוזאָגן די נייע פאָרמען פון אונזער צוקונפטיקן נאַציאָנאַלן קיום. אָבער איינס איז און דאַרף זיין קלאָר פאַר יעדערן: דאָס יידישע לעבן פון יאָר 1939 קומט נישט מער צוריק! זאָל אונז דאָס טומלען זיך פון אונזערע פאַרטייען און זייער געזעלשאַפטלעכקייט נישט אַריינפירן אין אַ טעות. דאָס זיינען בלויז פּרוּוון, בעסערע אָדער ערגערע, געלונגענע און אומגעלומפּערטע, אויפצולעבן און באַנייען די אַלטע פאָרמען פון אַמאָליקע יאָרן פאַר 1939. קיין קיום וועלן די דאָזיקע אַלט־נייע פאָרמען נישט האָבן, ווייל זיי זיינען בלויז אַן אימיטאַציע פון אַ פאַרגאַנגענער תקופה, וואָס קומט נישט מער צוריק.

די אַלטע יידישע ווירקלעכקייט אין אייראָפּע איז אין בלוט און ליידן צעשטערט געוואָרן. די נייע ווירקלעכקייט איז נאָך נישטאָ. ס'איז איצט אַ בין־השמשות־צייט, אַן איבערגאַנגס־תקופה, ווען עס טומלען זיך נאָך די אַלטע איבערגעלעבטע פאָרמען פון אייראָפּעישן יידנטום, ווייל די נייע זיינען נאָך נישט פאַראַן. מיר וועלן דאָ נישט זאָגן נביאות וועגן די דאָזיקע צוקונפטיקע נאַציאָנאַלע לעבנס־פאָרמען פון אייראָפּעישן יידנטום, איינס איז אָבער קלאָר: מיר וועלן זיין בעיקר נעמער און נישט געבער. דאָס אייראָפּעישע יידנטום וועט נעמען פון ארץ־ישראלדיקן און אַמעריקאַנער יידנטום, סיי גייסטיק און סיי מאַטעריעל. די האָפענונגען פון אייראָפּעישן יידנטום להבא זיינען ווינציק, זייער קליין, אָבער אפשר דאָך וועט זיך לאָזן אַ געוויסע צייט ממשיך זיין די גאָלדענע קייט פון אייראָפּעישן יידנטום, הגם אין אַ שטאַרק־רעדוצירטער פאָרם און מיט דער הילף פון ארץ־ישראלדיקן און אַמעריקאַנער יידנטום.

די פראַגע פון צוקונפטיקן אייראָפּעישן יידנטום, ווי וויכטיק עס זאָל נישט זיין, איז עס דאָך בלויז איין פּראָבלעם פון דעם ברייטן און פאַרוויקלטן פּראָבלעמען־קאָמפּלעקס, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַרום דער אַלגעמיינער פראַגע: „און וואָס ווייטער, יידיש פאָלק?".

מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אַז ס'איז פאָרגעקומען אין דער יידישער ווירקלעכקייט און געשיכטע אַ טיפער היסטאָרישער איבערברוך, אַז דאָס אייראָפּעישע יידנטום האָט פאַרלוירן איר ביז־איצטיקע אָנפירנדיקע ראָל און אַז די קאָנסעקווענצן דערפון מוזן אַלץ מער בולט ווערן. איצט ווילן מיר זיך אָפּשטעלן אויף צוויי פראַגן, וואָס מאַטערן אַ סך פון אונז און גיבן אונז נישט קיין רו. די פראַגן זיינען: 1) צי האָט דאָס אייראָפּעישע יידנטום געקאָנט פאָרויסזען זיין חורבן, צי איז די קאַטאַסטראָפע געקומען פּלוצלונג, אומדערהאָפט? 2) צי איז די מוראדיקע יידן־קאַטאַסטראָפע נאָר מעגלעך געווען אין אייראָפּע, צי קאָן זי זיך נישט איבערחזרן אויך אין אַנדערע קאָנטינענטן?

בידוע, האָט זיך די בירגערלעכע און מענטשלעכע עמאַנציפּאַציע פון די יידן אין אייראָפּע אָנגעהויבן מיט דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין יאָר

1789. אָבער אַפילו נישט קיין גאַנצן יאָרהונדערט האָט געדויערט דער רעכטלעך־פּאָ־ליטישער אויפשטייג פון אייראָפּעישן יידנטום. די אידיליע פון דער יידן־עמאַנציפּאַ־ציע האָט זיך שנעל פאַרענדיקט. שוין אין די 70־ און 80־ציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט זאַמלען זיך אָן שוואַרצע וואָלקנס אויפן האָריזאָנט און ס׳ווייזן זיך שטורעם־צייכנס פאַר זיין קיום און צוקונפט. אַ כוואַליע פון בלוטיקע פּאָגראָמען נעמט אַרום די יידישע ישובים אינעם צאַרישן רוסלאַנד. ערשטע אַנטיסעמיטישע עקסצעסן קומען פאָר אין רומעניע, גאַליציע, אונגאַרן און אין אַנדערע לענדער. אינעם האַרץ פון אייראָפּע, אין דייטשלאַנד, שאַפט זיך אַ מכלומרשט־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור, וואָס פּריידיקט ראַסן־אַנטיסעמיטיזם. כמעט אומעטום אָרגאַניזירן זיך אַנטי־יידישע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און באַוועגונגען מיט אַ פאַרצווייגטער פּרעסע, פאָלקס־פאַ־ריינען, בענק, קאָאָפּעראַטיוון א. א. וו. ביים סוף פון נייַנצנטן יאָרהונדערט, הונדערט יאָר נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע וואָס האָט פּראָקלאַמירט די גלייכע מענטשן־רעכט פאַר אַלע און פאַר יידן בתוכם, ווערן די גאַסן פון פּאַריז אויפגע־שטורעמט פון אַ ווילדן אַנטיסעמיטישן המון, וואָס דעמאָנסטרירט עפנטלעך מיט לאָזונגען: „אַ טויט דרייפוסן, אַ טויט די יידן!“

מיט דער דאָזיקער דרייפוסיאַדע און וואַקסנדיקער אַנטי־יידישער באַוועגונג אין פראַנקרייך, האָט זיך אייגנטלעך פאַרענדיקט די תקופה פון יידן־עמאַנציפּאַציע אין אייראָפּע. זי האָט איר אָנהויב גענומען אין פּאַריז און זי איז נאָך אַ יאָרהונדערט פון אילוזאָרישער אידיליע, דאָרט, אין פּאַריז, פאַרענדיקט געוואָרן.

ווי האָט דאָס אייראָפּעישע יידנטום אויפגענומען די דאָזיקע שטורעם־צייכנס פון וואַקסנדיקן, נייעם אַנטיסעמיטיזם? מ׳קאָן אויף דעם קאַטעגאָריש ענטפערן: דאָס אייראָפּעישע יידנטום האָט בשום אופן נישט גענומען צו קענטעניש די נייע פאַקטן פון אַנטי־יידישן איבערברוך אין אייראָפּע. דאָס אייראָפּעישע יידנטום איז, ביז זיין מוראדיקער קאַטאַסטראָפע, בלינד, עקשנותדיק און פאַרביסן, טריי געבליבן דעם דאָזיקן באַשלוס. מ׳האָט דערקלערט די שטורעם־צייכנס נישט ווי אַן אָנ־הויב פון אַ וואַקסנדיקער כוואַליע פון אַ נייעם פּאָליטיש־ווירטשאַפטלעכן אַנטיסע־מיטיזם, נאָר ווי לעצטע, אָפּשטאַרבנדיקע אָפּקלאַנגען פון אַמאָליקער מיטלאַלטערי־שער שנאת ישראל. מ׳האָט זיך לייכט געטרייסט און זיך געוואָרפן בשלמות אין די אָרעמס פון אַ זיסן, באַצויבערנדיקן אָפּטימיזם, וועלכער האָט זיך אויסגעלאַכט פון די שוואַרצע, מיטלאַלטערישע געשפּענסטן פון אַנטיסעמיטיזם. מען האָט נישט צו־געלאָזט אפילו דעם געדאַנק, אַז אינעם יאָרהונדערט פון פּראָגרעס און בילדונג, פון דע־מאָקראַטיע און וויסנשאַפט, זאָל מעגלעך זיין די באַנייאונג פון ווילדן יידן־האַס. מ׳האָט געקוקט מיט האָפענונג און זיכערקייט אויף דעם מעכטיקן אייראָפּעישן לי־בעראַליזם, אויף דעם וואַקסנדיקן סאָציאַליזם, אויף דעם אויפשטייגנדיקן הומאַניטאַ־ריזם. נישט די אַנטיסעמיטישע פאָלקס־שטימונגען און באַוועגונגען האָט מען גע־וואָלט זען, נאָר די ליכטיקע געשטאַלטן פון חסידי אומות העולם, ווי זאָלאַ, בעבעל, טאָלסטאָי און אַנדערע. די שוואַרצע וואָלקנס און שטורעם־צייכנס, וואָס זיינען כסדר געוואַקסן אויפן האָריזאָנט פון אייראָפּעישן יידנטום, האָט מען אָפּגעפאַרטיקט מיט אַ פּאָר מליצות — און בטחון־פראַזן. און אַ רפואה האָט מען שנעל געהאַט ביי דער האַנט: מ׳דאַרף די פינצטערע, אָפּגעשטאַנענע מאַסן געבן גוטע רעפאָרמען און בראָ־שורן און בזה הדרך וועט מען ליקווידירן דעם אַנטיסעמיטיזם. דאָס אייראָפּעישע

יידנטום האָט זיך אַליין אָפּגענאַרט, באַוווסטזיניק אָפּגענאַרט, ווייל עס האָט געוואָלט בלייבן אָפּטימיסטיש פאַר יעדן פּרייז, און עס האָט בשום אופן נישט געוואָלט קוקן דעם טרויעריקן, טראַגישן אמת אין פּנים אַריין.

דעם דאָזיקן טרויעריקן און טראַגישן אמת האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, צו אַנטפּלעקן פאַר׳ן אייראָפּעיִשן יידנטום איינצלנע טיפע דענקער און נביאישע מנהיגים. באַלד נאָך די בלוטיקע יידן־פּאָגראָמען אין רוסלאַנד (אין די 80־קער יאָרן) דערשיינט די באַקאַנטע בראָשור פון ד״ר לעאָן פּינסקער: „אויטאָעמאַנצי־פּאַציע", וועלכע רעדט קלאָרע דיבורים און פאָדערט אויף די יידן צו מאַכן אַ סוף מיט די אילוזיעס פון עמאַנציפּאַציע, בכדי צו בויען אַן אייגן לאַנד און לעבן אויפן וועג פון זעלבסט־באַפרייאונג. אָבער די באַוועגונג פון חיבת ציון האָט בלויז אויף אַ מיניאַטור־אופן און אָן יעדן שווונג זיך באַמיט צו רעאַליזירן פּינסקערס אויטאָ־עמאַנציפּאַציע. טויב און בלינד איז געבליבן דאָס אייראָפּעיִשע יידנטום לגבי דעם מאָן־רוף פון רוסישן ייד ד״ר לעאָן פּינסקער און לגבי די פּרוּוון פון חיבת ציון.

צען יאָר שפּעטער, אין צוזאַמענהאַנג מיטן וואַקסנדיקן, מאָדערנעם אַנטיסעמי־טיזם אין אייראָפּע און דעם דרייפוס־שטורעם אין פראַנקרייך, דערשיינט טעאָדאָר הערצליס „יודענשטאַאט". מיט לאָגישע און האַרציקע אַרגומענטן רעדט הערצל צו זיין אומגליקלעכן, פאַרפאָלגטן יידישן פאָלק. ער רייסט אַראָפּ אומברחמנותדיק אַלע ליגנערישע מאַסקעס, ער צעשטערט אַלע נאַיוו־אָפּטימיסטישע אילוזיעס, ער שליידערט אַוועק אַלע שעדלעכע, זעלבסטמערדערישע איינרעדענישן און האָפענונגען. איין וועג בלייבט פאַר אונז יידן, איין איינציקער וועג פון רעטונג און דערלייזונג — דאָס איז די יידישע מלוכה. הערצל ווייזט אין זיין „יודנשטאַאט" אַ גענוי־פּרעציזירטן פּלאַן, ווי צו בויען במשך פון אַ פאַר יאָר־צענער אַ גרויסע יידישע מלוכה, וואָס וועט לייזן דעם יידישן פּראָבלעם. הערצל באַנוגנט זיך נישט בלויז מיט זיין געניאַלן „יודענ־שטאַאט"־פּלאַן, ער באַמיט זיך מיט זיין גאַנצן אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט, מיט זיין געוואַלדיקער ענערגיע און התלהבות, מיט זיין איבערגעגעבנקייט און אָפּפערוווי־ליקייט, צו רעאַליזירן, מיט אַ ברייטן פאַרנעם, אין מלוכהשן מאַסשטאַב, זיין דער־לייזונג־פּלאַן. די אַכט יאָרן פון הערצל׳ס פירערשאַפט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, זיינען איין תקופה פון כסדרדיקן, שטורמישן אויפברויז־רוף צום יידישן פאָלק וועגן בויען אַן אייגן לאַנד אין ארץ־ישראל. ס׳האָט ממש געברענט אונטער די פיס פון אונזער גרויסן, אומפאַרגעסלעכן מנהיג, וועלכער האָט מיט זיינע נביאישע אויגן געזען די שרעקלעכע, בלוטיקע קאַטאַסטראָפע, וואָס דערנענטערט זיך אומברחמנות־דיק, מיט יעדן יאָר אַלץ נעענטער צום אייראָפּעיִשן יידנטום.

געוואַלדיק־גרויס איז די היסטאָרישע לייסטונג פון הערצלען אין דער יידישער געשיכטע און יידישערווירקלעכקייט. אָבער דאָס אייראָפּעיִשע יידנטום איז נישט אויפגעטרייסלט געוואָרן, ס׳איז נישט אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיין באַקוועמען און זיסן אילוזיעס־חלום. ס׳איז ווייטער געבליבן בלינד און טויב. ס׳איז נישט באַהערשט געוואָרן פון דעם הייליקן אומרו־גייסט און נשמה־שטורעם, וואָס הערצל האָט זיך מיט אַלע כוחות און קרבנות באַמיט צו וועקן ביי אים. דאָס אייראָפּעיִשע יידנטום איז סוף־כל־סוף געגאַנגען צום ציוניזם, איז געגאַנגען צו אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל, אָבער פּאַוואָלי, לאַנגזאַם, מיט שוואַנקנדיקע פיס, פאַר׳חלומט אין אַלטע אי־לוזיעס, נישט אַנטשלאָפן צו אַ גרויסן היסטאָרישן איבערברוך, ווי הערצל האָט דאָס

פאַרלאַנגט און געמאָנט ביי זיין פאָלק. ס'איז געווען אַ וועג פון אַ לאַנגזאַמער דורות־לאַנגער עוואָלוציע, בעת הערצל האָט געשטורעמט וועגן אַ יידישער מלוכהשער רעוואָלוציע אין איין דור.

און דערווייל זיינען געוואַקסן אויפן האָריזאָנט פון אייראָפּעישן יידנטום די שוואַרצע וואָלקנס און די שטורעם־צייכנס. די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג אין אייראָפּע האָט אַרומגענומען אַלץ מער גרעסערע קרייזן און איר השפעה איז געשטיגן פון יאָר צו יאָר אין דער פּאָליטיק, אין דער ווירטשאַפט, אין דער פּרעסע און ליטעראַטור. די וועלט־מלחמה 1914־1918 האָט בולט דעמאָנסטרירט די אומזיכערקייט פון דער יידישער לאַגע אין אייראָפּע. באַלד נאָך דער מלחמה האָט זיך זייער פאַרשאַרפט די לאַגע פון די יידן אין גאַנץ מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע. די מוראַדיקע, בלוטיקע פּאָגראָמען־כוואַליע אין אוקראַינע און רוסלאַנד, האָט דאָס יידישע פאָלק געקאָסט הונדערטער טויזנטער קרבנות, אַ ים פון יידיש בלוט. גרויס זיינען געווען אונזערע קרבנות אויך אין אַנדערע לענדער פון מזרח־ און דרום־אייראָפּע. אין דייטשלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן א. א. וו. זיינען קיין מאַסן־פּאָגראָמען נישט געווען, אָבער ס'איז געוואַקסן כסדר די שנאת ישראל און די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג האָט אָפן און אַגרעסוו אַטאַקירט די יידישע ישובים. אַ כוואַליע פון פאַרשטאַרקטן, פאַרביסענעם אַנטיסעמיטיזם האָט באַהערשט גאַנץ אייראָפּע, בעת אין ארץ־ישראל האָבן זיך געעפנט, נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, נייע גרויסע מעגלעכקייטן און האָראָסקאָפּן. דאָס אייראָפּעישע יידנטום איז אָבער ווייטער געבליבן בלינד און טויב, ס'האָט נישט געפונען אין זיך דעם ווילן און דעם כוח צו אַ גרויסן איבערבּרוך, צו אַ געוואַלדיקן היסטאָרישן איבערבוי ערב דער נאָענטער קאַטאַסטראָפע.

דער היטלעריזם האָט געזיגט אין דייטשלאַנד און זיין השפעה האָט באַהערשט אַ גרויסן טייל פון אייראָפּע. די שנאת ישראל האָט אָנגענומען די שאַרפסטע, רוצחישע פאָרמען. היטלער און זיינע אָנהענגער, סיי אין דייטשלאַנד און סיי אין אַנדערע לענדער, האָבן קלאָר און דייטלעך געזאָגט און געשריבן, אַז זייער פּראָגראַם איז די פאַרניכטונג פון יידנטום. אָבער אפילו אין די לעצטע מאָמענטן, אין די לעצטע יאָרן פאַר דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך, שריט־נאָך־שריט דערנענטערט, איז דאָס אייראָפּעישע יידנטום, געבליבן מערקווירדיק פּאַסיוו, בלינד און טויב, ממש פּאַראַליזירט, אומפעיק צו אַ רעטונגס־איבערבּרוך, צו אַ היסטאָרישער, געוואַלדיקער הצלה. שוואַך, אָן אַ קלאָרן קאַמף־ווילן, פאַרפירט דורך אַלטע אילוזיעס און פאַנטאַזיעס, איז דאָס אייראָפּעישע יידנטום געגאַנגען צום אָפּגרונט. אַלע וואָרענונגען און אַלאַרמען פון איינצלנע יחידים, שרייבער און טוער, זיינען נישט דערגאַנגען צום מוח און האַרץ פון אייראָפּעישן יידנטום.

מיר זיינען געווען בלינד און טויב לגבי די אַלע שוואַרצע וואָלקנס און שטורעם־צייכנס, וואָס זיינען געוואַקסן אויפן האָריזאָנט פון אייראָפּעישן יידנטום, זייט לענגער ווי אַ דור. מיר האָבן נישט געוואָלט זען און מיר האָבן נישט געוואָלט הערן! מיר האָבן דערפאַר באַצאָלט דעם גרעסטן און בלוטיקסטן פּרייז!

צי האָט די מוראַדיקע, בלוטיקע קאַטאַסטראָפע געקאָנט פּאַסירן נאָר מיטן אייראָפּעישן יידנטום? צי זיינען די יידישע ישובים אין אַנדערע וועלט־טיילן זיכער, אין דער צוקונפט, מיט זייער קיום? — אָט דאָס זיינען די פראַגן, וואָס פייניקן אונז אָפּט און פאַרלאַנגען פון אונז אַ קלאָרע תשובה. מיר האָבן אויפגעוויזן, אַז די שרעק־

לעבע, היטלערישע קאטאסטראפע פונעם אייראפעישן יידנטום איז נישט געקומען פלונצלונג און ·אומדערהאפט. ס'איז געווען דער בלוטיקער סוף פון אונזער טראגע־דיע, וואס האט זיך אנגעהויבן בימי דרייפוס־אפערע. דאס אייראפעישע יידנטום איז אבער געבליבן טויב און בלינד לגבי די שטורעם־צייכנס, און האט אויסגלאכט „די פינצטערע נביאות פון ד"ר הערצל".

צי ווייזן זיך איצט אויפן האריזאנט פון די אויסער־אייראפעישע יידישע ישו־בים צייכנס, וואס קאנען אונז באומרואיקן בנוגע דער נאענטער צוקונפט פון דער יידישער אומה אין די גלות־לענדער? מיר ווילן זיך נישט אריינלאזן אין השערות און חקירות. מיר ווילן דא, קודם כל, בולט מאכן די פאקטישע דערשיינונגען און די ממשותדיקעווירקלעכקייט, אזוי ווי זי איז.

מיר לאזן דערווייל אין א זייט דאס ארץ־ישראלדיקע און דאס סאוויעטישע יידנטום. וועגן די דאזיקע וויכטיקע יידישע ישובים וועלן מיר נאך באזונדערס זיך אפשטעלן. די יידישע דיאספארא איצט, נאך דער קאטאסטראפע פון אייראפעישן יידנטום, האט זיך קאנצענטרירט בעיקר אין די אנגלא־זאקסישע לענדער, ד. ה. אין די לענדער, ווו עס הערשט די ענגלישע שפראך. צי זעען מיר איצט נאך דעם גרויסן נצחון פון דער קולטור־וועלט אינעם קאמף קעגן פאשיזם און היטלעריזם, סימנים פון וואקסנדיקן אנטיסעמיטיזם אין די דאזיקע ענגליש־ריידנדיקע לענדער? אביעק־טיוו, קאנען מיר דערויף ענטפערן: יא. ליידער, וואקסן די סימנים און די צייכנס פון אן אנטיסעמיטישער שטימונג סיי אין ענגלאנד, סיי אין צפון־אמעריקע, און סיי אין אנדערע ענגליש־ריידנדיקע מדינות. אוודאי איז דער דאזיקער אנטיסעמיטיזם א סך און א סך באהערשטער און אזוי צו זאגן „פיינער", ווי די שנאת ישראל אין פוילן, אין אונגארן, אין רומעניע א. א. וו. אבער פון דער לאנגער, ביטערער און טראגישער דערפארונג, וויסן מיר גאנץ גוט, אז דער טרייסט וועגן א „פיינעם" אנטי־סעמיטיזם איז גאר קיין טרייסט נישט. מיר האבן שוין נישט איינמאל געזען, ווי פון דעם „פיינעם" אנטיסעמיטיזם איז געווארן א ווילדער, כוליגאנישער מארד־אנטיסע־מיטיזם. פאר אונזערע אויגן זיינען דאך די קליינע, נישט־ערנסטע סימנים פון א גע־זעלשאפטלעך־פאליטישן אנטיסעמיטיזם אויסגעוואקסן צו א שרעקלעכן, בלוטיקן מבול, אין וועלכן 6 מיליאן אונזערע ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען.

און צוליב דעם, מוזן מיר ערנסט און וויטזעעוודיק זיך באציען צו די סימנים און סימפטאמען פון וואקסנדיקן אנטיסעמיטיזם אין די ענגליש־ריידנדיקע לענדער. וואס פארא אביעקטיווע באדינגונגען שאפן זיך אין די דאזיקע לענדער פארן פאר־קלענערן און אפשוואכן זיך אדער פארן פארגרעסערן און פארשארפן זיך פון אנטיסע־מיטיזם? צי זיינען די דאזיקע סימנים און סימפטאמען בלויז א פועל־יוצא פון דער היטלעריסטישער כוואליע, וואס איז אין דער מלחמה באזיגט געווארן און וועט, פריער אדער שפעטער, זיך מוזן ליקווידירן? אדער, זיינען דאס סימנים און סימפטאמען, וואס זאגן אן שטורעם־צייכנס אויפן האריזאנט פונעם יידישן קיום אין די דאזיקע לענדער?

אלע ידיעות, וואס קומען אן היינט פון ענגלאנד, דערציילן וועגן ערנסטע סימפ־טאמען פון וואקסנדיקן אנטיסעמיטיזם. די פאשיסטיש־אנטיסעמיטישע ארגאניזא־ציעס באנייען ווידער זייער טעטיקייט. מיליאנען ענגלישע סאלדאטן וואס האבן אקופירט דייטשלאנד און איינגעזאפט דעם היטלערישן „גייסט", קומען ווידער צוריק

אהיים און ברענגען מיט זיך אַנטיסעמיטישע נייגונגען און לאַזונגען. די פאַרשאַרפטע באַציונגען צווישן ענגלאַנד און די יידן אינעם קאַמף װעגן ארץ־ישראל, שאַפן אויך אַ גינסטיקן באָדן פאַר דער גיפטיקער אַנטי־יידישער אַטמאָספערע און אַגיטאַציע. בעווינס אַנטיסעמיטישער אַרויסטריט אויף דעם צוזאַמענפאַר פון דער ענגלישער אַר־בעטער־פאַרטיי איז נאָר מעגלעך געווען אין דער דאָזיקער פאַרגיפטעטער אַטמאָס־פערע. וועלכע האָראָסקאָפּן דערוואַרטן דאָס ענגלישע יידנטום? די סאָציאַל־פּאָליטישע לאַגע פאַרשאַרפט זיך אין לאַנד, מיליאָנען ענגלישע סאָלדאַטן וועלן זיך דעמאָביליזירן. צי וועט דער יידישער ישוב אין ענגלאַנד, וואָס איז פאַרמעגלעך און איינפלוס־רייך, נישט אַרויסרופן קנאה ושנאה, צי וועט די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג אין ענג־לאַנד נישט וואַקסן און פאַרשאַרפן די לאַגע? הלוואי זאָלן מיר זיין פאַלשע נביאים, און אונזערע פעסימיסטישע האָראָסקאָפּן זאָלן זיך אַרויסווייזן לגמרי איבערגעטריבן!

אָבער נישט דער ישוב אין ענגלאַנד איז דער עיקר, הגם ער איז גענוג וויכטיק. אַמעריקע, צפון־אַמעריקע, די פאַראייניקטע שטאַטן — אָט דאָס איז איצט, נאָכן חורבן פון אייראָפּעישן יידנטום, דער צענטראַל־פּונקט פון אונזער יידישן קיום, מחוץ ארץ־ישראל. ווי זעט דאָרט אויס די לאַגע פון יידישן, פינף־מיליאָניקן קיבוץ? צי זיינען דאָרט פאַראַן סימפּטאָמען פון אַנטיסעמיטיזם און ווי זיינען די האָראָסקאָפּן אויף להבא?

לײדער, קומען אויך פון אַמעריקע נישט קיין גוטע בשורות. די סימנים פון וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם פאַרמערן זיך פון טאָג צו טאָג. אָט לייענען מיר וועגן אַן אַנקעטע צווישן אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אין דייטשלאַנד, וואָס איז אַ סימן מובהק, ווי ווייט דער אַנטיסעמיטישער גיפט איז אַריינגעדרונגען אין דעם מוח און הארץ פונעם אַמעריקאַנער „באָי". אָט ברענגט אונז די אַמעריקאַנער פרעסע ידיעות וועגן אַנטי־יידישע אויפטריטן און אינצידענטן. לויטער קליינע פּרטים און נישט ערנסטע פּאַסירונגען. אָבער פון די קלייניקייטן הויבן זיך אָן גאָר וויכטיקע און ערנסטע ענינים. די מיליאָנען אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, וואָס זיינען היינט אַנטי־יידיש באַאיינ־פלוסט, וועלן מאָרגן צוריקקומען קיין אַמעריקע און שאַפן די אַטמאָספער אַרום זיך. דערווייל זיינען די אַמעריקאַנער יידן גלייכבאַרעכטיקטע בירגער אין לאַנד. פאַראַן נאַטירלעך אין די פאַראייניקטע שטאַטן געוויסע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע דיסקרי־מינאַציעס לגבי יידן. אָבער נישט נאָר לגבי יידן, נאָר אויך לגבי סלאַוון, איטאַליענער, קאַטאָליקן און קודם־כל לגבי נעגער. יידן זיינען נישט אַממייִנסטן באַוועלט, גראָד להיפּוך. די צרה איז נאָר די, וואָס די יידן פאַרנעמען אַ סך אַ העכערע מדרגה אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן, ווי די סלאַוון און איטאַליענער (פון די נעגער שוין אָפּגערעדט!), און רופן אַרויס ביי די נישט־יידישע שכנים אַ געפיל פון קנאה ושנאה. דערווייל זיינען די ביזנעס פון אַמעריקע נישט שלעכט, די עקאָנאָמישע מלחמה־קאָניונקטור דויערט ווייטער און דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער פּראָספּערירט. וואָס וועט אָבער געשען, ווען די קאָניונקטור וועט אַ סוף נעמען און אַרבעטסלאָזיקייט און נויט וועלן זיך אָנהויבן צו פאַרשפּרייטן צווישן די אַמעריקאַנער פאָלקס־מאַסן? צי זעט מען נישט די וואַקסנדיקע פּאָטענציאַלע סכנות, וועלכע באַדראָען דעם קיום פון אַמעריקאַנער יידנטום? נישט פּאַניק זיינען מיר אויסן אַרויסצורופן מיט די דאָזיקע אונזערע אויספירונגען, נאָר חשבון הנפש און קלאָרע אָפּשאַצונג פון דער לאַגע, הגם דאָס קאָן פאַרשאַפן עגמת־נפש און זאָרג.

דאָס אייראָפּעישע יידנטום האָט באַצאָלט אַ שרעקלעך־טראַגישן און בלוטיקן פּרייז פאַר זיין בלינדן, אילוזאָרישן אָפּטימיזם. דאָס איז געווען פאַרן יידישן פאָלק אַ מוראדיקע היסטאָרישע לעקציע, וואָס האָט אונז אָפּגעקאָסט אַ ים פון בלוט און אַ ריזיקן מענטשלעכן און עקאָנאָמישן פאַרלוסט. די יידישע ישובים אין די ענגליש־רעדנדיקע לענדער, די גאַנצע יידישע דיאַספּאָראַ, די יידישע אומה אַלס אַן אָרגאַני־זירטער כוח — יעדע באַזונדער און אַלע צוזאַמען, טאָרן מער נישט דערלאָזן צו דער איבערחזרונג, און זאָל עס זיין אפילו אין אַ קלענסטן מאָסשטאַב, פון דער טראַגעדיע פון אייראָפּעישן יידנטום. מען דאַרף וועגן דעם טראַכטן נישט דעמאָלט ווען עס איז שוין צו שפּעט, ווען די קליינע סימנים און סימפּטאָמען האָבן זיך שוין אַנטוויקלט צו אַ מוראדיקן פאַרניכטונגס־שטורעם! מען דאַרף עס טאָן באַלד אין אָנהויב, כל זמן עס איז נישט צו שפּעט.

מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אַז 1) דאָס אייראָפּעישע יידנטום האָט במשך פון אַ לאַנגן דור דורכגעלעבט אַ בסדר־וואַקסנדיקע כוואַליע פון אָנגרייפנדיקן אַנטיסע־מיטיזם, נישט־ציענדיק דערפון די נויטיקע קאָנסעקווענצן; 2) די מוראדיקע קאַ־טאַסטראָפע פון אייראָפּעישן יידנטום צווינגט אונז איצט צו אַ באַזונדערער פאָרזיכ־טיקייט אין אָפּשאַצן פון דער יידישער וועלט־לאַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט די וואַקסנ־דיקע אַנטיסעמיטישע טענדענצן אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער; 3) די דאָזיקע אָפּ־שאַצונג האָט אונז געבראַכט צו אַ פּעסימיסטישן פּראָגנאָז לגבי דעם עתיד פון די יידישע ישובים אין ענגלאַנד און אַמעריקע.

מיר האָבן אָפן און אויפריכטיק געמאַכט אונזער חשבון־הנפש וועגן דעם עבר, ווילנדיק, אַז די פראַגע פון אונזער נאָענטער צוקונפט זאָל קלאָר און דייטלעך בולט ווערן. אונזער איצטיקער הווה איז נישט מער ווי אַ בריק צווישן דעם עבר און דעם עתיד. מיר ווילן, אַז די דאָזיקע בריק זאָל געבויט ווערן אויף שטאַרקע, רעאַלע יסו־דות, אָן די ביז־איצטיקע אילוזיעס און איינרעדעניש. מיט יעדן טאָג ווערט פאַר אונז אַלץ פעסטער קריסטאַליזירט דער מעכטיקער און טיפער פּסיכאָלאָגישער איבער־ברוך, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער יידישער פאָלקס־נשמה. די בלוטיקע, שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעישן יידנטום האָט אויפגעטרייסלט און איבערגעאַנדערשט די יידישע פאָלקס־מאַסן. אונטער די חורבות זיינען באַגראָבן געוואָרן די דורות־לאַנגע אילוזיעס וועגן אומות העולם, זייער גוטסקייט, זייער עמאַנציפּאַציע, זייער אמונה און ישועה. דער יידישער פאָלקס־מענטש גלויבט היינט נאָר אין איין דערלייזונג, אין זיין אייגענער זעלבסט־דערלייזונג. פון דעם נעמט זיך דער וווּנדערבאַרער, העל־ראָישער, כמעט איבערמענטשלעכער דראַנג פון דער יידישער שארית־הפּליטה אין אייראָפּע אויף זיין וועג קיין ארץ־ישראל. די טראַגישע סצענעס, וואָס קומען פאָר כמעט יעדן טאָג ביי די ברעגעס פון ארץ־ישראלדיקן ים, זיינען נישט נאָר אַ באַווייז פאַר דער טעמפּער רשעות פון די ענגלישע מושלים, נאָר זיי זיינען אויך אַ ווונדער־באַרע, העראָישע קדוש־השם־אַנטפּלעקונג פון דעם טיפן, געוואַלדיקן איבערברוך, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער נשמה פון יידישן פאָלק.

ס׳זיינען פאַראַן נאָך היינט יידישע שרייבער און טוער, וואָס האַלטן, אַז מיר דאַרפן היינט שטיין ביים קבר פון די זעקס מיליאָן יידן אין אייראָפּע, מיט אַראָפּגע־לאָזטע קעפּ און מיט אַ שווייגנדיקן טרויער. ווען די ציוניסטישע מחנה האָט במשך פופציק יאָר געוואָרנט דאָס יידישע פאָלק, אָנווייזנדיק דעם איינציקן וועג פון רע־

טונג, האָבן די דאָזיקע מענטשן אײַנגעשלעפּערט די יידישע פּאָלקס־מאַסן מיט פּוסטע חלומות און פּאַטעטישער פראַזעאָלאָגיע. הײַנט הייסן זיי אונדז שווייגן! מיר וועלן אָבער נישט שווייגן! מיר באַזיצן טעאָדאָר הערצלס צוואה, און דאָס איז אונדזער אייג־ציקער וועג־ווייזער. די ציוניסטישע מחנה האָט במשך צענדליקער יאָרן אַליאַרמירט דאָס יידישע פאָלק. די אַליאַרמען זיינען נישט געווען אויסגעטראַכטע! מיר וועלן ווייטער אַליאַרמירן דאָס וועלט־יידנטום, דערקלערנדיק, נאָך העכער און קלאָרער ווי ביז איצט: זייט וויסן יידישע קיבוצים ווו איר זייט נאָר, אַז אייער קיום איז געבויט אויף שוואַכע און אומזיכערע יסודות אַזן נאָר אַ יידישע מלוכה, אַ שטאַרקע יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל קאָן גאַראַנטירן אייער זיכערקייט און שוץ אויף להבא.

מיר וויסן, אַז די וועלט־קאָניונקטור איז הײַנט קעגן אונדז. מיר לעבן אין אַ וועלט, ווו ממשותדיקע, ברוטאַלע כוחות דעציידירן. מיר זיינען הײַנט אַ מוראַדיק אויסגעבלוטיקט פאָלק, טיף אָפּגעשוואַכט און באַליידיקט. זיי — די אומות העולם האָבן מעכטיקע אַרמייען מיט אַ קאָלאָסאַלער באַוואָפענונג, און מיר האָבן בלויז געדערעכטע טענות ומענות. זיי האָבן אַ רוצחישע, צינישע דיפּלאָמאַטיע, וואָס קויפט און פאַרקויפט, ווי מאַרק־סחורה, לענדער און פעלקער, און מיר האָבן בלויז פאַרוויינטע אויגן און פאַריאושטע הערצער. זיי האָבן אונדז אַריינגענומען אין אַ פאַרשאָלטענעם כישוף־קרייז פון אַנטיסעמיטישע רדיפות און גזירות, פון ציר־נישע עצות און קלעפּ, פון לאַגערן, וואָס ציען זיך פון דייטשלאַנד ביז ציפּערן, פון ענגליש־אימפּעריאַליסטישער מאַכינאַציע און אַראַבער־אויפהעצונג. און מיר, דאָס אַלטע שווער־אויסגעפּרוווטע, אויסגעבלוטיקטע, פאַרפּייניקטע און באַליידיק־טע פאָלק ישראל, האָבן בלוי דעם כוח, דעם געוואַלדיקן כוח פון ריקזיכטלאָזן יאוש און איבערמענטשלעכער פאַרצווייפלונג.

יאָ, דאָס איז אַ געוואַלדיקער כוח, וואָס שאַפט וווּנדער פון העראָישקייט, פון קאַמף־אַקטיוויטעט און פון מסירת־הנפש. דערמאָנט אייך די אומפאַרגעסלעכע ווער־טער פון ח. נ. ביאַליק: „רק במקום שיש בו הרגשה, כי אין מוצא — שם יש מסירת נפש”. („נאָר דעמאָלט ווען ס'שאַפט זיך דאָס געפיל, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין אויסוועג, דעמאָלט איז דאָ מסירת־נפש”).

דאָס, וואָס קומט איצט פאָר אין דער יידישער ווירקלעכקייט, איז אַ באַווייז פאַר דער וואַקסנדיקער פּאָטענציעלער מאַכט אינעם קאַמף פאַר דעם קיום פון דער יידי־שער אומה און מלוכה. די דריי־טויזנט־יעריקע געשיכטע פון דער יידישער נאַציע האָט באַוויזן די וווּנדערבאַרע סגולה צוצופּאַסן און איבערצובויען דעם קיום פון פאָלק אויף נייע באַדינגונגען און יסודות. ווען מיט צוואַנציק יאָרהונדערטער צוריק איז חרוב געוואָרן אונדזער מלוכהשקייט, האָט דער יידישער געניוס געפונען נייע יסו־דות פאַר זיין נאַציאָנאַלן קיום. ווען מיט אַ דור צוריק אין 19־טן יאָרהונדערט, האָבן זיך פאַרשאַרפט די סימפּטאָמען פון אָנוואַקסנדיקן אין אייראָפּע אַנטיסעמיטיזם, זיי־נען גלייכצייטיק, ווי אַ וווּנדערבאַרער הצלה־וועג, דערשינען: די עמיגראַציע קיין אַמעריקע און די קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל. איצט, ווען די יסודות פון אונדזער גלות־קיום ווערן אויפגעטרייסלט, איז געקומען דער מאָמענט פון שיבת־ציון, פון אַ באַנייטער נאַציאָנאַלער און מלוכהשער עקזיסטענץ אין ארץ־ישראל. די גע־שיכטע פון אונדזער פאָלק האָט אירע געזעצן, אָפט פאַרנעפּלטע און סודותפולע, וואָס דערשיינען ווי אַ וווּנדער. אין יסורים און קאַמף האָט זיך אונדזער נאַציאָ־

נאַלער קיום איבערגעבויט נישט איינמאָל, שאַפנדיק אַ נייע באַזע פאַר דעם קיום־האומה. אויך איצט קומט דאָס פאַר אין מוראדיקע יסורים און קאַמף־ראַנגלענישן. אונזער דור, דער שווער־געליטענער און בלוטיק־פאַרפייניקטער, מוז גובר זיין די טראַגישע חבלי־גאולה. מיט דער דאָזיקער שטאַרקער יידישער האָפענונג טרעטן מיר אַריין אויף דער שוועל פון אַ נייער תקופה, וואָס זאָל ענדלעך שוין פאַרענדיקן די תקופה פון חבלי־גאולה און ברענגען דעם אָנהויב פון דער גאולה אַליין.




„אויף די ימים זיינען צעשפּרייט די פּאָנען־טרעגער פון דער יידן־נויט. זיי וועלן נישט צולאָזן, אַז די טויערן פון ארץ ישראל זאָלן צוגעמאַכט ווערן. זיי וועלן נישט דערלויבן, אַז דאָס וועלט־געוויסן זאָל זיך באַרואיקן. דער יידישער פּליט גייט בראש פון פראָנט און מיר אַלע מוזן מיט אים מיטקעמפן אין זיין קאַמף!".
בערל קאַצענעלזאָן

# טעאָדאָר הערצל

## (צו זיין 43־סטער יאָרצייט)

אין דער נייער יידישער געשיכטע האָט פּאַריז, די הערלעכע אייראָפּעישע מעט־ראָפּאָליע, פאַרנומען גאָר אַ וויכטיקן פּלאַץ. דאָ האָט די גרויסע פראַנצויזישע רע־וואָלוציע פּראָקלאַמירט, ביים סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, די בירגערלעכע און מענטשלעכע גלייכבארעכטיקונג פונעם ייד, צום ערשטן מאָל זינט דעם חורבן ירו־שלים. דאָ, אין פּאַריז, איז מיט הונדערט יאָר שפּעטער, געבוירן געוואָרן דער מלוכה־שער, יידן־שטאַאַטלעכער ציוניזם פון טעאָדאָר הערצל.

ביים אָנהויב פון זיינע באַרימט־געוואָרענע „טאָג־ביכער״, שרייבט הערצל אין פרילינג פון יאָר 1895 : „אין פּאַריז איז מיין באַציונג צום אַנטיסעמיטיזם געוואָרן טיפער און אָביעקטיווער, איך האָב אים אָנגעהויבן צו פאַרשטיין היסטאָריש״. פּאַ־ריז איז געווען דעמאָלט, ביים סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, נישט נאָר די שענסטע און הערלעכסטע שטאָט. זי איז גלייכצייטיק געווען דער סימבאָל פון פרייהייט, גלייכ־הייט און ברידערלעכקייט. ווי די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ, האָט אויך טעאָדאָר הערצל טיף און ערלעך געגלויבט אין דעם דאָזיקן סימבאָל, אויף וועמענס מזבח מ׳איז מקריב געווען אַלע יידישע הייליקטימער. ווי הייגריך היינע און זיין דור, האָט אויך די שפּעטערדיקע גענעראַציע פון דער יידישער אינטעליגענץ, ביים סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט, אַוועקגעוואָרפן דאָס אייגענע פאָלק און דעם אייגענעם דת, פאַרכישופט דורך דעם גלענצנדיקן סימבאָל פון אַלמענטשלעכער פרייהייט, קולטור און ציוויליזאַציע.

אין פרילינג פון יאָר 1895 איז דער דאָזיקער סימבאָל, דאָ אין פּאַריז, לגמרי ביזן יסוד, חרוב געוואָרן, פאַר די אויגן פון טעאָדאָר הערצל. די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע, אין צוזאַמענהאַנג מיטן דרייפוס־פּראָצעס, האָט הערצל׳ס נשמה טיף דער־שיטערט. מיט ווייטיק און פיין שרייבט ער דעמאָלט : „דער געשריי : נידער מיט די יידן ! איז געוואָרן אַ קאַמפס־לאָזונג. און ווו ? אין פראַנקרייך. אין דעם רעפּובליקאַ־ניש־מאָדערנעם, ציוויליזירטן פראַנקרייך. הונדערט יאָר נאָך דער דעקלאַראַציע פון די מענטשן־רעכט ! אויב אַזאַ פּראָגרעסיוו, הויך־ציוויליזירט פאָלק קאָן דערצו קומען, וואָס דאַרף מען שוין דערוואַרטן פון אַנדערע פעלקער, וואָס היינט שטייען זיי נאָך נישט אויף דער מדרגה, אויף וועלכער די פראַנצויזן זיינען געשטאַנען מיט הונדערט יאָר צוריק״.

דער אַלטער סימבאָל פון יידן־עמאַנציפּאַציע און אַסימילאַציע איז דעמאָלט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, צוזאַמענגעבראָכן, און מיט אים האָבן געפּלאַצט

אַלע אילוזיעס, וואָס האָבן אַזוי געגלאַנצט און פאַרכישופט. אויף די דאָזיקע חורבות האָט טעאָדאָר הערצל פּראָקלאַמירט זיין נייע אמונה פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַפרייאונג אויפן וועג פון אַן אייגענער יידישער מלוכה. אין שווערע אינערלעכע קאַמפן און גייסטיקע יסורים איז געבוירן געוואָרן „דער יודענשטאַאַט".

דער עלעגאַנטער ווינער שריפטשטעלער, וועלכער האָט באַצויבערט מיט זיין אויסערלעכער שיינקייט און אינערלעכער גייסט־עשירות, איז פּלוצלונג, איבער נאַכט, געוואָרן אַ נביא און מוכיח. דער יונגער, טאַלאַנטפולער, פאַרמעגלעכער און גליקלעכער לעבנס־געניסער האָט דאָ אין פּאַריז פּלוצלונג דערפילט אין זיך די געשיכטלעכע שליחות אין דינסט פון זיין פאָלק. דער גורל פון אַ נאַציע און פון אַ יחיד האָט זיינע געהיימנישן, מ'ווייסט אָפט נישט זיינע גזעצן און מ'קען נישט זיינע באַשטימונגען. די השגחה עליונה האָט טעאָדאָר הערצלען לגמרי באַהערשט מיט איר מעכטיקן ווילן, און זי האָט אים געפירט, ווי אַ פאַרכישופטן, אויפן וועג, וואָס איז געוואָרן זיין און אונזער גורל. מיט אַן איבערמענטשלעכער קרבנות־פולער התלהבות נעמט אויף זיך הערצל די דאָזיקע היסטאָרישע שליחות. אויף איר מזבח איז ער מקריב ריקזיכטסלאָז און בשלמות אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט: זיין איידעלע נשמה און זיין גרויסן שריפטשטעלערישן טאַלאַנט, זיין יוגנט און זיין כוח, זיין לעבנסלוסט און זיין פאַמיליע־גליק, זיין רו און פאַרמעגן. ער טוט דאָס באַוווסטזיניק. באַלד, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן „יודענשטאַאַט" אין זומער 1895, שרייבט ער אין די „טאָגביכער" פאָלגנדיקע ווערטער: „איך גלויב, אַז ס'האָט זיך אויפגעהערט פאַר מיר דאָס לעבן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די היסטאָריע!".

טעאָדאָר הערצל איז נישט געווען דער ערשטער מאָדערנער ציוניסטישער לערער. שוין פאַר אים האָבן משה העס און ד"ר לעאָן פּינסקער געוויזן דעם וועג צו זעלבסט־באַפרייאונג דורך אַ יידישער מלוכהשקייט. אָבער הערצל איז געווען מער ווי אַ טעאָרעטיקער און אַ לערער. ער איז געוואָרן דער גרויסער מנהיג און דער נביא, וועלכער האָט אין דער יידישער געשיכטע געשאַפן אַ נייע תקופה, אַ נייע היסטאָרישע עפּאָכע פון נאַציאָנאַל־מלוכהשער דערלייזונג. זיין „יודענשטאַאַט" איז געווען בלויז דער אָנהויב פון אַ ריזיקער, כמעט איבערמענטשלעכער אַרבעט און ווירקונג. ציוניסטישע פּרעסע און אינסטיטוציעס, דער קאָנגרעס און די וועלט־אָרגאַניזאַציע — דאָס אַלץ איז געשאַפן געוואָרן מיט הערצלס גייסט און מי, קעגן אַ וועלט פון שונאים, בייזוויליקע קעגנער און נאַרישע שטערער. סך הכל אַכט יאָר האָט הערצל אָנגעפירט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און דאָך האָט ער אויפגעבויט אַ ריזן־ווערק, וואָס האָט געדאַרפט האָבן אַן אַרבעט פון לאַנגע יאָרצענטער.

„די יידישע מלוכה איז אַ וועלט־באַדערפעניש, זי וועט לכן מוזן אַנטשטיין" — דערקלערט הערצל אין זיין „יודענשטאַאַט", און ער וויל דאָס רעאַליזירן תיכף ומיד. די חובבי־ציון האָבן זיך צוגעפּאַסט צו אַ לאַנגזאַמער, עוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג, באַרעכנט אויף אַ פּאָר דורות. הערצל וויל במשך פון איין דור דורכפירן די ליקווידאַציע פון גלות און דעם אויפבוי פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל. ער פאַרלאַנגט אַ ריזן־שנעלן, רעוואָלוציאָנערן טעמפּאָ. אַנדערע יידישע פאָלקס־פירער, טעאָרעטיקער, היסטאָריקער און געלערנטע דיאַלעקטיקער האָבן באַטראַכט די יידישע צוקונפט אַלס אַ לאַנגזאַמע אַנטוויקלונג, זיי האָבן געהאַט אַ סטאַטישן צוגאַנג און האָבן געשטעלט סטאַטישע האָראָסקאָפּן. הערצל איז באַהערשט געווען פון אַ דינאַמישער

לײדנשאַפֿט און מיט אַ טיפֿער, נביאישער אינטואיציע װעגן דעם שרעקלעכן שטורעם, װאָס דערנענטערט זיך צום ייִדישן פֿאָלק און באַדראָט אונזער קיום אין דער נאָענט־סטער צוקונפֿט. דאָגמאַטיקער און קורצזיכטיקע פּאַרטײ־אידעאָלאָגן האָבן געלאַכט פֿון ד״ר הערצל׳ס שװאַרצע נביאות. דער באָדן פֿון ייִדישן קיום. האָט גע־ברענט אונטער די פֿיס פֿון גרויסן מנהיג, װעלכער האָט מיט אַלע מיטלען, געפּרוּװט צו ראַטעװען אונזער לעבן. װען הערצל איז, אין יאָר 1903, נאָכן קישיניעװער פּאָג־ראָם, געװען אין רוסלאַנד, האָט ער מיט װײטיק אויסגערופֿן צו די פֿירער פֿון רוסישן ייִדנטום: „װי קאָנט איר אַזוי לעבן?״. צוריקפֿאָרנדיק פֿון רוסלאַנד צום זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, צו זײן לעצטן קאָנגרעס, האָט זיך הערצל כּסדר איבערחזרט דאָס רוסישע װאָרט „סקאָרעי״ — שנעלער. דער גרויסער ציוניסטישער מנהיג און נביא האָט פֿאַר זײנע אויגן געזען דעם שרעקלעכן חורבן, װאָס דערנענטערט זיך אומ־ברחמנותדיק. ער האָט אָרגאַניזירט און אַגיטירט, געװאָרנט און גערופֿן דאָס ייִדישע פֿאָלק צו אַ גיגאַנטישער און שנעלער אויפֿטרײסלונג, װאָס האָט געדאַרפֿט ראַטעװען אונזער עתיד.

לײדער איז דאָס געװען אַ קול קורא במדבר. נאָר קלײנע גרופּן פֿון ייִדישן פֿאָלק זײנען נאָכגעגאַנגען דעם רוח פֿון טעאָדאָר הערצל. די גרויסע אָרטאָדאָקסיש־רעלי־גיעזע מאַסע מיט אירע רבנים און רביים איז געבליבן לגמרי פּאַסיװ, מײסטנס אפֿילו פֿײנטלעך געשטימט לגבי הערצל׳ן און זײן באַװעגונג. מ׳האָט געװאַרט אויף ביאת המשיח. דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס האָט װידער געװאַרט אויף זײן „משיח״ און האָט שאַרף און ריקזיכטסלאָז באַקעמפֿט דעם ציוניזם, אַלס אַ רעאַקציאָנער־בור־זשואַזע אילוזיע. דאָס ייִדישע בירגערטום האָט געמאַכט גוטע געשעפֿטן און האָט נישט געהאַט קײן צײט און קײן הארץ פֿאַר „ראָמאַנטיק״. דער גרעסטער טײל פֿון דער ייִדישער פּלוטאָקראַטיע און פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ האָט אין דער אַסי־מילאַציע געזוכט אַ לײזונג פֿון דער אײגענער ייִדן־פֿראַגע. גרויסע טײלן פֿון ייִדישן פֿאָלק זײנען לגמרי פֿאַרנומען געװען מיט זײערע פּערזענלעכע ענינים און ביזנעס און האָבן זיך נישט אינטערעסירט מיט דער „פּאָליטיק״.

און אַזוי איז עס געקומען, אַז דער גרעסטער ייִדישער מנהיג און נביא זינט דעם חורבן ירושלים, איז אַרומגעגאַנגען צװישן אונז נישט־אָנערקענט און נישט־אויסגע־הערט. הײנט פֿאַרענטפֿערט מען זיך: „װער האָט דאָס אַלץ געקאָנט פֿאָראויסזען?״. אָבער הערצל האָט דאָס פֿאָראויסגעזען און פֿאָראויסגעזאָגט, נאָר דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט אים נישט געװאָלט הערן און נישט געװאָלט פֿאַרשטײן.

שמעון דובנאָװ, דער באַרימטער ייִדישער היסטאָריקער, װעלכער האָט געהאַט אַ נעגאַטיװע שטעלונג צו הערצלס מלוכה־ציוניזם, שרײבט אין זײן נײסטער ייִדישער געשיכטע: „די לעצטע צען יאָר האָט הערצל לגמרי אָפּגעגעבן אין דינסט פֿון ייִדנ־טום. די דאָזיקע יאָרן האָט ער נישט געלעבט, נאָר געברענט. טעאָדאָר הערצל איז פֿאַרברענט געװאָרן אויפֿן מזבח, װאָס ער אַלײן האָט פֿאַר זיך אויפֿגעשטעלט. די משא פֿון משיח־אויפֿגאַבע, װעלכע ער האָט אויף זיך גענומען, האָט אים אונטער זיך דערדריקט״.

הײנט, אין יאָר 1947, האָבן מיר נישט װאָס צוצוגעבן צו די דאָזיקע װערטער, װאָס זײנען געשריבן געװאָרן מיט דרײסיק יאָר צוריק. מיר האָבן שטאַרק געזינדיקט לגבי הערצל׳ן און זײן תּורה און נבואה. ס׳איז שױן די צײט, די העכסטע צײט, אַז

דאָס יידישע פאָלק זאָל זיך באַהעפטן מיט הערצל'ס גראַנדיעזן מלוכה־געדאַנק, מיט זיין הערלעכן שוווּנג און מיט זיין טיפן, ערלעכן ענטוזיאַזם.

פּאַריז, כ׳ תמוז תש״ז



הערצלס לעצטע פאָטאָגראַפיע

# דער יובל פון יידישן סאָציאַליזם

גלייכצייטיק מיטן 50־יאָריקן יובל פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, איז זיך צונויפגעפאַלן דער 50־יאָריקער יובל פון יידישן סאָציאַליזם. אין אויגוסט 1897 איז, כידוע, פאָרגעקומען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל. צוויי חדשים שפּעטער, איז זיך צונויפגעקומען אין ווילנע די ערשטע קאָנפערענץ פון יידישע סאָציאַליסטן, אויף וועלכער ס'איז געגרינדעט געוואָרן די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, דער „בונד".

ביידע דאַטעס, סיי פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, און סיי פון דער „בונד"־גרינדונג, האָבן געגעבן דעם אָנהויב פון דער מאָדערנער יידישער פּאָליטיק. ביידע באַוועגונגען, סיי די ציוניסטישע און סיי די יידיש־סאָציאַליסטישע, האָבן געפּריידיקט באַזונדערע אידעאָלאָגיעס, באַזונדערע פּאָליטישע פּראָגראַמען און באַזונדערע טאַקטישע אויספירונגען. שאַרף איז געווען דער צונויפשטויס פון ביידע קעגנערישע לאַגערן אין דער יידישער גאַס. לאַנגע יאָרצענטער האָט זיך געפירט דער טעאָרעטישער וויכוח און פּאָליטישער קאַמף צווישן ציוניזם און דעם יידישן סאָציאַליזם. שטורמישע מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס, לייד נשאַפטלעכע פּאָלעמיקן אין דער פּרעסע און ליטעראַטור, שאַרפע פּאָליטישע אַנטאַגאָניזמען האָבן באַגלייט דעם געשיכטלעכן 50־יאָריקן פּראָצעס פון ביידע יידישע וועלט־אָנשויאונגען. ס'איז היינט געקומען די צייט צו מאַכן אַ שטיקל חשבון הנפש. פופציק יאָר זיינען אַפילו אַ קורצער פּעריאָד אין אונזער געשיכטע, אָבער די תקופה פון די לעצטע פופציק יאָר איז געווען אויסערגעוויינלעך וויכטיק מיט אירע געוואַלדיקע דערשיטערונגען, טיפע שינויים און גורל־באַשטימענדיקע געשעענישן.

אויב די אָרגאַניזאַציעס פון היינטיקן „בונד" פייערן זייער 50־יאָריקן יובילײ מיט אַזויפיל פּאַטאָס און צערעמאָניעס, טאָ איז דאָס לייכט צו פאַרשטיין. פון אַמאָליקן גלאַנץ און מאַכט זיינען היינט פאַרבליבן בלויז זכרונות. אָבער דער היינטיקער „בונד" איז בלויז איינער פון די יורשים פון ווילנע 1897. ווייל דעמאָלט, מיט 50 יאָר צוריק, איז געשאַפן געוואָרן די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, פון וועלכער איר אָנהויב האָט גענומען די גאַנצע יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג מיט אַלע אירע היינטיקע שאַטירונגען און פּאַרטייען. אונזער היסטאָרישער חשבון הנפש פון דעם 50־יאָריקן פּעריאָד, וואָס רופט זיך ציוניזם און יידישער סאָציאַליזם, קאָן זיך נישט באַגרענעצן בלויז צו דעם באַגריף „בונד" ווי ער עקזיסטירט היינט, נאָר ער פאַרשטייט דעם 50־יאָריקן יובל פון „בונד" אַלס דעם יובל פון דער גאַנצער יידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

מיט פופציק יאָר צוריק האָבן דער ציוניזם און דער יידישער סאָציאַליזם פּראַק־

לאַמירט אויף דער יידישער גאַס צוויי באַזונדערע, זיך שאַרף באַקעמפנדיקע יידישע וועלט־אַנשויאונגען. דער מאָדערנער, פּאָליטישער ציוניזם, ווי ער איז פּרעציזירט געוואָרן אין הערצלס „יודענשטאַאַט" און אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, האָט דער יידישער און נישט־יידישער וועלט אַרויסגעשטעלט זיין היסטאָרישע טעזע, וועלכע האָט געזאָגט: דער אַנטיסעמיטיזם איז נישט קיין פראַגע פון סאָציאַלע אָדער פּאָליטישע רעזשימען, ער איז פאַרבונדן מיט דער יידישער באַזונדערקייט פון מאַנגל אין אַן אייגענער טעריטאָריע און מלוכה. דער אַנטיסעמיטיזם וועט כסדר שטייגן און די איינציקע רעטונג פאַר יידן איז די שאַפונג פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל.

דאָס איז געווען די ציוניסטישע טעזע. קעגן איר האָט דער יידישער סאָציאַליזם אויף זיין ווילנער קאָנפערענץ, אין אָקטאָבער 1897, פּראָקלאַמירט זיין אַנטי־טעזע, וועלכע האָט דערקלערט: דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ פּראָדוקט פון געוויסע סאָציאַלע און פּאָליטישע רעזשימען. מיטן נצחון פון סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע וועט ממילא פאַרשווינדן דער אַנטיסעמיטיזם און די יידישע פראַגע וועט געלייזט ווערן. ס'איז לכן נישט נויטיק אַ באַזונדערע יידישע טעריטאָריע און מלוכה. דער ציוניזם שאַפט פאַלשע נאַציאָנאַליסטישע און רעאַקציאָנערע אילוזיעס, וועלכע מ'מוז באַקעמפן קודם־כל צוליב דעם, וואָס זיי פירן אָראָפּ די יידישע פאָלקס־מאַסן פון איינציקן רעטונגס־וועג, וועלכער באַשטייט אין קאַמף פאַר סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע.

דאָס איז געווען די אַנטי־טעזע פון יידישן סאָציאַליזם.

ווען די ציוניסטישע טעזע און די יידיש־סאָציאַליסטישע אַנטי־טעזע זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרן אין דער יידישער גאַס, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, איז די לאַגע פון די וואָס האָבן געפּריידיקט די ציוניסטישע טעזע, געווען גאָר אַ שווערע. ווילנע איז געווען אַ רעאַליטעט, די יידישע ווירקלעכקייט, באַזעל איז געווען אַ פאַנטאַזיע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַ ווייטן, ערגעץ־ווו פאַרוואָרפענעם ציון־סענטימענט. הערצלס פּעסימיסטישער שלילת־הגלות־פּראָגנאָז האָט נישט גערעדט און נישט געקאָנט רעדן צו דעם אָפּטימיסטישן בטחון פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. ס'איז נישט געווען פּאָפּולער צו שילדערן דעם עתיד אַלס אַ שווערן און געפערלעכן, בפרט פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט שטאַרק געליטן פון רדיפות און צרות. ס'איז געווען באַקוועמער און פּאָפּולערער צו באַקעמפן, ווי דער „בונד" האָט דאָס געטון, „די שוואַרצע נביאות פון ד"ר הערצל" און פאַראויסצוזאָגן די יידישע מאַסן אַ גלענצנדיקן עתיד, ווייל די וועלט גייט דאָך אויפן וועג פון פּראָגרעס און ציוויליזאַציע און דער מעכטיקער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט וועט באַלד רעאַליזירן זיין וועלט־הערשאַפט פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם. די סאָציאַליסטישע אַנטי־טעזע האָט אין דער יידישער גאַס געוווּנען מער כוח און השפעה, ווי די ציוניסטישע טעזע. דער גלייענדיקער אָטעם פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אַלע באַגייסטערט און מיטגעריסן.

ביי דער דאָזיקער לאַגע און שטימונג אויף דער יידישער גאַס, איז רייף געוואָרן די סיטואַציע פאַר די, וואָס האָבן געזוכט אַ סינטעזע צווישן דער ציוניסטישער טעזע און דער יידיש־סאָציאַליסטישער אַנטי־טעזע. די אויטאָנאָמיסטישע אידעאָלאָגיע פון שמעון דובנאָוו, אויף וועלכער ס'האָבן געבויט זייער פּראָגראַם די פאָלקיסטן, די סיימיסטן און סתם ס"ס'יסטן (סאָציאַליסטן־סיאָניסטן, לויט זייער רוסישער נאָמענקלאַטור) איז געווען אַ פּרווו פון אַזאַ סינטעזע. אויך די לערע פון אחד־העם,

וואָס האָט געפּריידיקט אַ מרכז רוחני אין ארץ ישׂראל פאַר אַ קליינעם, אויסגעוויילטן מיעוט פון ייִדישן פאָלק, איז געווען ביודעין אָדער בלא יודעין, אַ סינטעזע צווישן דער ציוניסטישער טעזע פון שלילת הגלות און דער ייִדיש־סאָציאַליסטישער אַנטי־טעזע פון חיוב הגלות. דער העלסינגפאָרסער פּראָגראַם פון די רוסישע ציוניסטן (דעצעמבער 1906), די לאַנד־פּאָליטיק און פּאַרלאַמענט־טעטיקייט, וואָס האָט שפּעטער געווונען אַלץ מער אָנהענגער אין דער ציוניסטישער מחנה אין רוסלאַנד, עסטרייך, רומעניע א. א. וו. זיינען געווען אַ באַווייז, אַז אויך אינעם ציוניזם האָט די שיטה פון סינטעזע גובר געווען די אַמאָליקע ציוניסטישע טעזע. נאָך הערצל׳ס טויט האָט אין דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע און פּראַקטיק געזיגט, פון איין זייט די רעאַלע ארץ־ישׂראלדיקע אַרבעט געפירט לויט דעם גייסט און פאַרנעם פון די חובבי־ציון, און פון דער אַנדערער זייט האָט געזיגט די קעגנוואַרטס־אַרבעט. אפילו נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און דעם פּאַלעסטינע־מאַנדאַט, ווען פאַרן ציוניזם האָבן זיך געעפנט גרויסע האָראָסקאָפּן פון מלוכהשע און קאָלאָניזאַטאָרישע מעגלעכקייטן, איז אונזער באַוועגונג געבליבן ביי איר טראַדיציאָנעלער סינטעזע, וועלכע האָט זיך מיט שטאָלץ גערופן סינטעטישער ציוניזם. דער מאַן־רוף פון גרויסן הערצל־תּלמיד מאַקס נאָרדוי איז געבליבן אַ קול קורא במדבר.

דער ציוניזם האָט לאַנגזאַם באַקומען אַ השפּעה אויף דער ייִדיש־סאָציאַליסטישער טעאָריע און באַוועגונג. בער באָראָכאָוויס לערע וועגן סטיכישן פּראָצעס פון פּאַלעסטיניזם, איז אַריינגעדרונגען אין ברייטע קרייזן פון ייִדישער אַרבעטערשאַפט און אינטעליגענץ. די וואַקסנדיקע כּוחות פון פּועלי־ציון און ענלעכע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע שטרעמונגען, זיינען געווען דערפאַר אַ בולטער באַווייז. אפילו דער דאָגמאַטישער אַנטי־ציוניסטישער „בונד" האָט במשך די לאַנגע יאָרן פון זיין קיום און ווירקונג, געמוזט איבערנעמען און פאַר אייגן דערקלערן געוויסע ייִדיש־נאַציאָנאַלע פאָדערונגען און לאָזונגען, וואָס זיינען געקומען פון דעם ציוניסטישן לאַגער.

אָבער פון דער אַנדערער זייט, איז די סינטעטישע ריכטונג אין ציוניזם געווען אַן אויסדרוק פון דער השפּעה, וואָס איז געקומען מיט אַ שטאַרקן דרוק מצד דער ייִדיש־סאָציאַליסטישער אַנטי־טעזע. די ציוניסטישע טעזע, וואָס איז אין דער סינטעטישער שיטה, שטאַרק פאַרוואַסרט און אָפּגעשוואַכט געוואָרן, איז נישט געווען לגמרי דאָס, וואָס הערצל האָט פּרעציזירט אַלס די דערלייזונג פון ייִדישן פאָלק. פאַר דעם דאָזיקן געשיכטלעכן און פּראַגמאַטישן טעות האָט דאָס ייִדישע פאָלק באַצאָלט מיט אַ ים פון בלוט און יסורים. די היטלער־מאַרטיראָלאָגיע האָט אונז ציוניסטן צוריקגעפירט צו אונזער אמתן מקור, צום הערצליאַנישן ציוניזם, צו דער ריכטיקער ציוניסטישער טעזע, אָן וועלכע ס׳איז סינטעטישע אילוזיעס און טעאָריעס.

די טראַגישע געשעענישן אין די לעצטע יאָרן האָבן אויך געהאַט אַ טיפע, דערשיטערנדיקע ווירקונג אויף דעם ייִדישן סאָציאַליזם און זיין באַוועגונג. כמעט די גאַנצע ייִדישע סאָציאַליסטישע אַרבעטערשאַפט מיט אַלע אירע פּאַרטייען און שאַטירונגען שטייט היינט נאָענט צום פּרינציפּ פון מלוכהשן ציוניזם. זי זוכט נאָך אַ סינטעזע צווישן דער היינטיקער ציוניסטישער טעזע און איר אַמאָליקער אַנטי־טעזע, אָבער אַלץ ווייזט דערויף, אַז דער ייִדישער סאָציאַליזם גייט אין זיין היינטיקער אַנטוויקלונג אויפן וועג צו דער ציוניסטישער טעזע.

אַן אויסנאַם בילדעט היינט די גרופּע אין ייִדישע סאָציאַליזם, וואָס רופט זיך

מיטן טראַדיציאָנעלן נאָמען פון „בונד". די דאָזיקע גרופּע האָט זיך פאַרשלאָסן אין איר דאָגמאַטישקייט און וויל נישט זען און הערן דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער וועלט און אין יידנטום במשך די 50 יאָר זינט דעם ווילנער צוזאַמענפאָר. ס'איז געווען אַמאָל אַ פּויליש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי („די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַר־טיי פון פּוילן און ליטע"), וועלכע האָט אין נאָמען פון פאַלשע הנחות און דאָגמעס, באַקעמפט דעם אומאָפּהענגיקייט־פּאָסטולאַט פון פּוילן. אירע אָנהענגער האָבן שפּע־טער איינגעזען דעם טעות זייערן און האָבן זיך געשלאָגן על חטא. אונזער היינטיקער „בונד" וויל זיך נישט בשום אופן, מודה זיין, אַז זיין שטעלונג, מיט 50 יאָר צוריק לגבי דעם ציוניזם, איז געווען אַ פאַלשע.

אָבער די ווירקלעכקייט איז שטאַרקער און האַרטער פאַר דאָגמעס און פּאַרטיי־אישער עקשנות. די יידישע מלוכה ווערט אַ וועלט־באַדערפעניש, זי ווערט אַ רעאַ־ליטעט, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּלייקענען און אַוועקדיסקוטירן. ס'איז נאָענט דער טאָג, ווען די ציוניסטישע טעזע וועט ווער'ן די אמונה שלמה פון גאַנצן יידישן פאָלק, פון גאַנצן יידישן סאָציאַליזם.



בער באָראָכאָוו

# אַ פּאָר ווערטער וועגן אונזער פּראָפּאַגאַנדע

אונזער פּראָפּאַגאַנדע מיינט דאָ ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. נישט אַלגעמיין־ציוניסטישע, פּועלי־ציוניסטישע אָדער מזרחיסטישע, נאָר סתם ציוניסטישע אויפקלערונג־ און פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט! און וועגן דער דאָזיקער אַרבעט מוז מען דאָ זאָגן אַ פּאָר אויפריכטיקע ווערטער.

אין די ערשטע יאָרצענטער פון איר קיום, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איר הויפּט־אַרבעט איבערגעלאָזט דער פּראָפּאַגאַנדע אין וואָרט און שריפט. מ'האָט געמוזט ערשט פּאָפּולאַריזירן די געדאַנקען און לאָזונגען פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע אין איר טאָג־טעגלעכער פּראַקטישער אַרבעט סיי אין די גלות־לענדער און סיי אין ארץ ישראל. די פּראָפּאַגאַנדע איז געמאַכט געוואָרן אין אַלע שפּראַכן און אין אַלע פאָרמען. אין דער פּרעסע, אין דער ליטעראַטור, אויף פאַרזאַמלונגען, אויף אַקאַדעמיעס, מיט טעאַטער־פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן און אַזוי ווייטער. מיט איין וואָרט, מ'האָט נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט און קיין שום מיטל, בכדי צו געווינען אָנהענגער און צו באַקעמפן די קעגנער פון ציון. און די קעגנער זיינען דעמאָלט געווען זייער צאָלרייך, סיי פון אַסימילאַטאָרישן און אָרטאָדאָקסישן רעכטס און סיי פון ראַדיקאַלן, סאָציאַליסטישן לינקס. דער ציוניזם איז נישט געווען, אין די ערשטע יאָרצענטער, אַ פּאָפּולערער ענין, און אונזער פּראָפּאַגאַנדע האָט געמוזט זיין קלוג און געשיקט, שטאַרק און קולטורעל, פאָלקסטימלעך אָבער נישט פלאַך און דעמאַגאָגיש. די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך געשטעלט די ברייטסטע אויפגאַבן, זי האָט געוואָלט ווי אַמשנעלסטן אַרומנעמען גייסטיק און פּאָליטיש דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, און האָט אויך געוואָלט דעראָבערן די סימפּאַטיעס פון די נישט־יידן. אין דער דאָזיקער ריכטונג פון פּראָפּאַגאַנדע איז געגאַנגען די גאַנצע אַקטיוויטעט פון דער ציוניסטישער מחנה. אפילו די ציוניסטישע קאָנגרעסן האָבן בעיקר געהאַט אַ פּראָפּאַגאַנדע־כאַראַקטער פאַר דער ציוניסטישער אידייע און באַוועגונג צווישן יידן און נישט־יידן.

מיר קאָנען זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף די באַזונדערע תקופות און פאָרמען פון דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע במשך פון די 50 יאָר ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ס'וואָלט זיך געקאָנט זאָגן אַ סך אינטערעסאַנטעס און וויכטיקעס וועגן דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע ביז צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע און שפּעטער ביז צום יאָר 1939. ס'וועט אפשר קומען די צייט און די מעגלעכקייט צו שרייבן די געשיכטע פון דער ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, איר גייסטיק־פּאָליטישן מהות און פּראַקטיש־רעאַלער טעכניק במשך די פינף יאָרצענטער.

מיר ווילן דאָ גלייך אַריבערגיין צו דער איצטיקער, אונזער נאָכמלחמהדיקער

ווירקלעכקייט און אַנווייזן אויף דער ראָלע, וועלכע די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע שפּילט און דאַרף שפּילן אין אונזער לעבן. ס'האָט זיך געשאַפן די מיינונג ביי אַ סך ציוניסטן, אַז איצט, נאָך דער מוראדיקער, בלוטיקער קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעישן יידנטום, איז די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע געוואָרן אַן איבעריקע זאַך. מ'האָט דאָס אויסגעדריקט מיט די ווערטער: די צייט פון ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע איז פאַרביי, מיר מוזן די גאַנצע ענערגיע מקריב זיין פאַר דער רעאַליזאַציע.

ס'איז אַן אמת, אַז די מוראדיקע קאַטאַסטראָפע בעת דער היטלערישער ממשלה און וועלט־מלחמה, האָט טיף דערשיטערט די יידישע פאָלקס־נשמה. טויזנטער און צענדליק־טויזנטער יידן, וואָס זיינען ביז צום יאָר 1939 געשטאַנען ווייט פון ציוניזם, זיינען היינט געוואָרן אָנהענגער פון אַ יידיש ארץ־ישראל. אַ סך נישט־יידן, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט אינטערעסירט מיטן יידישן פּראָבלעם, זיינען היינט סימפּאַטיקער פון ציוניזם. דאָס אַלץ איז אמת, אָבער גלייכצייטיק איז אויך אמת, אַז טויזנטער און צענדליקער טויזנטער יידן, אפילו גוטע יידן, שטייען נאָך ווייט פון אונז, אָפּגעטיילט פון ציוניזם מיט אַ וואַנט פון פאַלשע באַגריפן און אָפט פיינטלעכע אַגיטאַציע־לאָזונגען. אַ סך נישט־יידן ווילן אונז פאַרשטיין אָבער זיי געפינען זיך אונטער אַ סוגעסטיע פון פרעמדע, מאַנכמאָל פיינטלעכע איינפלוסן.

דער ציוניזם שטייט היינט אין אַ שווערן, טראַגישן קאַמף פאַר זיין פאַרווירקלעכונג, בעת די וועלט־קאָניונקטור איז פאַר אונז נישט גינסטיק. ענגלאַנד איז קעגן אונז און די פעלקער אַרום אונז זיינען קאַלט און פרעמד צו אונזער טראַגעדיע און מאַרטיראָלאָגיע. מיר וועלן דעם קאַמף געווינען ביי צוויי באַדינגונגען. ערשטנס מוזן מיר אַרום דער ציון־פאַן מאָביליזירן די גרעסטע אָנשטרענגונגען און די מעכטיקסטע ענערגיעס פון אונזער פאָלק. צווייטנס, מוזן מיר געווינען די סימפּאַטיעס און די הילף פון די נישט־יידן, פון די פעלקער אין דער גאַנצער וועלט. ס'וועט נישט זיין קיין איבערטרייבונג, ווען מיר וועלן דאָ פעסטשטעלן, אַז קיינמאָל נאָך אין דער געשיכטע פון ציוניזם איז די ראָל און באַדייטונג פון אונזער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט, נישט געווען אַזוי גרויס און לעבנס־וויכטיק, ווי גראָד איצט, אין דער נאָכמלחמהדיקער תקופה, אין דער גורל־שעה פון יידנטום. דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונגען און אויפטועז זיינען זייער אַ וויכטיקע זאַך. אָבער היינט, אין דער דעמאָקראַטישער וועלט, האָבן זיי אַ קליינע באַדייטונג, אויב זיי שטיצן זיך נישט אויף דער עפנטלעכער פאָלקס־שטימונג און סימפּאַטיע.

און איצט קומען מיר צו דער אייגנטלעכער פראַגע: ווי שטייט איצט די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אויף דער הויך פון איר היסטאָרישער אויפגאַבע? צי דערפילט זי איר פליכט? צי אַרבעט זי ענערגיש און געשיקט אַזוי ווי די צייט און די סיטואַציע פאַרלאַנגען דאָס? צי פּרווט די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע צו באַאיינפלוסן און געווונען פאַר אונז די קרייזן אין יידנטום, און מחוץ דעם יידנטום, וואָס זיינען נאָך געבליבן פרעמד אָדער אפילו פיינטלעך געשטימט?

לײדער, מוזן מיר אויף אַלע די דאָזיקע פראַגן ענטפערן אויפריכטיק מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין! ס'גייט נישט ווענן סתם פּרעטענזיעס, ווענן קריטיק לשם קריטיק, ווענן אָנקלאָגן און אַראָפּרייסן, ס'גייט ווענן פעסטשטעלן די ווירקלעכקייט, ווי זי איז.

מ'דאַרף וועגן דעם קיין סך נישט רעדן און פּאָלעמיזירן. אָט נעמט די ערשטע בעסטע (אָדער ערגסטע) 10 יידן, וועלכע איר טרעפט ערגעץ ווו, און פאַרפירט מיט

זיי אַ שמועס וועגן דער איצטיקער לאַגע אין יידנטום און ארץ־ישראל. איר וועט שטוינען וויפיל עם הארצות און פיינטלעכע אַגיטאַציע וועט זיך באַקומען צו הערן. איר וועט זיך פרעגן: רבונו של עולם, וויפיל ציוניסטישע אַמטן און באַאַמטע האָבן מיר, מיט פאָנדן און ליטעראַטור־ביבליאָטעקן, און דאָך איז דער יידישער עולם, אין די גרונט־יסודות פון אונזער נאַציאָנאַלן לעבנס־קאַמף, אַזוי ווייניק באַהאַוונט און אַזוי לייכט באַאיינפלוסט פון פרעמדע, אָפט קעגנערישע השפּעות. איר וועט הערן פון אייערע פריינט און צופעליקע באַקאַנטע אַזויפיל אַבסורדאַלע מיינונגען וועגן ארץ־ישראלדיקע ענינים, וועגן אַראַבישן פּראָבלעם און אַזוי ווייטער, אַז איר וועט זיך און אַנדערע שטעלן די שאלה: צי איז פאַראַן אַ ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע? און אויב זי איז דאָ, וואָס טוט זי?

זי איז פאַראַן, די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע!, אָבער זי איז (מ'מוז אַרויסזאָגן דעם אמת!) ביוראָקראַטיזירט, זי אַרבעט לויט אַ שאַבלאָן, אָן קאָנטאַקט מיט דער פאָלקס־ווירקלעכקייט. מ'גיט אַרויס פאַר טייער געלט ביכער, וועלכע קיינער לייענט נישט, מ'דרוקט פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן, וואָס זיינען געשריבן אָן טאַלאַנט, אָן פאַר־שטענדעניש פאַר דער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע. אָט למשל דאָ אין פראַנקרייך, וואָס האָט מען געטון בכדי צו געווינען די סימפּאַטיעס פון דעם גרויסן, פאַר אונז אַזוי וויכ־טיקן פראַנצויזישן פאָלק? ס'איז נויטיק אַ גוטע פאָלקס־בראָשור אין יידיש, וועלכע זאָל משפּיע זיין אויף אַלע קרייזן, וואָס זיינען אונז פרעמד אָדער פיינטלעך. ס'איז נויטיק... דער צעטל קען זיין זייער לאַנג.

מיר מוזן באַגרייפן דעם גרויסן ווערט פון ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין דער איצטיקער רגע. מיר טאָרן נישט די דאָזיקע אחריות־פולע אויפגאַבע איבער־לאָזן אין די הענט פון אַ פּאָר באַאַמטע. מיר מוזן געפינען דערצו אונזערע בעסטע און פעיקסטע מענטשן. ווייל ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט ווערט איצט אומעטום די קאַרדינאַלסטע, אפשר די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער ציוניסטישער מחנה.





# מאַקס נאָרדוי

## (צו זיין פינף־און־צוואַנציקסטער יאָרצייט)

אַ לאַטייניש שפּריכוואָרט זאָגט: בעת דער מלחמה שווייגן די מוזעס. מיר שטייען איצט אויף אַ שווערן קאַמף־פראָנט פאַר דער שאַפונג פון דער יידישער מדינה, און נישט תמיד איז פאַראַן די צייט און די מעגלעכקייטן צו דערמאָנען ווי געהעריק יאָרצייטן און יובילעאומס פון אונזערע אומפאַרגעסלעכע היסטאָרישע גע־שעענישן און פערזענלעכקייטן.

און דאָך איז אין אונזערן היינטיקן קאַמף אַקטועל און לעבעדיק, ווי אפשר קיינ־מאָל נישט, די גרויסע געשטאַלט פון אונזער מנהיג און לערער מאַקס נאָרדוי. ווי שנעל לויפט די צייט פון אונזער ציוניסטישער געשיכטע. דוכט זיך, אַז אָט שטייט נאָרדוי אויף דער קאָנגרעס־טריבונע און זיין פעסט־געבויטע געשטאַלט, מיט זיין שניי־ווייסן לייבן־קאָפּ, באַוועגט זיך האַרמאָניש מיט די מימישע געסטן און אָראַטאָ־רישע אויסדרוקן פון זיין וווּנדערבאַרן און געניאַלן רעדנער־טאַלאַנט. און שוין זיינען פאַרגאַנגען 25 יאָר זינט דעם טרויעריקןווינטער־טאָג אין פאַריז, ווען דער גרויסער נאָרדוי איז אויף אייביק פון אונז אַוועק.

אַן אומפאַרשטענדלעכער פּאַראַדאָקס פון אונזער ציוניסטישער געשיכטע: ביי־דע שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם, הערצל און נאָרדוי, האָבן געשטאַמט פון אונגאַרן. גאָט אַליין ווייסט, פאַרוואָס די דאָזיקע זכיה איז געקומען דעם אונגאַרישן יידנטום, וואָס איז יאָרצענטער פרעמד און ווייט געבליבן צו דעם נאַציאָנאַלן יידישן רענע־סאַנס. די דאָזיקע פאַרבונדנקייט צווישן הערצלען און נאָרדויען, וואָס האָט זיך אָנ־געהויבן פון בודאַפּעסטער אָפּשטאַם, איז געבליבן שותּפותדיק אין זייער לעבן און

גורל.ביידע האָבן זיי אין דער יוגנט־צייט באַקומען אַ געוויסע יידישע דערציונג, וואָס איז שפּעטער פאַרגעסן געוואָרן אין דער פרעמדער, אַסימילירטער סביבה, אָבער איז ווידער באַנייט געוואָרן, ווען ס'האָט געשלאָגן די גרויסע גורל־שעה. סיי הערצל און סיי נאָרדוי, זיינען געוואָרן שריפטשטעלער, באַרימטע דייטשע שריפט־שטעלער. ביידע האָבן זיך אין זייערע שאַפונגען נישט באַגנוגנט מיט „קונסט לשם קונסט", נאָר האָבן געזוכט דעם טיפערן און עטישן ציל פון דער שריפטשטעלערישער שליחות.

מאַקס נאָרדוי איז געווען מיט צען יאָר עלטער פון הערצלען. ווען דער אויטאָר פון „יודענשטאַאַט" האָט פאַרענדיקט דאָס שרייבן פון זיין ציוניסטישן מאַניפעסט, איז נאָרדוי שוין געווען אַ באַרימטער שריפטשטעלער. ער האָט אָנגעהויבן גאַנץ יונג זיין שרייבערישע קאַריערע אַלס זשורנאַליסט און טעאַטער־קריטיקער אונטער דעם ליטעראַרישן פּסעוודאָנים „נאָרדוי". זיין אייגנטלעכער פאַמיליע־נאָמען איז געווען זידפעלד. ליטעראַטור איז געווען זיין לײַדנשאַפט און באַשטימונג. שטודירט האָט ער מעדיצין און איז געווען פון באַרוף דאָקטאָר־פּסיכיאַטער. ס'איז דעמאָלט געווען אַ גרעסערע צאָל פון מעדיצין־דאָקטוירים, וואָס האָבן זייער פּראַקטיק פאַרבונדן גלייכ־צייטיק מיט דער ליטעראַרישער שאַפונג. גענוג דאָ צו דערמאָנען דעם יידישן ווינער דאָקטאָר אַרטור שניצלער. דער דאָזיקער שותפות צווישן מעדיצין און ליטעראַטור איז מאַקס נאָרדוי טריי געבליבן זיין גאַנץ לעבן. זיין באַרימט ווערק „די דעגענע־ראַציע" האָט ער געווידמעט דעם גרויסן איטאַליעניש־יידישן געלערטן און פאָרשער פון דער מענטשלעכער נשמה טשעזאַרע לאָמבראָזאָ.

נאָרדוי איז געווען סך הכל אַלט דרייסיק יאָר, בעת זיין בוך „די קאָנווענציאָ־נעלע שקרים פון אונזער ציוויליזאַציע" האָט אויפגערודערט די גאַנצע קולטור־וועלט. די פּרעסע און די ליטעראַרישע זשורנאַלן האָבן כסדר געדרוקט נאָטיצן, אַרטיקלען און רעצענזיעס וועגן דעם דאָזיקן בוך. אַ סך קריטיקער האָבן פּראָטעסטירט קעגן די פּעסימיסטישע פּראָגנאָזן, וועלכע דער מחבר האָט אַזוי שאַרף און אומברחמנותדיק אַרויסגעזאָגט. נאָרדוי האָט אָפּגעריסן די, מיט קאָנווענציאָנעלע שקרים, פאַרשטעל־טע מאַסקע פון דער אַזוי־גערופענער ציוויליזירטער מענטשהייט, און האָט געוויזן איר אמתן פּרצוף, וואָס איז פול מיט רציחה און שקר. ס'איז געווען מיט 60 יאָר צוריק, ווען מ'האָט נאָך געלעבט מיט גלאַנציקע אילוזיעס און גלויבן אין די שיינע ווערטער. נאָרדויס ריקזיכטסלאָזע קריטיק האָט שטאַרק ווי געטון און אַ סך קלוגע און גוטע מענטשן האָבן קעגן איר פּראָטעסטירט. אָבער נאָרדוי האָט זיך נישט דער־שראָקן. ער גיט באַלד אַרויס אַ ניי בוך „די פּאַראַדאָקסן", וועלכע אונטערשטרייכן און באַשטעטיקן זיינע שאַרפע משפּטים קעגן דער ציוויליזירטער מענטשהייט. מיט אַ נביאישער וויטזעעוודיקייט און ערלעכער ריקזיכטסלאָזיקייט ווייזט נאָרדוי אויף דעם תהום פון מאָראַלישער געפאַלנקייט וואָס שאַפט אַ געפערלעכע סכנה פאַר אונזער ציוויליזאַציע און עטיק. צוויי דורות שפּעטער האָט די היטלער־מגפה און איר ווייַ־טערדיקע אַנטוויקלונג באַוויזן ווי גערעכט ס'איז געווען נאָרדוי מיט זיין משפּט.

דער דרייפוס־פּראָצעס און די אַנטיסעמיטישע אַטמאָספערע, וועלכע האָט זיך אַרום אים געשאַפן אין פראַנקרייך, האָט נאָרדויען, אַזוי ווי הערצלען, צוריקגעפירט צום יידנטום. דאָס איז געווען אַ טיפער איבערברוך. ביז צו דעם דאָזיקן איבערברוך אין יאָר 1895, האָט זיך נאָרדוי געפילט אַלס אַ קאָסמאָפּאָליטישער אייראָפּעער, וועל־כער איז דער גייסטיקער יורש פון די איטאַליענישע הומאַניסטן, פראַנצויזישע ענציר־

קלאַפּעדיסטן און ענגלישע נאַטור־פאָרשער. ער האָט געוואָלט קעמפן פאַר דער דער־לייזונג פון דער מענטשהייט אָן וועלכע ס'איז נאַציאָנאַלע אָדער רעליגיעזע באַזונ־דערקייטן. נאָרדויס נשמה איז געווען צו יענער צייט באַהערשט פון העלעניזם, אין זיין שענסטער און איידלסטער פאָרם.

נאָרדוי האָט סטאַביל געוווינט אין פּאַריז, אָבער ער האָט זיך געפילט אַלס בירגער פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע ער האָט אָפט באַרייזט און גוט געקענט, פון מאָסקווע ביז מאַדריד, פון ווין ביז לאָנדאָן, פון רוים ביז סקאַנדינאַוויע, אומעטום ווו די געשיכטע פון מענטשלעכער קולטור האָט איבערגעלאָזט דורות־לאַנגע טראַדי־ציעס און רייכטימער. נאָרדויס ביכער זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף כמעט אַלע שפּראַכן און זיין רום איז געגאַנגען פון איין עק וועלט צו דעם צווייטן. אונגאַרן, דייטשן, פראַנצויזן האָבן זיך ליציטירט וועגן זיין נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט. אָבער דער ייד מאַקס נאָרדוי האָט נאָך נישט געוווּסט דעם טראַגישן אמת, אַז אומעטום איז ער אין דער היים און גליכצייטיק איז ער אומעטום אַ פרעמדער. דעם דאָזיקן אמת האָט אים ערשט מגלה געווען דער דרייפוס־פּראָצעס.

נאָרדוי האָט וועגן דעם געשריבן: „מיר זיינען זיך געזעסן במנוחה אין אונזערע קאַבינעטן, בעת פּלוצלונג האָט מען אַריינגעוואָרפן צו אונז פון דער גאַס שטיינער, וואָס האָבן צעבראָכן די שויבן אין אונזערע פענסטער און אונז דערמאָנט, אַז מיר זיינען יידן".

די טראַגישע יידישע פראַגע, וואָס האָט זיך אין איר גאַנצער טיפקייט אַנט־פּלעקט פאַר נאָרדויען, אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויפשטורעמענדיקן אַנטיסעמיטיזם אין פראַנקרייך, האָט דעם גרויסן אייראָפּעיִשן שרייבער און דענקער, דעם אַסימילאַ־טאָריש־קאָסמאָפּאָליטישן פריי־גייסט, כמעט איבער נאַכט, פאַרוואַנדלט אין אַ שטאָלצן נאַציאָנאַלן ייד און ציוניסטישן קעמפער. זומער 1895 איז אַרויס פון דרוק הערצלס „יידנשטאַט", וועלכער איז דורך די איינפלוסרייכע יידישע קרייזן אויפגע־נומען געוואָרן מיט שפּאָט און איראָניע. אין די ווינער טעאַטערן און סאַלאָנען האָט מען זיך געוויצלט בעת הערצלס אָנקומען: „אָט גייט דער קעניג פון ציון!". אָבער מאַקס נאָרדוי האָט זיך גלייך מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין פּערזענלעכקייט און אויטאָריטעט געשטעלט אויף הערצלס זייט.

מיט אַ פעסטן גלויבן און ענטוזיאַזם האָט נאָרדוי אונטערשטיצט דעם צוקונפ־טיקן מנהיג פון פּאָליטישן ציוניזם און האָט אים אין דער שווערסטער בין־השמשות־צייט דערקלערט: „ד"ר הערצל! אויב איר זייט משוגע, זיינען מיר דאָסביידע צו־זאַמען. רעכנט אויף מיר ביי יעדער לאַגע!".

די פריינטשאַפט צווישן נאָרדויען און הערצלען איז געוואָרן אַ טיפע זינט די דאָזיקע היסטאָרישע „יידנשטאַט"־טעג. נאָרדוי, דער גרויסער גייסט און באַרימטער שריפטשטעלער, איז זינט דעמאָלט געשטאַנען טריי און איבערגעגעבן אויף דער זייט פון זיין ציוניסטישן חבר און מנהיג, וואָס איז פון אים ייִנגער געווען אין יאָרן און שריפטשטעלערישן רום. ס'איז שווער צו געפינען אַן אַנאַלאָגיע צו אַזאַ באמת וווּנ־דערבאַרער, מיט איר טרייטשאַפט און איבערגעגעבנקייט, פריינטשאַפט. אפשר לאָזט זיך מיט דעם בלויז פאַרגלייכן די פריינטשאַפט צווישן ענגעלס'ן און מאַרקס'ן, וועל־כע האָט זיך אַזוי שטאַרק קונה שם געווען.

אין יאָר 1896 ווערט אויפגעפירט נאָרדויס טעאַטער־שטיק „ד"ר כהן", אין וועלכן דער העלד קעמפט שטאָלץ און שטאַרבט פאַר זיין יידנטום. נאָרדויס „ד"ר כהן"

איז אָבער אַן אויסדרוק פון יענער בין־השמשות־צייט, ווען די אַלטע יידישע אַסי־מילאַציע איז זיך צעפאַלן און די נייע נאַציאָנאַל־יידישע און ציוניסטישע וועלט איז ערשט אין ווייטיק און קאַמף געבוירן געוואָרן. ווייל נישט בלויז קעגנערשאַפט און קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם איז די לייזונג פון דער יידנפראַגע, נאָר די פּאָזיטיווע אויפבוי־אַרבעט פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל: דאָס איז דער נייער דער־לייזונגס־וועג פאַרן יידנטום !

נאָרדויס אומפאַרגעסלעכע רעדע אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל איז געווען די מאַניפעסטאַציע פון דעם יידישן אני־מאמין. זיין רעפעראַט : „דער אַל־געמיינער מצב פון די יידן אויף דער גאַנצער וועלט" האָט דערשיטערט דעם גאַנצן קאָנגרעס. אַרויסגעזאָגט איז דאָס געווען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער אָראַטאָרישער קונסט, מיט אַ מאכט פון דיקציע און לאַקאָנישער, גייסטרייכער דעפיניציע. אויפן פּאָן פון נאָרדויס וועלט־פּעסימיזם, איז זיין שילדערונג פון יידישן קיום אַרויס־געקומען טרויעריק און טראַגיש. לויט אַ מעדיציניש־וויסנשאַפטלעכן אופן, האָט נאָרדוי אַנאַליזירט די שווערע קראַנקהייט פון יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם, ווי עס ווערט פאַרשאַרפט פון טאָג צו טאָג צוליב דער וואַקסנדיקער נויט און רעכטלאָזיקייט. אָבער פון דער פאַרצווייפלטער לאַגע איז דאָ אַן אויסוועג : דער ציוניזם.

נאָרדויס קאָנגרעס־רעפעראַט האָט מיט דערשיטערט אַלע צוהערער. אויף דער קאָנגרעס־טריבונע איז געשטאַנען איינער פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן אין דער דעמאָלטדיקער אייראָפּעישער קולטור־וועלט און האָט אין נאָמען פון מערב־יידנטום געזאָגט אַ ביטערן און טרויעריקן ודוי, אין וועלכן ס'האָט זיך געפילט אַ ווירקלעכע חרטה לגבי דעם עבר און אַ צוזאָג לגבי דעם עתיד. נאָרדויס רעדע האָט דעם ציוניס־טישן קאָנגרעס פאַרוואַנדלט אין אַ היסטאָרישן טריבונאַל, וואָס האָט אָנגעקלאָגט דאָס וועלט־געוויסן און פאַרלאַנגט גערעכטיקייט פאַר דעם פאַרפּאָלגטן יידישן פאָלק.

נאָרדויס רעפעראַטן זיינען אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן געוואָרן אַ מין סטאַ־בילע טראַדיציע, וועגן וועלכער מ'האָט אין דער יידישער וועלט אַ סך גערעדט און געשריבן. די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע לאָזונגען, וועלכע ס'האָט אין זיין דער־עפענונגס־רעדע פּראָקלאַמירט דער מנהיג פון פּאָליטישן ציוניזם טעאָדאָר הערצל, זיי־נען אין נאָרדויס קאָנגרעס־רעפעראַטן אַנטוויקלט און ברייט אַרומגערעדט געוואָרן. די לאָזונגען פון גייסטיקער באַנייאונג, פון פיזישער אויפלעבונג, פון כבוש הקהילות און קאַמף מיט דער אַסימילאַציע, האָבן באַקומען אין נאָרדויס קורצע און גייסטרייכע זאַצן, אירע בעסטע פּראָגראַמאַטישע און אידעאָלאָגישע פאָרם, וואָס האָט אין אַלע ציוניסטישע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען און פּרעסע־אָרגאַנען מאָביליזירט און גערופן צו בסדרדיקן קאַמף און אַרבעטס־טעמפּאָ. נאָרדוי איז געוואָרן דאָס געוויסן, די נשמה און דער פּאַטעטישער וואָרט־זאָגער פון דער באַוועגונג. ווייט און פאַרגעסן זיינען געווען די צייטן, ווען נאָרדוי האָט זיך גערעכנט אַלס דייטשער שריפטשטעלער און קאָסמאָפּאָליטישער דענקער. אַלץ איז איצט אין אים און אַרום אים געווען יידיש און ציוניסטיש.

נאָרדוי האָט מיטגעמאַכט, טריי און ווי פאַרכשופט, אַלע וועגן, אויף וועלכע ס'האָט דעם ציוניזם און זיין באַוועגונג געפירט דער גרויסער מנהיג הערצל. אפילו די אוגאַנדאַ־פּלענער, מיט וועלכע ער האָט פּערזענלעך נישט מסכים געווען, האָט ער עפנטלעך אין דער פּרעסע און אויף דער קאָנגרעס־טריבונע געשטיצט. פון אים שטאַ־

מען די גייסטרייכע ווערטער וועגן דער אוגאַנדע־קאָלאָניזאַציע: „ציון איז דאָס נישט, אָבער אַ פּראָוויזאָרישער נאַכט־אַזיל!״.

הערצלס טויט האָט איבערגעלאָזט אין דער באַוועגונג אַ ליידיקן פירער־פּלאַץ, וועלכן קיינער האָט נישט געוואַגט צו פאַרנעמען. אַלגעמיין איז געווען די מיינונג: „נאָרדוי איז דער איינציקער, וועלכער איז ראוי צו פאַרנעמען הערצלס פּלאַץ״. פאַר נאָרדויען איז געשטאַנען די גרויסע, די גרעסטע אַנטשיידונג אין זיין לעבן. ווער קאָן דאָס וויסן, וואָס האָט זיך געטון אין דער נשמה פון דעם דאָזיקן מעכטיקן דענקער און טריבון, בעת ער האָט באַשלאָסן, צו פאַרציכטן אויף דעם גלאַנץ און כבוד צו זיין פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע! נאָרדוי איז געווען אַן אויס־געצייכנטער קענער פון דער פּאָליטיק, ער האָט פאַרשטאַנען אַלע אירע וועגן און אומ־וועגן, אָבער פירן די פּאָליטיק האָט ער נישט געוואָלט, אפשר אויך נישט געקאָנט. נאָרדוי האָט במשך פון יאָרן געזען דעם טראַגישן און אויסערגעוויינלעך שווערן וועג פון טעאָדאָר הערצל, זיין הארץ האָט געבלוטיקט, בעת דער גרויסער מנהיג האָט זיך געראַנגלט מיט אַ וועלט פון קעגנער און שונאים. הערצל איז געווען אַ גרויסער שריפטשטעלער און גייסט־מענטש, אָבער גלייכצייטיק אויך אַ פּראַקטישער, ענער־גישער פּאָליטיקער. דאָס איז אַ זעלטענער זיווג ביי שריפטשטעלער. נאָרדוי האָט באַ־וואונדערט הערצלען, און געצווייפלט, צי ער אַליין וואָלט דאָס אויך געקאָנט. דער דאָזי־קער צווייפל האָט אים געהייסן, נאָך הערצל׳ס טויט, פאַרציכטן אויף די גרויסע באַרו־פונג. נאָרדוי האָט באַשלאָסן צו בלייבן דער וואָרט־פירער, דער אידעאָלאָגישער לע־רער, דער טריבון און מאָנער. די טאָג־טעגלעכע פּאָליטישע פירונג, די פּראַקטישע אַרבעט האָט ער איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע, וועלכע האָבן געפונען דעם מוט און כוח איבערצונעמען הערצלס פּלאַץ.

נאָרדוי שטיצט דעם נייעם פּרעזידענט דוד וואָלפזאָן, אין זיין קאַמף מיט דער אָפּאָזיציע, וואָס איז נאָך הערצלס טויט געוואָרן שטאַרקער און אַגרעסיווער. אָבער מיט יעדעם יאָר ווערט אַלץ שוואַכער די השפעה פון הערצלס תלמידים, די פּאָליטישע ציוניסטן, און ס׳וואַקסט דער כוח פון די אַזוי־גערופענע פּראַקטישע ציוניסטן, וואָס זיינען אייגנטלעך געווען אַ נייע פאָרם פון אַלטע חובבי־ציון. דער גרויסער אויטאָ־ריטעט פון נאָרדויען האָט נישט צוגעלאָזט, אַז די „יידנשטאַט״־תורה זאָל אויסגע־טוישט ווערן אויף גראָשנדיקע השגות און קליינלעכע מעשים.

די ערשטע וועלט־מלחמה אין יאָר 1914 איז געוואָרן פאַר נאָרדויען דער אַנט־שיידנדיקער ווענדע־פּונקט אין זיין לעבן. צוזאַמענגעבראָכן איז די אַלטע אייראָפּע־אישע וועלט, מיט איר ליבעראַליזם און עטיק, מיט איר פרייהייטלעכן פּאַטאָס און הומאַניסטישן גייסט. הגם נאָרדוי האָט דאָס פאָרויסגעזען און פאָרויסגעזאָגט, איז ער דאָך געשטאַנען מיט אַ צעבראָכענעם האַרץ ביי דעם קבר פון דער אייראָפּעישער קולטור. נאָרדוי איז פּערזענלעך געפאַלן אַ קרבן פון דער מלחמה־כוואַליע, וועלכע האָט פאַרגאָסן די גאַנצע וועלט. אַלס אונטערטאַן פון אַ פיינטלעכער מלוכה (עסטריי־כיש־אונגאַרישער), האָט ער געמוזט פאַרלאָזן פראַנקרייך. דער 65־יעריקער נאָרדוי איז געוואָרן אַ פּליט אויף דער פרעמדער שפּאַנישער ערד, ווייט פון זיין פּאַריז, אָפּ־געריסן פון יידישע צענטערן.

די גרויסע היסטאָרישע קאָניונקטור, ערב דער באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט נאָר־דויען ווידער אַקטיוויזירט און געשטעלט בראש פון די ציוניסטישע רייען. ס׳גייט דע־מאָלט אין דער ציוניסטישער מחנה אַ שטאַרקע פּלוגתא, צי זאָל מען פאַרלאַנגען אַ יי־

דישע מלוכה אויף אינטערנאַציאָנאַלע יסודות און גאַראַנטיעס, אָדער מ׳זאָל זיך באַגנוגענען מיט אַ נאַציאָנאַלער היים אונטער ענגלישער אַפּוטרופּסות. נאָרדוי שטעלט זיך בראָש פון די, וואָס פאַרלאַנגען קאַטעגאָריש אַ יידישע מדינה מיט אינטערנאַציאָנאַלע רעכט, און באַקעמפט שאַרף די פּראָ־ענגלישע ריכטונג פון פּראָפ. חיים וויצמאַן. די פּאָליטישע קאָניונקטור איז דעמאָלט געווען פאַר דעם ציוניזם אַ גוטע און איינפלוסרייכע ענגלישע און אַמעריקאַנישע צייטונגען האָבן געשריבן, אַז מ׳דאַרף יידן געבן אַ פולשטענדיק־אומאָפּהענגיקע מלוכה און נישט סתם אַ היים מיט ענגלישער אַפּוטרופּסות.

אָבער אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט נישט געזיגט די קאָנצעפּציע פון די פּאָליטישע ציוניסטן מיט נאָרדויען בראָש. געזיגט האָט די פּראָ־ענגלישע ריכטונג, און דער ציוניזם האָט זיין גורל פאַרבונדן מיט גרויס־בריטאַניע. נאָרדויס וואָרנונג איז ווידער געבליבן אַ קול קורא במדבר. נישט קוקנדיק דערויף, איז נאָרדוי ממשיך זיין קאַמף. אויף דער גרויסער ציוניסטישער יאָר־קאָנפערענץ, נאָך דער מלחמה, זומער 1920, אין לאָנדאָן, איז מאַקס נאָרדוי ערן־פּאָרזיצער. ער וויל זיך אָבער נישט באַגנוגענען מיט דער בכבודיקער ראָלע פון אַן אַלטן ציוניסטישן וועטעראַן. ער האָט גענוג געהאַט כבודים אין זיין לעבן. ער פאַרלאַנגט, ווי תמיד, דעם גאַנצן אמת און יושר. זיין נשמה ווייטיקט און זיין הארץ בלוטיקט צוליב די שרעקלעכע אוקראַאינער פּאָגראָמען און אַנטי־יידישע עקסצעסן אין גאַנץ מזרח־און־מיטל־אייראָפּע. נאָרדוי זוכט דעם וועג פון אַ שנעלער און גראַנדיעזער דערלייזונג פאַר די ליידנדיקע יידישע מאַסן. ער פאַרלאַנגט אַן עליה פון איין מיליאָן יידן במשך פון די נאָענטסטע פּאָר יאָרן. אָבער זיינע פּאָסטולאַטן ווערן נישט ערנסט גענומען.

נאָרדוי איז אַלט, שוין איבער די זיבעציק, אַנדערע זיינען יונג און שטאַרק, ער האָט בלויז דעם כוח פון זיין איבערצייגונג און אמונה, אַנדערע דיספּאָנירן מיט אָרגאַניזאַציעס און פאָנדן. נאָרדוי קאָן זיין ווילן נישט דורכזעצן, זיין וואָרנונג איז ווידער אַ קול קורא במדבר.

אין זיין לעצטן ווערק: „דער אינהאַלט פון דער ציוויליזאַציע" (וואָס איז דערשינען אין יאָר 1920) פּרוווט נאָרדוי צו געפונען אַן אויסוועג פון דער טראַגישער לאַגע, אין וועלכער די מענטשהייט איז אריין. די עטישע וועלט פון תנ"ך עפנט אים נייע האָריזאָנטן און מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען פאַרשלאָסן פאַר מענטשן מיט העלעניסטישער וועלט־אַנשויאונג. נאָרדוי, דער אַמאָליקער העלעניסט איז, ערב זיין טויט, באַהערשט געוואָרן פון די מעכטיקע קוואַלן פון תנ"ך־מאָטיוון און געפילן.

73 יאָר איז אַלט געווען נאָרדוי, ווען דער אומברחמנותדיקער טויט האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין אַרבעטסזאַמען און רומפולן לעבן. זיין לויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסע ציוניסטישע מאַניפעסטאַציע, און זיינעביינער זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין ארץ־ישראל.

נאָך איז צו ווייניק אָפּגעשאַצט געוואָרן ביי אונז די פערזענלעכקייט פון מאַקס נאָרדויען, נאָך וואַרטן מיר אויף די רואיקע צייט ווען דער „יידנשטאַט" וועט ווערן אַ געשעענער פאַקט און מיר וועלן קאָנען ווי געהעריק אָפּשאַצן און באַשרייבן די היסטאָרישע ראָל פון נאָרדויען אין דעם פּראָצעס פון יידישער דערלייזונג און ציוניסטישער אויפלעבונג. מיר האָפן און גלויבן, אַז די צייט איז נאָענט, און אַז נאָרדויס קבר אין תל אביב וועט ווערן איינער פון אונזערע הייליקסטע ערטער אין דער יידישער מדינה.

# די סטראַטעגיע פון אונזער קאַמף

ביי יעדן קאַמף, סיי מיליטערישן און סיי פּאָליטישן, שפּילן אַ גרויסע, אַמאָל אפילו אַנטשיידנדיקע ראָלע די טאַקטיק, די אָריענטאַציע, כוחות־מאָביליזאַציע, די ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דעם קעגנער א. א. וו., מיט איין וואָרט דאָס וואָס ווערט גע־רופן סטראַטעגיע פון קאַמף. נישט זעלטן, פאַרלירט מען אַ שלאַכט און אפילו אַ מל־חמה בלויז צוליב פעלערן אין דער סטראַטעגיע. צו דער חכמת־הסטראַטעגיע געהערט אויך דאָס אַרויסגעפינען די שוואַכקייטן און פעלערן ביים קעגנער. און נישט בלויז דאָס אַרויסגעפינען, נאָר אויך דאָס געהעריקע און פולשטענדיקע אויסנוצן פון די דאָזיקע קעגנערישע טעותים. מ׳טאָר נישט לייכט נעמען און אונטערשעצן די קונסט פון סטראַטעגיע. צום קאַמף דאַרף מען נאַטירלעך האָבן כוח און באַגייסטערונג, כלי־זין, געהעריקע מענטשן, טעכניק און נצחון־ווילן, אָבער דאָס אַלץ קאָן לאיבוד גיין, אויב די סטראַטעגיע פון קאַמף איז אַ שלעכטע, אַ פעלערהאַפטע.

מ׳דאַרף נישט מאריך זיין, כדי צו פאַרשטיין, אַז אונזער ראַנגלען זיך פאַר אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל קעגן אַ פראָנט פון שונאים, קעגנער און שטערער פאַרלאַנגט אַ גוטע, פאַרזיכטיקע סטראַטעגיע. פון דעם איז, אין אַ גרויסער מאָס, אָפּהענגיק אונזער נצחון. אונזער הויפּט־קעגנער, דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, האָט אַ לאַנגע און ראַפינירטע טראַדיציע פון מיליטערישער, פּאָליטישער, דיפּלאָמאַטישער, טאַקטישער און אומטאַקטישער קריגס־פירונג, און ער איז זיכער נישט קיין לייכטער קאַמף־פּאַרטנער. בפרט, אַז מיר מוזן פירן אונזער נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־קאַמף ביי אַ וועלט־קאָניונקטור, וואָס איז נישט גינסטיק פאַר אונז.

די שרעקלעכע בלוט־קאַטאַסטראָפע פון יידנטום איז פאָרגעקומען אין אַ צייט, וואָס איז אויסערגעוויינלעך ברוטאַל און געמיין. וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין אַ ים פון בלוט און טרערן פון אַן אומגליקלעך פאָלק, לגבי די נאַפט־קוואַלן פון נאָענטן־מזרח? היטלער איז באַזיגט געוואָרן, אָבער זיין יידן־מערדערישע אַגיטאַציע האָט פאַרסמט די וועלט און זי פאַרפעסטעט נאָך וייטער די לופט אַרום אונז. יידיש בלוט איז געוואָרן ביליק, און יידישע טרערן האָבן אַ קנאַפּע ווירקונג אין דער היינטיקער ווירקלעכקייט. די איצטיקע וועלט־קאָניונקטור איז פאַר אונז נישט באַזונדערס גינס־טיק. ממילא איז אויך די סטראַטעגישע לאַגע פון אונזער קאַמף אַ שווערע און אָנגע־שטרענגטע.

ס׳איז אַ דבר ידוע, אַז יעדער קאַמף פאַרלאַנגט קודם־כל אַ פעסטע, אייזערנע דיסציפּלין. די בעסטע סטראַטעגישע פּאָזיציע און די גרעסטע אָנשטרענגונגען קאָנען פאַרטאַכלעוועט ווערן צוליב מאַנגל אין דיסציפּלין. בפרט איז דאָס וויכטיק, ווען די

לאַגע איז אַ שווערע. יעדער דיסציפּלין־ברוך, יעדער דיוועוסיע־פּרווו קאָן ברענגען אַ געפערלעכן שאָדן.

מיט אַזעלכע דיסציפּלין־ברוכן און דיעוורסיע־פּרווון האָט איצט כסדר צו טון די סטראַטעגיע פון אונזער קאַמף. דאָס פאַרשווערט נאָך מער אונזער לאַגע און פאַרטיפט די געפאַר, וואָס דראָט אונז פון אַלע זייטן. אונזערע קעגנער אין יידישן לאַגער זיינען שוואַך און אָן באַדייטונג, אָבער יעדע זייערע אַנטי־ציוניסטישע אַקציע קאָן ווערן, ביי אונזער אָנגעשטרענגטער סטראַטעגיש־פּאָליטישער לאַגע, אַ געפערלעכע דיווערסיע. בכדי צו ברענגען אַ שאָדן דאַרף מען נישט זיין שטאַרק און טיכטיק. אַזאַ פאַרשויין ווי דער אַמעריקאַנער משומד להכעיס בנימין פרידמאַן, וועלכער פינאַנסירט די אַנטי־ציוניסטישע פּראָ־אַראַבישע פּראָפּאַגאַנדע, איז זייער שעדלעך מיט זיין דיווערסיע־אַרבעט. אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען, וועלכע טרעטן היינט אַרויס עפנטלעך אין דער פּרעסע און פאַרזאַמלונגען קעגן אונזערע פּאָסטולאַטן אין ארץ־ישראל, זיינען באַוווסט אָדער אומבאַוווסט פּאָליטישע וועדקצייג אין די הענט פון אונזערע געפערלעכסטע שונאים.

קעגן די דאָזיקע יידישע שונאים און בוגדים זיינען מיר מאַכטלאָז. מיר קאָנען זיי רופן העכסטנס צום טריבונאַל פון דער געשיכטע. דאַקעגן מוזן מיר פאַרלאַנגען, אַז אין דער איצטיקער שווערער סיטואַציע פון אונזער קאַמף פאַר אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל, זאָל אין אונזער ציוניסטישער מחנה אָפּגעהיטן ווערן מיט דער גרעסטער קאַטעגאָרישקייט די דיסציפּלין פון וואָרט, שריפט און טאַט. אויפן פראָנט טאָר זיך אפילו דער גרעסטער העלד נישט דערלויבן אויף אַ דיסציפּלינלאָזיקייט. די גרעסטע התלהבות, די פעיקסטע אָנשטרענגונג, די טרייסטע איבערגעגעבנקייט קאָנען נישט אַנטשולדיקן אייגנווויליקע אינדיווידועלע מעשים קעגן דעם ווילן פון דעם רוב. קיין שום אויסרייד און קיין שום תירוץ קאָנען נישט פאַרקלענערן די שולד פון די ציוניסטן, וואָס פּרווון היינט שפּאַלטן און ברעכן די אייניקייט. אונזער קאַמף און זיין סטראַטעגיע פאַרלאַנגען פון אַלע אונזערע מענטשן און פון אַלע אונזערע אָרגאַניזאַציעס די גרעסטע, אייזערנע דיסציפּלין.



# אליעזר בן־יהודה

## (צו זיין 25־טער יאָרצייט)

די גאַנצע וועלט באַוווּנדערט די העלדישע האַלטונג פון אונזער ארץ־ישראלדיקן ישוב. מיר יידן זיינען שטאָלץ מיט דעם מוט און כוח פון אונזערע ברידער און שוועסטער אין ארץ־ישראל. ס׳איז נישט בלויז דער פיזישער און מאַטעריעלער כוח. נאָך מער קומט צום אויסדרוק דער מאָראַלישער און גייסטיקער כוח פון ישוב. איינער פון די, וואָס האָבן דערצויגן און גייסטיק ווי אויך מאָראַליש שטאַרק געמאַכט דאָס ארץ־ישראלדיקע יידנטום איז געווען אליעזר בן־יהודה. ער האָט זיך בשלמות פאַרדינט, אַז אויך אין דער איצטיקער שווערער שעה, ווען דער גאַנצער ישוב און מיט אים צוזאַמען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, שטייען אין אַ העראָישן קאַמף פאַר אַ מלוכהשן קיום, זאָל מען זיין נאָמען דערמאָנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער 25־יאָריקער דאַטע פון זיין טויט.

אליעזר בן־יהודה (פּערעלמאַן) האָט געהערט צו יענער אומפאַרגעסלעכער און טייערער רוסיש־יידישער יוגנט, וואָס האָט מיט אַ צוויי דורות צוריק, אָנגעהויבן איר אַרבעט און קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער באַנייאונג פון יידישן פאָלק. נעמענדיק זיך אַביישפּיל פון די באַגייסטערטע רוסישע „נאַראָדניקי״ — האָט די דאָזיקע, אָפט שוין אַסימילירטע יידישע יוגנט, אַרויסגעוויזן התלהבותדיקע איבערגעגעבנקייט און קרבנות־פולע ענערגיע אין איר שטורמישן געראַנגל פאַר נייע, געזונטע יסודות פון יידישן נאַציאָנאַל־מלוכהשן קיום.

אַלס יונגער סטודענט איז אליעזר פּערלמאַן (וועלכער האָט באַלד געענדערט זיין פאַמיליע־נאָמען אויף בן־יהודה) געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון גרויסן העברעאישן שרייבער און דענקער פּרץ סמאָלענסקין. אין סמאָלענסקינס זשורנאַל „השחר״ דרוקן זיך אָפט בן־יהודה׳ס אַרטיקלען וועגן נאַציאָנאַלן און שפּראַכלעכן רענעסאַנס פון יידנטום. בן־יהודה געהערט צו די באַגייסטערטע אָנהענגער פון דער חובבי־ציוניסטישער באַוועגונג.

בן־יהודה איז אָבער נישט געבליבן בלויז אַ נאה דורש. ער טרעט צו ענערגיש צו רעאַליזירן אין לעבן זיינע אידעאַלן. אין די 80־קער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט באַזעצט זיך בן־יהודה אויף סטאַביל אין ירושלים, און מיט אַן אומגלויבלעכער, מסירת־נפשדיקער איבערגעגעבנקייט פּראָפּאַגירט ער אין דער אָפּגעשטאַנענער סביבה פון רעליגיעזע פאַנאַטיקער און הלוקה־שנאָרער די אויפלעבונג פון דער העברעישער שפּראַך. זיין שטוב איז די ערשטע אין ירושלים, ווו מ׳רעדט דעם לעבעדיקן העברעאישן לשון. ער גיט אַרויס אַ העברעאיש וואָכנבלאַט „הצבי״ מיט גרויסע קרבנות

און פאַרביסענער עקשנות. ער מוז קעמפן קעגן אַ וועלט פון שונאים, אייגענע און פרעמדע. אין דעם דאָזיקן קאַמף ווייזט זיך אַרויס זיין קריסטאַל־ריינער, פעסטער און התלהבותדיקער כאַראַקטער.

טראָץ אַלע רדיפות און אָפּחוזק, איז בן־יהודה סוף־כל־סוף מנצח. די העברע־אישע שפּראַך ווערט אַלץ מער איינגעוואָרצלט אין לעבן פון ישוב. בן־יהודה האָט די זכיה צו זען מיט זיינע אויגן דעם ווונדערבאַרן און מעכטיקן אויפלעבונגס־פּראָ־צעס פון דער העברעישער פּרעסע און ליטעראַטור, פון דער העברעישער שול און וויסנשאַפט, פון דעם העברעישן טעאַטער־און־קונסט־וועזן. די זאָמען, וועלכע זיינען דורך אים געזייט געוואָרן מיט צוויי דורות צוריק ביי אַזויפיל שוועריקייטן און קאַמפן, זיינען אויפגעוואַקסן און האָבן געגעבן מעכטיקע ווונדערבאַרע פּרוכטן.

ווען עס הויבט זיך אָן דער פּאָליטישער ציוניזם, אָנגעפירט פון אומפאַרגעסלעכן גרויסן מנהיג טעאָדאָר הערצל, איז בן־יהודה אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון דער נייער באַוועגונג. ער אונטערשטיצט הערצלען ביי זיין באַזוך אין ארץ־ישראל און געהערט צוזאַמען מיט אחד־העם, נחום סאָקאָלאָוו, ד"ר ערענפּרייז און אַנדערע צו דער קולטור־קאָמיסיע, וועלכע איז אויסגעוויילט געוואָרן אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס. אליעזר בן־יהודה איז בלב ונפש איבערגעגעבן דער אידייע און דער פּערזענלעכקייט פון ד"ר הערצל. זיין אמונה אין גרויסן ציוניסטישן מנהיג איז נישט דערשיטערט גע־וואָרן אפילו אין די שווערע אוגאַנדאַ־טעג. בן־יהודה, דער שעפער פון דער מאָדער־נער העברעישער שפּראַך און קולטור, דער מיטבויער פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, האָט אין יענע טעג אונטערשטיצט לייִדנשאַפטלעך די לערע פון מאַקס נאָרדוי, אַז אוגאַנדאַ איז נויטיק פאַרן יידישן פאָלק אַלס אַ פּראָוויזאָרישער נאַכט־אַזיל.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַשעפטיקט זיך בן־יהודה אויסשליסלעך מיט דער העברעישער קולטור־ און שפּראַך־אַרבעט. ער איז איינער פון די הויפּט־גרינדער פון „ועד־הלשון" אין ירושלים, וועלכער האָט די אויפגאַבע אָפּצוהיטן די ריינ־קייט פון דער העברעישער שפּראַך און צוצופּאַסן זי צו די נייע שפּראַך־באַדער־פענישן פון דער וויסנשאַפט, פון דער טעכניק און פון פּשוטן טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע. דער ישוב איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר, זיין לעבן האָט זיך באַרייכערט און כסדר קאָמפּליצירט, און מען האָט געמוזט דערצו צופּאַסן די אַנטוויקלונג פון דער העברעישער שפּראַך. די אַלטע ליטעראַטור־רייכטימער האָבן פאַרמאָגט אַ געוואַלדיקן שפע פון אויסדרוקן און ווערטער, מ'האָט אָבער געמוזט ביי דער אויסוואַל האָבן אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דעם זין פון די ווערטער, ווען זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן, און פאַר דעם אַקטועלן גייסט פון די היינטיקע שפּראַך־אויסדרוקן. אין דער דאָזיקער הינזיכט, האָט בן־יהודה אויפגעטון אַ ריזיקע אַרבעט, וועלכע איז אפשר נאָך נישט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן. טויזנטער נייע ווערטער, וואָס ווערן היינט אין לעבעדיקן העברעישן לשון באַנוצט אַלס נאַטיר־לעכע, איינגעוואָרצלטע אויסדרוקן, זיינען, אַזוי צו זאָגן, דערפונדן געוואָרן דורך אלי־עזר בן־יהודה. ס'דוכט זיך: נאָר אַ וואָרט, און דאָך וויפיל אַרבעט און וויפיל אַריינ־טראַכטן און שטודירן, האָט פאַרלאַנגט יעדער נייער אויסדרוק, יעדער נייער טעכני־שער שפּראַך־טערמין.

אַלס זיין לעבנס־אויפגאַבע האָט אליעזר בן־יהודה באַטראַכט די ריזיקע אַרבעט פון זיין גיגאַנטישן ווערק: „די ענציקלאָפּעדיע פון העברעישן ווערטער־בוך". דאָס

האָט געדאַרפט ווערן דער אוצר פון העברעישן שפּראַך־רייכטום און זיין גייסט אין היסטאָרישער אַנטוויקלונג זייט די עלטסטע צייטן ביז צום היינטיקן טאָג. דער דאָזיקער ריזיקער אויפגאַבע האָט בן־יהודה מקריב געווען זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן, פול מיט אַרבעטס־כוח און שעפערישער ענערגיע. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער אַרויסגעוויזן אַלע זיינע ווונדערבאַרע מעלות און פעיקייטן, ווי אויך זיין וויסן און פילזייטיקע ערודיציע. די גרויסע בענדער פון דעם דאָזיקן שפּראַכלעך־העברעישן קולטור־אוצר זיינען געבליבן אַן אייביקער מאָנומענט פאַר אליעזר בן־יהודה און זיין היסטאָרישער לייסטונג.

היינט צו דער פינף־און־צוואַנציקסטער יאָרצייט פון בן־יהודה, דאַרפן מיר דערמאָנען מיט דרך־ארץ און ליבע, מיט דאַנקבאַרקייט און אנערקענונג, זיין גרויסן נאָמען. ער האָט געהערט צו די וויכטיקסטע בויער פון אונזער נאַציאָנאַלער און קולטורעלער באַנייאונג, ער איז געווען דער פאָטער פון דער מאָדערנער, לעבעדיקער העברעישער שפּראַך.



אליעזר בן־יהודה

# די עבדים און זייער שקלאַפן־מאָראַל

צו זיין בני־חורין, פרייע מענטשן און אַ פריי פאָלק — אָט דאָס איז געווען די לעבנס־תורה, וועלכע מ׳האָט געשטעלט פאַר אונזער פאָלק, אָנהויבנדיק פון די עלטסטע תקופות פון זיין קיום. די גאַנצע היסטאָרישע מיסיע און אויפגאַבע פון אונזער גרויסן משה רבנו איז באַשטאַנען אין דעם צו מאַכן פון ייִדן פרייע מענטשן, צו פאַרוואַנדלען די געוועזענע מצרישע שקלאַפן אין אַ פריי, זעלבסטבאַוווסט פאָלק.

נישט־לייכט איז געווען די דאָזיקע מיסיע און אויפגאַבע! מ׳האָט שווער און ביטער געמוזט קעמפן ביים דערציען דאָס פאָלק ישראל, בכדי עס זאָל אויפהערן צו זיין אַ סטאַדע פון עבדים און זאָל זיך באַפרייען פון זיין קנעכטישער הכנעה און נידעריקער שקלאַפן־מאָראַל. דעם קאַמף קעגן אייגענער קנעכטשאַפט און עבדות האָבן ממשיך געווען במשך לאַנגע דורות, גרויסע ייִדישע נביאים און מנהיגים. אין אונזער תקופה איז געווען טעאָדאָר הערצל, דער יורש פון אונזערע נביאים און מנהיגים, דער, וועלכער האָט אויפסניי אויפגענומען דעם היסטאָרישן קאַמף קעגן אייגענער שפלות, עבדות און קנעכטישער הכנעה.

גראָד פסח, אונזער גרויסער נאַציאָנאַלער יום־טוב, איז דער סימבאָל פון דעם דאָזיקן באַפרייאונגס־קאַמף, איז די פאַרקערפּערונג פון אונזער דורות־לאַנגן ראַנגלען זיך מיט אייגענער עבדות און קנעכטישער שפלות. פסח איז געווען דער נצחון פון פרייהייט איבער עבדות, דער טריומף פון פרייע מענטשן איבער שקלאַפן, דער זיג פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג איבער פרעמדער פאַרקנעכטונג.

און דער דאָזיקער באַפרייאונגס־קאַמף פון דעם ייִדישן מענטש איז געבליבן אַקטועל און לעבנדיק ביז צום היינטיקן טאָג. פסח איז נישט בלויז אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע צערעמאָניע און טראַדיציע. ס׳איז אַ יום־טוב פון אַקטועלן, לעבנס־נויטיקן קאַמף פון אונזער פאָלק פאַר זיין באַפרייאונג. ס׳איז אַ קאַמף נישט נאָר קעגן אויסערלעכער, פרעמדער פאַרשקלאַפונג, נאָר אויך קעגן אייגענער, אינערלעכער עבדות און שפלות.

אין יעדן דור פירן מיר דעם דאָזיקן אומדערמידלעכן, אַלטן קאַמף. ווען אחד־העם האָט געשריבן אין זיין צייט וועגן „עבדות בתוך חירות״, האָבן מיר געגלויבט, אַז די צייטן פון דער שפלותדיקער אַסימילאַציע און קנעכטישן מיסיע־שקר ענדיקן זיך. ווען שפּעטער איז אויפגעטראָטן אונזער אומפאַרגעסלעכער נביא און מנהיג הערצל, האָבן מיר געגלויבט באמונה שלמה, אַז ענדלעך וועט פאַרניכטעט ווערן אין דעם ייִדישן לעבן די קנעכטישע שפלות און די געפאַלנקייט פון שקלאַפן־מאָראַל. עס איז אַ סך דערגרייכט געוואָרן אין דער דאָזיקער הינזיכט זינט הערצלס אויפטריט. אָבער לײדער, די 50־יעריקע פּאָליטישע, דערציערישע, נאַציאָנאַלע ווירקונג פון ציוי־

ניזם, האָט נישט לגמרי אויסגעוואָרצלט די אינערלעכע עבדות און די אייגענע שפּ־
לות. אפילו די מוראדיקסטע און בלוטיקסטע אין דער וועלט־געשיכטע מאַרטיראָ־
לאָגיע פון אונזער פאָלק בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט נישט אַרויסגעריסן
ביי אַ סך פון אונזערע ברידער און שוועסטער די איינגעהאַרטעוועטע שקלאַפן־מאָראַל
פון עבדות און געפאַלנקייט. צו אונזער טראַגישן געראַנגל פאַר אַ פרייען, נאַציאָנאַלן
קיום, איצט — שוין נאָך דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעישן יידנטום,
בלייבן זיי פרעמד און קאַלט צוליב דער קנעכטישער, שפלותדיקער געפאַלנקייט.

מיר געפינען נאָך אַרום זיך יידישע מענער און פרויען, וואָס זיינען אַזוי פאַר־
טאָן אין זייער נידעריקער תאוה פון ביזנעס־מאַכעריי און מ'שטיינס געזאָגט, לעבנס־
געניסעריי, אַז זיי האָבן נישט קיין קאָפּ און קיין האַרץ פאַר די ליידן און פאַר די
האָפענונגען פון אייגענעם פאָלק. אין זייער שקלאַפן־מאָראַל זיינען זיי אַזוי טיף גע־
פאַלן, נישט־האָבנדיק קיין שום געפיל פון זעלבסטאַכטונג, פון יושר, פון עטישער
פליכט און נאַציאָנאַלן סענטימענט.

***

צווישן ברייטע יידישע קרייזן בושעוועט די נידעריקע אַסימילאַציע פון „שמענ־
דריקעס". מ'דערציט קינדער אָן טראַדיציע, אָן יעדן נאַציאָנאַלן אינהאַלט, אָן געפיל
און האַרץ. מ'האָדעוועט אויף אַ דור פון מיאוסע עגאָיסטן, באַשעפענישן מיט אַ מאָ־
ראַל פון עבדות און שפלות.

מיר זעען, ליידער, אַרום זיך אויך יידישע שקלאַפן, וואָס פרווון צו פאַרדעקן
זייער געפאַלנקייט מיט אידעישע און פאַרטיי־פּאָליטישע לאָזונגען און פראַזן. אין
נאָמען פון עפּעס אַ משונהדיקן אינטערנאַציאָנאַלן קאָסמאָפּאָליטיזם (וואָס איז באמת
גאָר נישט בנמצא) פאַרלייקנט מען דעם אייגענעם נאַציאָנאַלן „איך", איז מען מבזה
דעם יידישן מענטש, וויל מען גאָרנישט הערן פון פרייהייט און גערעכטיקייט פאַר
דער אייגענער אומה. ביי פרעמדע, ביי נישט־יידן, זוכט מען אַרויס בלויז מעלות,
ביי יידן געפינט מען בלויז חסרונות. מיט אַ סאַדיסטישער שפלות פון אמתדיקע
שקלאַפן לאַכט מען אָפּ פון זיך אַליין, פון אייגענעם נאַציאָנאַלן מקור, מ'שפּאָט פון
אַלץ, וואָס איז טייער און הייליק אינעם יידנטום. פאַר די ווייטסטע, פרעמדסטע,
ווילדעסטע שבטים ערגעץ־ווו אין אַפריקע האָט מען מער רחמנות און געפיל, ווי פאַרן
אייגענעם פאָלק, וואָס האָט גראָד איבערגעלעבט אַ בלוטיקע קאַטאַסטראָפע, די שרעק־
לעכסטע מאַרטיראָלאָגיע אין דער וועלט־געשיכטע. מ'וויל בעסער זיין די נידעריקסטע,
שפלותדיקע עבדים ביי פרעמדע עבדים, ווי זיין בני־חורין, אַ פריי פאָלק ביי זיך.

פאַר די יידן, וואָס לעבן אין שרעקלעכער אונטערדריקונג אין די אַראַבישע לענ־
דער, האָט מען נישט קיין רחמנות און קיין געפיל פון מענטשלעכער גערעכטיקייט,
אָבער וועגן דעם מיליאָן אַראַבער, וואָס ווערן „נעבעך" גערודפט דורך די ציוניסטן
אין ארץ־ישראל, קאָן מען נישט פאַרגעסן אפילו אויף איין רגע. לויט דער דאָזיקער
שקלאַפן־מאָראַל קומט אויס, אַז די אַראַבער דאַרפן האָבן אין זייער באַזיץ 7 מלוכות
און אַ שטח וואָס איז אַזוי גרויס ווי הונדערט ארץ־ישראל'ס. אָבער די יידן טאָרן
נישט האָבן קיין אייגענע מלוכה, טאָרן נישט האָבן דאָס קליינע, אין שטח, ארץ־
ישראל לאַנד. ווען סאָוויעט־רוסלאַנד האָט מיט פוילן אויסגעטוישט אַ פּאָר מיליאָן
מענטשן — איז דאָס אין אָרדנונג, אָבער אַ ייִד, וואָס זאָל פאַרשלאָגן אויסצוטוישן
די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער אויף די יידן, וואָס וווינען אין די אַראַבישע לענדער,

דאַרף מען דורס זיין אַלס אַן אימפּעריאַליסט, שאָוויניסט, פאַשיסט. דעם קלענסטן פּאָלק אין דער וועלט קומט אַן אייגענע מלוכה, אָבער דעם יידישן פּאָלק, דעם אומ־גליקלעכסטן און אַממייסטן טראַגישן פּאָלק אין דער וועלט, טאָר מען קיין אייגענע מלוכה נישט פאַרגינען. פאַרוואָס און פאַרוועןַ? פרעגט זיי, די דאָזיקע „ברייטהאַר־ציקע וועלט־באַגליקער", וואָס זיינען באמת נישט מער ווי עבדים מיט אַ שקלאַפּע־רישער פאַראַכטונג צו זיך און צום אייגענעם פּאָלק!

זינט לאַנגע דורות, זינט יציאת מצרים פירט זיך אינעם יידישן לעבן דער קאַמף צווישן עבדות און חירות, צווישן קנעכטשאַפט און פרייהייט, צווישן שקלאַפּערישער געפאַלנקייט און נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. פּסח — איז דער סימבאָל, דער יום־טוב פון דעם דאָזיקן דורות־לאַנגן באַפרייאונגס־קאַמף. מיר ווילן דעם קאַמף אַזוי לאַנג פירן, ביז מיר וועלן סוף־כל־סוף אויסוואָרצלען די קנעכטישע שפּלות, די עבדות בתוך חירות, די שקלאַפן־מאָראַל פון פאַראַכטונג און אָפּשפּאָטן פון זיך אַליין, בכדי מיר זאָלן זיין ראוי צו ווערן אַ פריי פּאָלק אין אונזער פריי לאַנד, אין דער יידישער, ארץ־ישראלדיקער מדינה.



סדר ביי מזרח־יידן אין ארץ ישראל

# מיר און די אַראַבער*

מיר, מיינט מען דאָ דאָס יידנטום און דעם ציוניזם. וועגן דער טעמע: „מיר און די אַראַבער" איז שוין אַ סך גערעדט און געשריבן געוואָרן. און דאָך הערט מען טאָג־טעגלעך, פון פריינט און קעגנער, מיינונגען וועגן דער דאָזיקער פּראָבלעמאַטיק, וואָס זיינען ווייט (און אַמאָל זייער ווייט) פון ריכטיקער אינפאָרמאַציע און אָפּשאַצונג. מיר ווילן דאָ נישט מחדש זיין קיין שום חידושים, מיר ווילן בלויז קלאָר און גענוי פעסטשטעלן אמתע פאַקטן פון דער יידיש־אַראַבישער ווירקלעכקייט, ווי זי איז בנמצא אין דער איצטיקער תקופה.

קודם־כל אַ פּאָר נויטיקע ציפערן, וועלכע יעדער ציוניסט (און יעדער ייד) דאַרף קענען אויסנווייניק. ווי גרויס איז דער שטח, וועלכן עס פאַרנעמען די אַראַבער? די זיבן אַראַבישע מלוכות באַהערשן 4 און אַ האַלב מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער. ווי גרויס איז דער שטח פון ארץ־ישראל (אָן עבר הירדן)? 27 טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער. שוין די דאָזיקע צוויי ציפערן זאָגן מער ווי גאַנצע טראַקטאַטן. אויב מ'זאָל צוגעבן דערצו, אַז אינעם באַזיץ פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג געפינען זיך אויך די ריזיקע שטחים פון פראַנצויזישער און אַנדערער נאָך נישט דעצידירטער אַפּוטרופּסות, ווי מאַראָקאָ, אַלזשיר, טוניס, טריפּאָליטאַניע, וועט זיך די צאָל פיר און אַ האַלב מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער אַ סך און אַ סך פאַרגרעסערן. מ'קאָן אָן איבערטרייבן פעסטשטעלן, אַז די אַראַבער האָבן אין זייער עקספּאַנסיע־שטח אַ געוואַלדיק ריזיקן רוים, וואָס איז אַזוי גרויס ווי 300 (דריי הונדערט) ארץ־ישראל'ס. די איצטיקע אַראַבישע פּאָליטיקער פאַרלאַנגען אָבער אויך אונזער ארץ־ישראל, זיי דאַרפן האָבן צו די דריי הונדערט זייערע ארץ־ישראל'ס נאָך דאָס דריי־הונדערט־און־איינע. זיי, די אַראַבישע פּאָליטיקער, רעדן אויך וועגן יושר. לויט זייער יושר קומט אויס, אַז איינער דאַרף, למשל, פאַרנעמען דריי הונדערט האַלב־ליידיקע צימערן און דאָס לעצטע 301־טע צימער (אינעם בנין) טאָר נישט אַוועקגעגעבן ווערן פאַר דעם אָרימאַן, וואָס האָט פּשוט נישט וווּ אַוועקצולייגן זיין מידן קאָפּ.

עס זיינען פאַראַן צוויי מאָסן פון יושר, איין יושר פון דעם, וואָס פאַרלאַנגט אַ שטיקל פּלאַץ אויף גאָט'ס ערד, און אַ צווייטער יושר פון דעם, וואָס איז אוחז ביד. דאָס איז דער „יושר" פון דער היינטיקער אַראַבישער פּאָליטיק. צי איז מעגלעך,

* געשריבן און געדרוקט ענדע 1947, איידער עס זיינען פאָרגעקומען די גרויסע געשעענישן, וואָס האָבן געפירט צו דער שאַפונג פון דער יידישער מדינה. די אויספירונגען אין דעם אַרטיקל „מיר און די אַראַבער" זיינען, אין אַ סך הינזיכטן, נאָך היינט, אין יאָר 1952, אַקטועל.

ביי אַזאַ מין עגאָיסטישער „לעבנס־רוים״־פילאָזאָפיע דורכצוקומען מיט די הייַנטיקע אַראַבישע פירער? ווען מ׳לאָזט אונז רואיק און פריינטלעך דורכשמועסן זיך מיטן אַראַבישן פאָלקס־מענטש, וואָלטן מיר געהאַט וואָס אים צו זאָגן און מיט וואָס אים צו איבערצייגן. וואָלטן די אַראַבישע לענדער געווען אַזוי געדיכט באַפעלקערט ווי ס׳איז ארץ־ישראל, דאַן וואָלט גענדאַרפט אויף זייערע שטחים וווינען אַ באַפעלקערונג פון מינדעסטנס 500 (פינף הונדערט) מיליאָן מענטשן. אָנשטאָט דעם וווינט קוים אַ צענטל דערפון. ווי קומט עס, אַז ארץ־ישראל איז אַזוי געדיכט (פאַרהעלניסמעסיק!) באַוווינט, בעת די אַראַבישע לענדער זיינען האַלב־פוסטע? צי אפשר דערפאַר, וואָס ארץ־ישראל האָט באַזונדערע רייכטימער און איז באַזונדערס פרוכטבאַר? ניין, בשום אופן ניין! מיט זעכציק יאָר צוריק איז ארץ־ישראל געווען באַפעלקערט נישט־געדיכטער ווי די אַראַבישע לענדער. במשך די דאָזיקע 60 יאָר האָט די יידישע קאָלאָניזאַציע אויפגעטאָן וווּנדער, די יידן האָבן אַריינגעלייגט אין לאַנד געוואַלדיקע כוחות, שוויס און התלהבותדיקע ענערגיע, האָבן מקריב געווען פאַרן בנין־הארץ די בעסטע זין און גרויסע געלט־קאַפּיטאַלן. אַ דאַנק דעם יידישן קאָלאָניסט און חלוץ איז ארץ־ישראל ווידער געוואָרן אַ פרוכטבאַר און רייך לאַנד. אוודאי גלוסט זיך איצט נישט די אַראַבער צו פאַרציכטן אויף דאָס דאָזיקע שיינע און רייכע לאַנד, וואָס יידן האָבן אויפגעבויט. ס׳איז בעסער ווען מען קומט צום גרייטן, ווי אַליין אַריינצולייגן כוח און געלט אין אויפבוי פון אייגענע לענדער. ווער האָט די אַראַבער געשטערט אויפצובויען זייערע דריי הונדערט ארץ־ישראל׳ס? יאָ, זיי האָבן געהאַט שטערונגען מצד פרעמדע פאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע פאַקטאָרן. אָבער אויך די יידן האָבן געהאַט שטערונגען, זיכער נאָך גרעסערע און שווערערע. און דאָך האָבן מיר אויפגעבויט אונזער ארץ־ישראל, בעת זייערע ארץ־ישראל׳ס זיינען נאָך ווילד און פוסט!

מ׳קאָן לכן נישט צוטרעטן צום פּראָבלעם פון נאָענטן אָריענט און צו דער אַראַביש־יידישער פראַגע מיט דעם אייראָפּעישן מאָסשטאַב פון פּלאַץ־מאַנגל. דאָ, אין אייראָפּע, איז טאַקע די געדיכטעניש פון דער באַפעלקערונג (פּראָפּאָרציאָנעל) זייער אַ גרויסע און דער פּראָבלעם פון פּלאַץ־מאַנגל פאַרשאַרפט זיך אָפט. אַנדערש, לגמרי אַנדערש, איז די לאַגע אינעם נאָענטן אָריענט, אין די אַראַבישע לענדער. דאָרט עקזיסטירט נישט דער פּראָבלעם פון פּלאַץ־מאַנגל. פּלאַץ און ערד איז דאָרט פאַראַן בשפע רב. מיר האָבן געמאַכט דעם חשבון, אַז לויט דער געדיכטעניש פון דער הייַנטיקער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל, האָט געדאַרפט וווינען אין די אַראַבישע לענדער צען מאָל אַזוי פיל מענטשן, ווי זיי וווינען הייַנט. און ארץ־ישראל איז ווייט נישט אַזוי געדיכט באַפעלקערט, ווי די אייראָפּעישע לענדער. בעלגיע, למשל, וואָס איז נישט קיין סך גרעסער פון ארץ־ישראל האָט הייַנט אַ באַפעלקערונג פון 8 מיליאָן מענטשן. מיר ווייסן גאַנץ גענוי, און די דערפאַרונג האָט דאָס באַשטעטיקט, אַז דאָס קליינע ארץ־ישראל קאָן נאָך אַריינעמען אַ פּאָר מיליאָנען יידן. אויב אַזוי, לאָזט זיך לייכט פעסטשטעלן, אַז אויף די הייַנטיקע אַראַבישע שטחים וווינען אַפילו נישט צען פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, וואָס קאָן דאָ געפינען פּלאַץ און פרנסה.

נאָך איינמאָל מוזן מיר וואָרענען אַלע, וואָס ווילן אָביעקטיוו באַטראַכטן דעם פּראָבלעם פון נאָענטן אָריענט, אַז זיי זאָלן נישט צוטרעטן צו דעם דאָזיקן פּראָבלעם מיטן מאָסשטאַב פון אייראָפּעישן פּלאַץ־מאַנגל. אין נאָענטן מזרח זיינען דאָ

ריזיקע ערד־שטחים, פוסטע און פּאַרוואָרלאָזטע, וואָס וואַרטן אויף אויפבוי און קאָלאָניזאַציע. אַזאַ איראַק, למשל, דאָס אַמאָליקע ארם נהרים, איז צוואַנציק מאָל אַזוי גרויס ווי ארץ־ישראל און האָט קוים אַ באַפעלקערונג פון דריי און אַ האַלבן מיליאָן מענטשן, בעת אין אַלטערטום האָט עס, לויט די היסטאָרישע קוועלן, געהאַט אַ באַפעלקערונג פון פופציק מיליאָן מענטשן.

די אַראַבישע פּאָליטיקער ווייסן גאַנץ גוט, אַז די יידן האָבן אויפגעטון וווּנדער אין ארץ־ישראל און מ׳קאָן מיט דער הילף פון יידן אַ סך אויפטון פאַרן ווידעראויפבוי פון נאָענטן מזרח. די יידן מיט זייער ענערגיע, טאַלאַנט, פליים און אַרבעטס־פעאיקייט וואָלטן געהאָלפן אַרויסרייסן די אַראַבישע לענדער פון דער דורות־לאַנגער לעטאַרגיע, פּאַסיווער פּאַרוואָרלאָזיקייט, עקאָנאָמישער און גייסטיקער ירידה. יידן וואָלטן געקאָנט אַ סך מיטהעלפן, אַז דער אַראַבישער אָריענט זאָל זיך שנעל אַנטוויקלען אויפן וועג פון ווירטשאַפטלעכן און גייסטיקן פּראָגרעס, אַז די אַראַבער זאָלן אונז נישט דאַרפן מקנא זיין צוליב אונזער ארץ־ישראל, ווייל זיי וואָלטן געהאַט זייערע אייגענע דריי הונדערט ארץ־ישראל׳ס. די אַראַבישע וועלט, וואָס איז היינט פּרימיטיוו, אָפּגעלאָזט, פאַרנאַכלעסיקט, וואָלט מיט דער יידישער הילף געוואָרן אַ גרויסער פּראָגרעסיווער, מאָדערנער כוח, צום גליק און נוצן פון זיך און פון דער גאַנצער וועלט.

יידן און אַראַבער האָבן אַלזאָ אַ לעבנסוויכטיקן, בשותּפותדיקן היסטאָרישן וועג אין אויפוועקן, אַקטיוויזירן און מאָדערניזירן דעם גאַנצן נאָענטן אָריענט. אָבער צו דעם קאָן נישט און וויל נישט צולאָזן די היינטיקע אַראַבישע פּאָליטיק, וואָס ווערט לגמרי באַהערשט דורך די פעאָדאַלישע גרויסגרונט־באַזיצער (עפענדים), וועמענס גייסטיק־פּאָליטישע און ווירשאַפטלעכע מאַכט באַזירט אויף דער אָפּגעשטאַנענקייט און פּרימיטיוויקייט פון דער אַראַבישער וועלט. צו דעם וויל אויך נישט צולאָזן דער דריטער צד, דער אַפּוטרופּוס פון נאָענטן אָריענט, דער ענגלישער אימפעריאַליזם.

מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אַז יידן און אַראַבער האָבן פאַר זיך אַ בשותּפותדיקן, היסטאָרישן שלום־וועג, וועלכער באַשטייט אין דעם, ווי אַזוי און ווי אַמשנעלסטן אויפצוועקן דעם נאָענטן מזרח צו אַ נייעם ווירטשאַפטלעכן, גייסטיקן, קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן. די קאָלאָסאַלע, ריזיקע ערד־שטחים, וואָס געפינען זיך אינם אַראַבישן שפּראַך־רוים זיינען האַלב פוסט, פּאַרוואָרלאָזט זינט דורות, ווייט אָפּגעשטאַנען אין יעדער הינזיכט. אויף די דאָזיקע פילע מיליאָנען קוואַדראַט־קילאָמעטער איז דאָ פּלאַץ פאַר הונדערטער מיליאָנען מענטשן, בעת היינט לעבן דאָרט סך הכל אַ פּאָר צענדליק מיליאָנען אַראַבישע איינוווינער אין פּרימיטיווע און עלנטע באַדינגונגען. אונזער ארץ ישראל איז בלויז אַ קליין אינזל, וואָס ווערט פאַרלוירן אין די ריזיק־קאָלאָסאַלע ערד־שטחים פון נאָענטן מזרח. מיר מוזן כסדר באַטאָנען און אונטערשטרייכן דעם פאַקט, אַז אויף די ריזיקע שטחים, וואָס זיינען אַזוי גרויס ווי 300 ארץ ישראלס, איז פאַראַן פּלאַץ גענוג נישט נאָר פאַר די פּאָר מיליאָנען יידן, נאָר פאַר הונדערטער מיליאָנען נייע מענטשן. געוויינהייט ווערט פאַרוואַנדלט אין פּסיכאָלאָגיע און ווערט אין מענטשלעכן באַוווּסזיין אַ געזעץ. מיר, די אייראָפּייער, יידן און נישט־יידן, האָבן אין זיך, באַ־

וווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק, די אייראָפּעיִשע פּסיכאָלאָגיע, וועלכע איז צונויפ־געבונדן מיט דעם באַגריף פון קליינעם ערד־שטח און כסדרדיקן פּלאַץ־מאַנגל. בכדי אָביעקטיוו און גערעכט צו פאַרשטיין און באַאורטיילן דעם פּראָבלעם פון ארץ ישראל און נאָענטן מזרח, מוזן מיר קודם כל זיך באַפרייען פון אונזער איינגע־וואָרצלטער אייראָפּעאישער פּסיכאָלאָגיע. מיר מוזן טראַכטן און אורטיילן לויט גאַנץ אַנדערע כללים פון פּלאַץ און שטח. מיר מוזן איבערבויען אונזער אייראָפּע־עיִשע, ענגע געאָגראַפישע השגות אויף די קאָלאָסאַלע, ברייטע און ריזיקע נאָענט־מזרחישע ערד־רייכקייט, אויב מיר ווילן, אַז אונזער בילד וועגן דעם אַראַביש־יידישן פּראָבלעם זאָל זיין עכט און גערעכט.

במשך די 60 יאָר פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל, האָבן מיר, יידן, באַוויזן פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז מיר זיינען גלענצנדיקע קאָלאָ־ניזאַטאָרן. די יידישע פּיאָנערן זיינען געקומען אין אַ לאַנד, וואָס איז געוועזן פּוסט און פאַרוואָרלאָזט, ווי דער גאַנצער אָריענט. ביי שרעקלעכע עקאָנאָמישע, קלימאַ־טישע און פּאָליטישע באַדינגונגען האָבן די יידישע איינוואַנדערער אין ארץ ישראל אויפגעבויט במשך פון אַ פּאָר צענדליק יאָרן אַ הערלעך ווערק, וואָס וועט באַ־וווּנדערט און אָנערקענט פון דער גאַנצער וועלט. דאָס אָפּגעשטאַנענע, פאַרוואָר־לאָזטע לאַנד איז ווי מיט אַ כשוף־שפּרונג באַנייט, מאָדערניזירט, קולטיווירט און אינדוסטריאַליזירט געוואָרן. דאָס יידישע פאָלק האָט גלענצנדיק באַליגט זיין עק־זאַמען, ווייזנדיק וואָס עס איז ביכולת אויפצוטון פאַרן אויפבוי און אויפלעבונג פון נאָענטן מזרח.

נישט נאָר סענטימענטאַל־נאַציאָנאַלע מאָטיוון, נאָר בעיקר היסטאָריש־אָביעק־טיווע סיבות צווינגען דאָס יידישע פאָלק צו זוכן אַ געמיינזאַמען, קאָנצענטרירטן קיום אויף אַן אייגענער טעריטאָריע. אונזער געשיכטלעכער וועג פירט אונז און מוז אונז פירן צום נאָענטן מזרח. ווען עס האָט וועגן דעם נאָך נישט איבערצייגט דער ביז־איצטיקער געשיכטלעכער פּראָצעס פון יידישן פאָלק, דעם וועט די צוקונפט געבן די נויטיקע, קלאָרע לעקציע. הלואי זאָל די דאָזיקע לעקציע נישט זיין אַזוי טראַגיש און שרעקלעך, ווי זי איז געווען, ליידער, אין נאָענטן עבר. צי מיר ווילן, צי מיר ווילן נישט, איז אונזער קיום אין דער צוקונפט פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, מיטן אָריענט. מיר האָבן נישט קיין אַנדערן וועג, נישט אין דער קעגנוואַרט און נישט אין דער צוקונפט.

דאָס דאַרפן און מוזן פאַרשטיין די אַראַבער. מיר ווילן זיי העלפן אויפבויען, באַנייען און מאָדערניזירן דעם גאַנצן אָריענט, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס געטון אין ארץ ישראל. ס'איז שוין אפשר געקומען די צייט צו פּראָקלאַמירן די לאָזונגען פון סעמיטישער אחדות, פון פּאַנסעמיטיזם. זאָל אונז דאָס וואָרט נישט שרעקן! אַמאָל איז דער פּאַן־סלאַוויזם געווען אַ רעאַקציאָנערער, שאָוויניסטישער באַגריף, היינט איז די סלאַווישע סאָלידאַריטעט און ברודערלעכע אחדות אויפגעשריבן אויף די פענער פון די ראַדיקאַלסטע און רעוואָלוציאָנערסטע פּאָליטיקער. נאַטירלעך, מוז זיך אונזער אחדות מיט די אַראַבישע שכנים און שטאַם־ברידער שטיצן אויף דער אָנערקענונג פון אונזערע רעכט אויף אַ פרייע יידישע מלוכה אין ארץ ישראל. די אַראַבער מוזן פאַרשטיין, אַז מיר גייען נישט קיין ארץ ישראל, בכדי דאָרט צו זיין און צו בלייבן אַ מינאָריטעט. מיר זיינען שוין געווען במשך לאַנגע דורות אַ מי־

נאָריטעט אין די פֿאַרשידנסטע לענדער און מיר ווייסן שוין צו גוט דעם טעם פֿון אַ מינאָריטעט־לעבן. די טראַגיק פֿון יידישן פֿאָלק שטאַמט טאַקע דערפֿון, וואָס מיר זיינען איבעראַל אַ מינאָריטעט. מ׳האָט אונז שוין נישט איינמאָל געגעבן אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס אויף מינאָריטעט־רעכט און מיר ווייסן, וואָס פֿון דעם איז געוואָרן. אונזער פֿאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער קען אַלזאָ זיך באַזירן נאָר אויף אַ שלמותדיקער אנערקענונג פֿון אַ יידישער מלוכה אין גאַנץ ארץ ישראל. אונזערע ברית שלומניקעס און „השומר הצעיר״־דאָגמאַטיקער, וואָס זוכן דורך דעם פֿאַרזיכט אויף אַ יידישער מלוכה, צו שאַפֿן אַ קאָמפּראָמיס, ברענגען בלויז אַ שאָדן סיי דעם ציוניזם און סיי דער אידייע פֿון אַ יידיש־אַראַבישער אחדות. באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק נאַרן זיי זיך אַליין אָפּ אָדער ווילן אָפּנאַרן די אַראַבער. מיר מוזן קלאָר און דייטלעך רעדן מיט די אַראַבער און תמיד און איבעראַל פֿאַרלאַנגען די יידישע מלוכה אין גאַנץ ארץ ישראל. בתנאי זה, זיינען מיר גרייט, צו העלפֿן די אַראַבער, עקאָנאָמיש און אָרגאַניזאַטאָריש, פֿינאַנציעל און פּאָליטיש ביים אויפֿבוי פֿון גאַנצן ריזיקן נאָענטן מזרח, וואָס איז אין שטח אַזוי גרויס ווי אונזערע 300 ארץ ישראלס.

צי איז מעגלעך אַ פֿאַרשטענדיקונג מיט דער אַראַבישער וועלט אויפֿן יסוד פֿון דעם דאָזיקן אָפּמאַך? מיר האָבן די אמונה און די איבערצייגונג, אַז יאָ, ס׳איז מעגלעך! דאָס הייסט נאָך נישט, אַז דאָס איז שוין מעגלעך היינט, ביי די איצטיקע באַדינגונגען. די אַראַבישע וועלט און פּאָליטיק ווערט היינט לגמרי באַהערשט פֿון די רעאַקציאָנערסטע פֿאַקטאָרן פֿון גרויסע גרונט־באַזיצער, עפֿענדים, און פֿון פֿאַנאַטישן, מוזולמענישן קלער. סיי סאָציאַל, און סיי פּאָליטיש איז היינט די אַראַבישע געזעלשאַפֿטלעכקייט פּרימיטיוו און אָפּגעשטאַנען. נישטאָ קיין אָרגאַניזירטער מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט, נישטאָ קיין פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ, נישטאָ קיין בורזשואַזיע אַלס פּאָליטישער כוח. אַלץ שטעקט נאָך טיף אין מיטלאַלטערלעכע, פֿעאָדאַלע פֿאָרמען. די געזעלשאַפֿטלעכע קרייזן, וואָס הערשן היינט אין דער אַראַבישער וועלט ציטערן פֿאַר יעדער באַנייאונג, פֿאַר יעדער מאָדערניזירונג פֿון אָריענט, ווייל דאָס איז דער סוף פֿון זייער ווירטשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער הערשאַפֿט איבער די מאַסן פֿון פֿאַרקנעכטעטע אַראַבישע פֿעלאַכן און אַ־בעטס־מענטשן. די יידן אין ארץ ישראל ברענגען דעם פּראָגרעס, די מאָדערניזירונג פֿונעם נאָענטן מזרח. אָט דאָס איז די הויפּט סיבה פֿון דער היינטיקער אַראַבישער קעגנערשאַפֿט צום ציוניזם, צו אַ יידישער מלוכה אין ארץ ישראל. די היינטיקע אַראַבישע פּאָליטישע מאַכטפֿאַקטאָרן הערשן נישט בלויז אין ווירטשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער הינזיכט. אויך גייסטיק באַהערשן זיי די פֿאָלקס־מאַסן. מיט דער הילף פֿון פֿאַנאַטישן קלער און אייגענער אינטעליגענץ שאַפֿן זיי די אידעאָלאָגיע פֿון פּרימיטיוון שאָוויניזם און רעליגיעזער ראַסן־שנאה צו יידן, כדי צו דערשטיקן ביי די אַראַבישע פֿאָלקס־מאַסן יעדן געדאַנק פֿון קאַמף פֿאַר אייגענע רעכט, פֿאַר אַ געזעלשאַפֿטלעך פּאָליטישן פּראָגרעס. ווי לאַנג ס׳איז נישטאָ קיין אַראַבישע דעמאָקראַטיע, ווי לאַנג די אַראַבישע פֿאָלקס־מאַסן לאָזן זיך באַהערשן ווירטשאַפֿטלעך, פּאָליטיש און גייסטיק פֿון די עפֿענדים, אַזוי לאַנג איז ווייניק פֿאַראַן האָפֿנונג אויף אַ יידיש־אַראַבישער פֿאַרשטענדיקונג. בפֿרט, אַז דער פּאָליטישער און ווירטשאַפֿטלעכער מושל פֿונם אָריענט, דער ענגלישער אימפּעריאַליזם איז אַ פֿאַרביסענער קעגנער פֿון דער דאָזיקער פֿאַר־

שטענדיקונג. אַ שלום צווישן די אַראַבער און די יידן וואָלט דאָך אונטערגעגראָבן די יסודות פון דער בריטישער הערשאַפט אינם נאָענטן מזרח.

ענגלאַנד גרייט זיך צו אַ סטראַטעגישע באַזע אינם אָריענט צום קאַמף מיט סאָוויעט־רוסלאַנד. דער יידישער ישוב אין ארץ ישראל, וואָס איז פּראָגרעסיוו און באַשטייט בעיקר פון אַרבעטס־מענטשן, האָט נישט קיין פּאָליטישן קרעדיט ביי די בריטישע אימפּעריאַליסטישע מלוכה־מענער. זיי האָבן מער פאַרטרויען צו די רעאַקציאָנערע אַראַבישע עפענדים און זייער מיטהילף אין צוקונפטיקן קריג מיט סאָוויעט־רוסלאַנד. אָט, אויף דער דאָזיקער פּלאַטפאָרם שאַפט זיך אַן אחדות צווישן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם און די היינטיקע אַראַבישע פּאָליטיקער. די דאָזיקע אחדות איז געווענדעט קעגן דעם ציוניזם, קעגן דעם יידישן ישוב אין ארץ ישראל. דאָס מוז פאַר אונז בולט ווערן, ווען מיר ווילן קלאָר פאַרשטיין אונזער פאַרהעלטניש מיט ענגלאַנד און מיט די אַראַבער אין דער היינטיקער וועלט־סיטואַציע.

דער עיקרדיקער יסוד פון אונזער ציוניסטישער פּאָליטיק דאַרף זיך באַזירן אויפן פעסטן באַשלוס וועגן אַ ברידערלעכן שלום מיט די אַראַבער. ווי גרויס און שטאַרק ס׳זאָל נישט זיין די צוקונפטיקע יידישע מלוכה אין ארץ ישראל, איז אַ היסטאָריש־געאָגראַפישער פאַקט, אַז דער נאָענטער אָריענט איז און בלייבט (זיכער לאַנג) אַראַביש. מיט אונזערע שכנים אין סיריע און מצרים, אין איראַק און תימן, מוזן מיר שאַפן אַ פאַרשטענדיקונג און פרידלעך צוזאַמענלעבן. דאָס איז דאָך קלאָר פאַר יעדן. אָבער, ווי געזאָגט, דער וועג צום שלום מיט די אַראַבער פירט נישט דורך די אילוזאָרישע און שעדלעכע קאָמפּראָמיסן פון אונזערע פאַרשידנסטע ברית־שלומניקעס. די טאַקטיק פון רעזיגנירן און פאַרציכטן אויף די עיקר־פּרינציפּן פון ציוניזם וועט אונז זיכער נישט ברענגען קיין שלום מיט די אַראַבער. די דאָזיקע טאַקטיק איז און וועט בלייבן אַ באַווייז פון אונזער מאַכטלאָזיקייט. און אויף מאַכטלאָזע מענטשן און פעלקער האָט מען מאַנכמאָל רחמנות אָבער מען שליסט נישט מיט זיי קיין שלום־אָפּמאַכן. ווען מיר וועלן האָבן אַ שטאַרקע יידישע מלוכה אין ארץ ישראל, וועלן אונזערע אַראַבישע שכנים זיך רעכענען מיט אונז, און אונזערע פרידנס־באַמיאונגען וועלן האָבן אַ זין און אַ צוועק.

נישט איינמאָל פרוווט מען אין קרייזן, וואָס זיינען קעגנעריש געשטימט צום ציוניזם, אָנצוווייזן אויף דעם ריזיקאָ, מיט וועלכן עס איז פאַרבונדן די שאַפונג פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ ישראל אינמיטן פון דעם גרויסן אַראַבישן שפּראַך־רוים. די דאָזיקע חששות לאָזן זיך הערן אפילו אין קרייזן, וואָס זיינען אונז פריינטלעך געשטימט. מ׳קאָן בשום אופן נישט מסכים זיין מיט אַזאַ אויפפאַסונג. די היסטאָרישע אַנטוויקלונג האָט קלאָר און דייטלעך באַוויזן, אַז קיין בעסערע זיכערקייט פאַר זיין קיום קאָן קיין שום פאָלק נישט האָבן, ווי ביי זיך אין דער היים, אויף דער אייגענער מלוכהשער טעריטאָריע. קיין שום פאָלק לעבט נישט אין אַן אָפּגעזונדערטקייט פון פרעמדע כוחות און סכנות. דאָס פּוילישע פאָלק, למשל, געפינט זיך אינדערמיטן פון צוויי ריזיקע שכנים (רוסלאַנד און דייטשלאַנד) און נישט איינמאָל איז זיין נאַציאָנאַלער קיום צוליב דעם געווען באַדראָט. ענלעכע ביישפּילן קאָן מען ברענגען אויך פון אַנדערע פעלקער. קיין שום יחיד און קיין שום נאַציע האָבן נישט די גאַראַנטיע פון רבונו של עולם אויף אַ זיכערן פיזישן און נאַציאָנאַלן קיום לגבי פאַרשידענע סכנות און קאַטאַסטראָפעס, וואָס דראָען כסדר דער מענטשהייט. איינס איז

אָבער זיכער, אַז די גרעסטע גאַראַנטיע האָט אַ פֿאָלק ביי זיך אין דער היים. דאָס דאָזיקע היסטאָריש־סאָציאָלאָגישע געזעץ איז חל, נאַטירלעך, אויך אויף די יידן. אפילו ביי די ערגסטע באַציונגען מיט אונזערע אַראַבישע שכנים, וועט די יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל געבן אונז אַ סך און אַ סך גרעסערע זיכערקייט, ווי דער בעסטער גלות־קיום אין דעם ווייטסטן און טאָלעראַנטסטן לאַנד.

אין די אַראַבישע לענדער לעבן גרעסערע און קלענערע פֿאָלקס־ און רעליגיע־מינאָריטעטן. אין אונזער פּאָליטישן קאַמף פֿאַר אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל וועט אונז אויסקומען אפשר נישט־איינמאָל צו קאָאָפּערירן מיט די דאָזיקע מינאָרי־טעטן. די פּאָליטישע טאַקטיק איז קיינמאָל נישט אַ דאָגמאַטיש־פעסטע, זי מוז בלייבן עלאַסטיש און דינאַמיש. ס'איז אונזער חוב קודם־כל צו פֿאַראינטערעסירן זיך מיט דער יידישער מינאָריטעט אין די אַראַבישע לענדער. ס'איז שווער פעסטצושטעלן געננוי, ווי גרויס איז די צאָל פֿון די דאָזיקע אַראַבישע יידן. מ'קאָן רעכענען, אַז ס'איז בערך אַ מיליאָן נפשות. זייער לאַגע, סיי די רעכטלעך־בירגערלעכע און סיי די מענטש־לעך־גייסטיקע איז זייער אַ שווערע און טרויעריקע. אויב יידישע קהילות אין מצרים און אין אַנדערע אַראַבישע לענדער מוזן אָננעמען היינט אַנטי־ציוניסטישע דעקלאַ־ראַציעס, טאָ קאָן מען זיך לייכט פֿאָרשטעלן אין וועלכע באַדינגונגען זיי לעבן. עס איז פּשוט צו שטוינען, ווי גרויס ס'איז די ציניש חוצפּה פֿון געוויסע אַראַבישע פּאָ־ליטיקער, וועלכע זיינען אונז מבטיח מינאָריטעט־רעכט אין ארץ־ישראל. שיין וואָלטן מיר אויסגעזען, ווען מיר פֿאַרלאָזן זיך אויף זייער חסד, מיר וואָלטן אַזוי אויסגעזען, ווי אונזערע ברידער אין תימן און איראַק.

אונזער ציל דאַרף זיין ווי אַמשנעלסטן אויסצולייזן אונזערע ברידער און שוועס־טער, וואָס שמאַכטן אין די אַראַבישע לענדער. זייער פּלאַץ און צוקונפֿט איז ביי אונז אין ארץ־ישראל. טראַגיש און שווער איז דער גורל פֿון דער יידישער שארית הפליטה אין אייראָפּע. דאָס גיט אונז אָבער נישט קיין רעכט צו פֿאַרגעסן, אפילו אויף איין רגע נישט, וועגן דעם גורל פֿון די יידן אין די אַראַבישע לענדער. אין אונזער פּאָלי־טישן קאַמף פֿאַרן פעלקער־פֿאָרום דאַרפֿן מיר אָנווייזן אויף די לאַגע פֿון דעם מיליאָן אַראַבישע יידן און פֿאַרלאַנגען זייער רעפּאַטריאַציע קיין ארץ־ישראל. ס'איז נישט דערלאָזבאַר, אַז צוליב פּאָליטיש־טאַקטישע טעמים זאָלן מיר זיי מקריב זיין.

מ'האָט אַמאָל געפּרוווט צו זיכערן דעם קיום פֿון מינאָריטעטן אויפֿן וועג פֿון רעכטלעכע טראַקטאַטן און אָפּמאַכן. די דאָזיקע פּרווון האָבן נישט געהאַט קיין דער־פֿאָלג. די איצטיקע וועלט־אַנטוויקלונג גייט אויף דער ליניע פֿון באַפעלקערונג־אויס־טויש. אויב די אַראַבער אין ארץ־ישראל וועלן מסכים זיין אויף אַן אויסטויש מיט די יידן, וואָס געפֿינען זיך אין די אַראַבישע לענדער, קאָן דער דאָזיקער באַפעלקע־רונג־אויסטויש פֿאָרקומען גערעכט און גינסטיק פֿאַר ביידע צדדים. מיר האָפֿן, אַז אויך אין דער דאָזיקער הינזיכט, וועלן מיר, סוף־כל־סוף, קומען צו אַ פרידלעכן הסכם מיט אונזערע אַראַבישע שכנים.

און איצט צום סוף, אַ פּאָר ווערטער, אויפֿן אַדרעס פֿון אונזערע יידישע „לאַ־מעד־וואָוואָניקעס", וואָס קאָנען אויף קיין רגע נישט פֿאַרגעסן די „עוולות פֿון די פּאַ־לעסטינער אַראַבער". זייט וויסן, גוטע יידן, רחמנים בני רחמנים, אַז די אַראַבער אין ארץ־ישראל דאַרפֿן נישט האָבן אייער הילף און פּראָטעקציע! ס'איז דאָ ווער ס'זאָל זיך אָננעמען זייער קריוודע, הלוואי אויף אונז געזאָגט! די אַראַבער אין ארץ־ישראל

פֿאַרשטייען גאַנץ גוט ווי אַזוי צו פֿאַרטיידיקן זייערע רעכט און פּריווילעגיעס. די שכנותדיקע אַראַבישע מלוכות שטיצן מאַטעריעל און פּאָליטיש זייערע פּאַלעסטינער ברידער, ווען דער קלענסטער עוולה ווערט פּראָטעסטירט און אַלאַרמירט אין דער גאַנצער אַראַבישער וועלט. די אַנטי־יידישע ענגלישע אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל זשאַלעוועט נישט די אַראַבער איר אַפּוטרופּסות אויפֿן חשבון פֿון די יידן און זייערע שטייערן. ביי אַזאַ לאַגע, ווי קאָמיש און גלייכצייטיק טראַגיש זיינען די מענטשן, וואָס האָבן היינט קיין אַנדערע זאָרגן נישט, ווי צו מאָנען ביי אונז די קריוודעס פֿון די אַראַבער. די דאָזיקע יידישע „מענטשהייט־באַגליקער" זיינען אַזוי פֿאַרטון אין זייער אַראַבער־אַפּוטרופּסות, אַז זיי האָבן נישט קיין צייט און נישט קיין קאָפּ צו טראַכטן וועגן דעם גורל פֿון אונזער שארית הפּליטה און וועגן דער טרויעריקער לאַגע פֿון דעם מיליאָן יידן אין די אַראַבישע לענדער. ס'איז ביי די דאָזיקע יידישע „אַראַבער־פֿריינט" אַ מין פּאַטאָלאָגישע קרענק, די זעלבע, וואָס ברענגט יידישע גבירים דערצו, אַז זיי לאָזן איבער זייערע פֿאַרמעגנס פֿאַר קאַטוילישע קלויסטער, אָדער פֿאַר נעגערישע אינסטיטוציעס.

דאָס איז אָבער בלויז אַ קליינע אינערלעך־יידישע דערשיינונג פֿון דעם גרויסן פּראָבלעם: „יידן און די אַראַבער". צוריקקומענדיק צום עיקר מוז מען זאָגן צום סוף פֿון אונזערע אויספֿירונגען: מיר לעבן אין אַ תקופֿה, ווען שלום שליסט מען נאָר מיט אַ שטאַרקן, וואָס וויל און קען פֿאַרטיידיקן זיינע רעכט אויף אַ ווירדיקן קיום. מיט שוואַכע שליסט מען נישט קיין שלום, מ'האָט פֿאַר זיי וויניק רחמנות אָבער אַ סך פֿאַראַכטונג.



אין מדבר יהודה

# ציוניזם און עמיגראַציאָניזם

די מאָדערנע ציוניסטישע באַוועגונג עקזיסטירט שוין קנאַפּע זיבעציק יאָר. במשך דער דאָזיקער צייט זיינען אַרויס אין דרוק הונדערטער ביכער און טויזנטער פּובליקאַציעס, וואָס באַלויכטן אויספירלעך און אַלזייטיק די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע, איר פּראָגראַם און אַרבעט. דאַכט זיך, אַז דער ציוניזם און זיין ציל דאַרפן שוין זיין קלאָר פאַר אַלע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער יידישע פראַגע.

און דאָך הערן זיך ביז היינט שטימען, נישט נאָר צווישן קריסטן, נאָר אויך צווישן יידן, וועלכע באַווייזן, ווי גרויס ס'איז נאָך די איגנאָראַנץ בנוגע יידנטום און ציוניזם. איינער פון די אָפטע פעלערן, מיט וועלכע מיר טרעפן זיך צוזאַמען, איז די פאַרמישונג צווישן דעם באַגריף „עמיגראַציאָניזם" און דעם מהות פון ציוניזם. נישט וויכטיק צי דער דאָזיקער טעות ווערט געמאַכט באַוווסטזיניק. ער פאַרמישט די באַגריפן און פאַרווישט די גרענעצן.

דער ציוניזם וויל, מען מוז דאָס באַטאָנען צום טויזנטסטן מאָל, אָפּשאַפן דעם טראַגישן צושטאַנד פון יידישער פאָטערלאַנד־לאָזיקייט און בזה האופן אויסגלייכן די יידן מיט אַלע פעלקער אין דער וועלט. דער עמיגראַציאָניזם איז אַ פראַגע פון איבערוואַנדערונג צוליב עקאָנאָמישע און אַנדערע סיבות. אויך ביי אַנדערע פעלקער עקזיסטירן די דאָזיקע ביידע באַגריפן. מ'האָט אַ פאָטערלאַנד און גלייכצייטיק עקזיסטירט אַ פּראָבלעם פון עמיגראַציע און רעעמיגראַציע. די טענדענץ פון יעדער מלוכה און נאַציע איז צו קאָנצענטרירן די אייגענע באַפעלקערונג אויף דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע. נישט־תמיד געלינגט דאָס בשלמות, אָבער דאָס בלייבט די אָנגעצייכנטע פּראָגראַם־ליניע פון דער נאַציאָנאַלער פאָלקס־פּאָליטיק. קיינעם וועט אָבער נישט איינפאַלן צו באַהויפּטן, אַז די פּוילישע אָדער איטאַליענישע פראַגע קאָן געלייזט ווערן מחוץ דער אייגענער מלוכה אָדער טעריטאָריע.

דער ציוניזם האָט במשך יאָרצענדליקער געמוזט קעמפן, בכדי די וועלט זאָל פאַרשטיין, אַז סתם־עמיגראַציע קאָן נישט לייזן די יידן־פראַגע. ליידער, באַווייזן די לעצטע געשעענישן אין לייק־סאַקסעס, אַז דער דאָזיקער אמת איז נאָך נישט קלאָר פאַר אַלע. און אפשר איז ער שוין יאָר קלאָר געוואָרן, נאָר צוליב פּאָליטישע טעמים, מאַכט מען זיך כלא יודע, און מ'וויל דעם ציוניזם אַראָפּפירן פון מלוכהשן שליאַך אויף זייטיקע וועגן פון עמיגראַציאָניזם.

אַ סך נישט־יידישע פּאָליטיקער און זשורנאַליסטן האַלטן נאָך היינט, אַז ווען מ'זאָל דערמעגלעכן די לאַגער־יידן אין דייטשלאַנד און יידן אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, דאָס איבערוואַנדערן מעבר לאוקינוס, וואָלט געלייזט געוואָרן די יידישע פראַגע און ממילא וואָלט אַוועקגעפאַלן די נויטיקייט פון אַן אייגענער יידישער

מלוכה אין ארץ־ישראל. לוידער, געפינט די דאָזיקע מיינונג אויך אָנהענגער צווישן די ייִדן, נישט נאָר אין דער קליינער גרופּע פון דאָגמאַטישע בונדיסטן. אַ טייל פון די דאָזיקע עמיגראַציאָניסטן האַלטן, אַז אויב ס׳וועט געשאַפן ווערן אַ ייִדישע מלוכה אין ארץ־ישראל וועט דאָס בעיקר זיין אַ לייזונג פאַר דעם 700־טויזנט־קעפּיקן ישוב, אָבער פאַר דער ייִדישער פראַגע וועט ווייטער בלייבן איין תשובה: עמיגראַציע אין די ווייטע, מחוץ־אייראָפּעיִשע לענדער.

מ׳פרווווט דאָס באַווייזן מיט לאָגישע אַרגומענטן. אָט, אויך ביי אַנדערע פעלקער גייט אַ שטאַרקע עמיגראַציע פון אייגענעם פאָטערלאַנד אין ווייטע לענדער, צוליב עקאָנאָמישע סיבות. דער פאַרגלייך איז אָבער נישט קיין פאַרגלייך, ווייל שוין אין דעם וואָרט „עקאָנאָמישע סיבות” ליגט דער אונטערשייד צווישן דער הייִנטיקער ייִדישער און נישט־ייִדישער עמיגראַציע. אויך די ייִדישע עמיגראַציע מיט אַ דור צוריק, קיין אַמעריקע למשל, איז נישט געווען בלויז צוליב ריין־עקאָנאָמישע סיבות. הייִנט איז דאָס קלאָר פאַר אַלע: די ייִדישע עמיגראַציע גייט נישט בלויז צוליב עקאָנאָמישע סיבות. דער רעכטלעכער און פיזישער קיום פון ייִדן אין אַ סך אייראָפּעיִשע לענדער איז באַדראָט און דאָס טרייבט זיי אויפן וועג פון וואַנדערן און זוכן אַ נייע היים. דער עמיגראַציאָניזם ביי ייִדן איז אַלזאָ פולשטענדיק אַן אַנדערער ווי דער עמיגראַציאָניזם ביי אַנדערע פעלקער.

סימפּטאָמאַטיש איז, אַז די, וואָס ווייזן אונז די עמיגראַציע אַלס אַ לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע און ווילן אונז אין פרט פון עמיגראַציע אויסגלייכן מיט אַנדערע אומות העולם, נעגירן אָדער פאַרקלענערן דאָס אויסגלייכן מיט אַנדערע פעלקער אין דעם וויכטיקסטן געביט, אין דער נאַציאָנאַל־טעריטאָריאַלער שטאַטלעכקייט. זיי ווילן אונז באַווייזן, אַז אויך אַ ייִדישע מלוכה אין ארץ־ישראל, אויב זי וועט אפילו גובר זיין די גרויסע פּאָליטישע און מיליטערישע שוועריקייטן, וועט זי סוף־כל־סוף זיין צו קליין און צו שוואַך, בכדי צו לייזן די נויטן פון דער ייִדישער מאַסן־עמיגראַציע.

ווידער ווערט באַגאַנגען דער אַלטער אַנטי־ציוניסטישער און אַ־ציוניסטישער פעלער: מ׳וויל נישט מודה זיין וועגן ספּעציפישן כאַראַקטער פון ייִדישן פּראָבלעם, וואָס פאַרלאַנגט נישט סתם אַ לייזונג נאָר אַ נאַציאָנאַל־שטאַטלעכע לייזונג.

דער דאָזיקער פעלער האָט אונז אָפּגעקאָסט אַ ים פון בלוט בעת דעם לעצטן וועלט־קריג. ווען נישט־ייִדישע פּאָליטיקער ווייזן הייִנט אונז, דער שארית הפליטה, דעם וועג צום עמיגראַציאָניזם אָנשטאָט דעם ציוניזם, טאָ ווייסן זיי, מייסטנס, וואָס זיי ווילן. די מאַכט־אינטערעסן און אַנדערע ממשותדיקע, גראָב־מאַטעריעלע סיבות דיקטירן זיי אַן אידעאָלאָגישן תירוץ, וואָס באַקעמפט דעם ציוניזם און פּרייִדיקט דעם ייִדישן עמיגראַציאָניזם. אָבער וואָס זיינען אויסן די ייִדן, וואָס חזרן איבער די דאָזיקע עמיגראַציאָניסטישע טעאָריע? ווייל מער ווי אַ טעאָריע איז דאָס נישט. אין נאָמען פון עמיגראַציאָניזם וויל מען אונז פאַרשטעלן דעם וועג קיין ארץ־ישראל, אָבער די טויערן פאַר אַווירקלעכער ייִדישער מאַסן־עמיגראַציע וויל קיינער נישט עפענען. שוין דאָס אַליין באַווייזט אונז, ווי נישט־ערלעך און פאַלש עס זיינען די אַלע עמיגראַציאָניסטישע דבורים, וואָס זיינען נאָר אויסן איין זאַך: צו פאַרטומלען די מוחות און אַראָפּצופירן דאָס ייִדישע פאָלק פון איינציקן רעטונגס־וועג, וועלכער פירט און מוז פירן צו דער ייִדישער מלוכה אין ארץ־ישראל.

און דאָס איז נישט סתם אַ טעאָריע און דאָגמע, וועלכע דער ציוניזם וויל סור־געסטירן און אָנוואַרפן. צי האָט זיך דאָס יידישע פאָלק, במשך דעם לעצטן יאָרהונדערט, נישט איבערצייגט דורך שרעקלעכע לײדן און דערפאַרונגען, אַז אײנציק־און־אַליין דער ציוניזם האָט פאָרויסגעזען די היסטאָרישע אַנטוויקלונג און געוויזן דעם וועג צו דער לייזונג?

די ציוניסטישע טעאָרעטיקער האָבן נאָך מיט 60 און 50 יאָר צוריק באַוויזן, אַז די יידישע עמיגראַציע קאָן נישט לייזן די יידישע פראַגע, ווייל דער פראָבלעם איז נישט קיין עקאָנאָמישער און נישט קיין סאָציאַלער נאָר אַ מלוכהש־נאַציאָנאַלער. דער יידישער עמיגראַנט שלעפט מיט זיך מיט דעם אַנטיסעמיטיזם, פון וועלכן ער וויל אַנטלויפן. אַזוי האָט געשריבן און געלערנט אונז טעאָדאָר הערצל, אין זיין „יידנשטאַט”, מיט 52 יאָר צוריק. ס'איז גענוג אַ קוק צו טון אויף דער לאַגע פון די יידן אין די נייע אייגוואַנדערונגס־לענדער מעבר לאוקינוס, בכדי מודה צו זיין, אַז הערצל האָט געגוי און טיף אַנאַליזירט דעם גורל פון יידישן עמיגראַנט.

צי איז דער יידישער עמיגראַנט פון פוילן און רומעניע אַנטלאָפן פון היימישן אַנטיסעמיטיזם, בכדי אין אַ ווייטן, פרעמדן לאַנד איבערצוחזרן דעם זעלבן טראַגישן טעות? צי איז געווען כדאי דאָס אַרומוואַלגערן זיך איבער לענדער און ימים? פון יידישן גורל, פון אַנטיסעמיטיזם קאָן מען נישט אַנטלויפן! איין וועג איז דאָ צום אַנטלויפן: צום אייגענעם לאַנד, צו דער אייגענער מלוכה אין ארץ־ישראל. אויב דער דאָזיקער וועג זאָל, חס וחלילה, פאַרשלאָסן ווערן, שטייען מיר פאַר אַ תהום.

די ציוניסטישע דיאַגנאָזע וועגן דער יידישער וועלט־לאַגע האָט אַמאָל אויסגעזען צו פעסימיסטיש און צו ריזיקאַליש. אָבער היינט, ווען מיר וואָרנען און זאָגן, אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע און אויסטראַליע, אין דרום־אַפריקע און ווו אַנדערש, איז ערשט אַן אָנהויב, וואָס מוז ליידער, וואַקסן מיט דער וועלט־פאָליטישער פאַרשאַרפונג און בעיקר מיט דער פאַרגרעסערטער צאָל פון יידישע איינוואַנדערער, מוז מען זיין טויב און בלינד, בכדי דאָס נישט צו פאַרשטיין. אין חכם כבעל נסיון! וויפיל דערפאַרונגען און וויפיל טראַגעדיעס דאַרף מען נאָך האָבן, בכדי צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן פונדאַמענטאַלן אמת פון יידישן קיום! יעדער נייער יידישער איינוואַנדערער פאַרגרעסערט און פאַרשאַרפט דעם אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד. דער עמיגראַציאָניזם איז אַ פאַלשע אילוזיע, אַ שווערער פעלער לגבי דעם יידישן פאָלק און זיין גורל, אַזוי ווי ער איז געווען באַלד אין אָנהויב, ווען אין יאָר 1882 האָט די עמיגראַציאָניסטישע געזעלשאַפט „עם עולם” געפריידיקט די קאָלאָניזאַציע אין אַמעריקע קעגן דער ארץ־ישראלדיקער קאָלאָניזאַציע פון די חובבי־ציון.

די לאַגע אין ארץ־ישראל איז היינט אַ שווערע און דער קאַמף פאַר דער יידישער מלוכה איז אַ בלוטיק־טראַגישער. דאָס איז נישט די שולד פון ארץ־ישראל און נישט די שולד פון ציוניזם. דאָס, וואָס מיר האָבן פאַרנאַכלעסיקט און פאַרשפעטיקט צוליב אונזער צוגעבונדנקייט צום גלות־לעבן און צוליב עמיגראַציאָניסטישע אילוזיעס, מוזן מיר היינט אויסקויפן מיט דעם טייערסטן, וואָס מיר האָבן. סיי דער יחיד און סיי דער כלל באַצאָלן פאַר פעלערן און טעותים. די געשיכטע שענקט קיינעם גאָרנישט! דער גורל־וועג פון יידישן פאָלק צו זיין נאַציאָנאַלער און שטאַטלעכער זעלבסטשטענדיקייט, איז היינט, אין דער ברוטאַלער און צינישער וועלט־פאָליטיק, אַ זייער שווערער און טראַגישער. אָבער קיין אַנדערן, בעסערן וועג האָבן מיר נישט, און קאָנען

אויך נישט האָבן. דער עמיגראַציאָניזם, וואָס וויל שלעפּן די יידישע טראַגעדיע פון איין לאַנד צום אַנדערן, איז אַ פאַרפירערישע, פאַלשע אילוזיע. זי קאָן מיט גאָרנישט ענדערן די אייזערנע געזעצן פון יידישן גורל און קיום, וואָס פאַרניינען דעם גלות. ס׳איז די העכסטע צייט צו פאַרשטיין, אַז נישט מיר פאַרניינען דעם גלות, נאָר דער גלות פאַרניינט אונז! צי מיר ווילן, צי מיר ווילן נישט, — מיר מוזן גיין אויפן איינציקן וועג, איינציקן רעטונגס־וועג, וועלכער איז אונז פאַרבליבן. דאָס איז נישט דער וועג פון נייע גלות־לענדער, פון נייע אַנטיסעמיטישע רדיפות, נאָר דער וועג, וועלכן דער מאָדערנער ציוניזם ווייזט דעם יידישן פאָלק זינט צוויי דורות.

# היסטאָרישע געשטאַלטן פון פּוילישן ציוניזם

## פאָרוואָרט

שוין פייערן מיר דעם פופציק־יאָריקן יובילײ פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, ווו ס'איז געגרינדעט געוואָרן די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. יאָרן לויפן שנעל און אַ גאַנצער דור פון דער יידישער געשיכטע געהערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. ווו זיינען זיי, די אײדעלע, טאַלענטירטע און ענטוזיאַסטישע געשטאַלטן פון אונזערע ציוניסטישע פירער אין פוילן, וואָס האָבן זינט דער ראָמאַנטישער הערצל־תקופה באַגייסטערט און מיטגעריסן, מיט וואָרט און שריפט, די יידישע פאָלקס־מאַסן? פאַר אונז, דעם ערשטן נאָך־הערצליאַנישן דור, זיינען זיי נאָך לעבעדיקע, רעאַלע געשטאַלטן. פאַר אונזער יוגנט זיינען זיי שוין אַ לעגענדע, אַ שטיק היסטאָריע. זיי זיינען נישט מער דאָ אין לעבן. פאַרשווונדן זיינען זיי צוזאַמען מיט זייער העראָיש־פאַטעטישער תקופה. זיי זיינען די הערלעכע פאַרגאַנגענהייט, וואָס בלייבט אויף תמיד אין זכרון, און צוזאַמען מיט זיי געהערט שוין צו דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט דאָס פוילישע יידנטום מיט זיין לעבנס־שפּראָצנדיקער נאַציאָנאַל־קרעפטיקער, קולטור־בויענדיקער און פאָליטיש־אָנפירנדיקער מאַסן־קאָנצענטראַציע.

נישט ביאָגראַפיעס אָדער מאָנאָגראַפיעס פון אונזערע אַמאָליקע מנהיגים פון פוילישן ציוניזם, וויל איך דאָ געבן. ס'וועט זיכער נאָך קומען די צייט און געלעגנהייט דערצו. דאָ וויל איך בלויז אין זכרון באַנייען די דאָזיקע אומפאַרגעסלעכע געשטאַלטן אין זייער כאַראַקטעריסטישער, בולטער פאָרם. נישט גענויע, סיסטעמאַטיש־פּרעציזירטע און צונויפגעשטעלטע בילדער וועלן זיך דאָ באַקומען, נאָר בילדער־סילועטן, געמאָלט אין אַלגעמיינע, קורץ־געפאַסטע שטריכן.

זאָלן די דאָזיקע אײדעלע געשטאַלטן, אַרויסגערופן פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז אַזוי נאָענט און דאָך אַזוי ווייט, צוריקפירן אונז אין אַ תקופה, וואָס איז געווען פול מיט גלאַנץ און פאַטאָס, מיט אמונה און קאַמף, מיט כוח און טאַלאַנט, מיט התלהבות און שעפערישקייט.

צוליב דער פראַגמענטאַרישקייט פון מיין ארבעט, זיינען דאָ נישט דערמאָנט

געוואָרן אַלע היסטאָרישע געשטאַלטן פון פּוילישן ציוניזם, וואָס האָבן זיך דאָס בשל־מות פאַרדינט. אויסערדעם זיינען אייניקע געשטאַלטן געשילדערט געוואָרן באריכות און אַנדערע ווידער בקיצור. אָבער דער כמות האָט אין דעם פאַל גאָרנישט צו טון מיטן איכות. אויך די רייען־פאָלגע פון די געשטאַלטן איז נישט צוליב וועלכער ס'איז קוואַליפיקאַציע, ס'איז פּשוט אַ צופאַל.

## א) אַדאָלף שטאַנד

אויף אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן און צוזאַמענפאָרן ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַלעמען באַקאַנט געוועזן די נישט־הויכע אָבער פעסטע געשטאַלט פון אַדאָלף שטאַנד, דעם פירער פון די ציוניסטן אין גאַליציע. מיט זיין פּערזאָן האָט שטאַנד רעפּרעזענטירט אַלע מעלות פון אַ יידיש־גאַליציאַנישן אינטעליגענט. געווען איז שטאַנד אַ מענטש מיט בילדונג און קולטור, מיט טאַלאַנט און שעפערישער פאַנטאַזיע, און דערביי אויסערגעוויינלעך פאָרנעם און באַשיידן. ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבן זיך אָפּגערופן אויף הערצלס „יידנשטאַט"־אַפּעל. אַלע זיינע פעיקייטן און דעם גאַנצן ענטוזיאַזם פון זיינע יונגע יאָרן האָט שטאַנד געשטעלט אין דינסט פון דער נייער נאַציאָנאַל־יידישער אויפלעבונג, איר באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע. אַלס יונגער סטודענט נעמט ער שוין אָנטייל אין ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל. צוריקקומענדיק קיין גאַליציע וואַרפט ער זיך מיטן גאַנצן ברען פון זיין התלהבות צו דער אַרבעט. ער גיט אַרויס און רעדאַגירט די פּויליש ציונג פון די גאַליצישע ציוניסטן, צוערשט „פּשישלאָשטש" (צוקונפט) און דאַן „וּוסכוד" (מזרח). זיינע אַרטיקלען און עסייען זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט אַ גרויסער אָנערקענונג, ווייל זיי זיינען געשריבן געווען מיט אַ סך טאַלאַנט און האַרציקער וואַרימקייט. די יערלעכע אַלמאַנאַכן, וועלכע שטאַנד גיט אַרויס („ראָטשניק זשידאָווסקי") האָבן דערצויגן טויזנטער ציוניסטישע אָנהענגער און קעמפער צווישן דער יידיש־פּוילישער אינטעליגענץ.

שטאַנד איז אַ גלענצנדיקער רעדנער, אַ קונסט־אָראַטאָר אינעם בעסטן זין פון וואָרט. זיין מעכטיקע לייבן־שטים האָט באַהערשט טויזנט־קעפּיקע מיטינגען. שטאַנד האָט גערעדט צום שכל און האַרצן. מער נאָך צום האַרצן, מיט פּאַטאָס. אין זיינע ווערטער האָט זיך געפילט די טיפקייט פון איבערצייגונג און די וואַרימקייט פון געפיל. ער איז געווען אַן אמתער פאָלקס־טריבון לויטן מוסטער פון די גרויסע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע מאַסן־פירער. ס'איז געווען די תקופה, וואָס האָט נאָך געאָטעמט מיט די טראַדיציעס פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די אָראַטאָרישע קונסט האָט געשפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָל. מיט אַ שיינער רעדע האָט מען געקאָנט אויפטאָן ווונדער. פאָלקס־טריבונען זיינען אויסגעוואַקסן אַ דאַנק זייער אָראַטאָרישן טאַלאַנט, צו דער מדרגה פון אומגעקרוינטע מלכים. מיט רעדעס האָט מען באַשאַפן פאָלקס־באַוועגונגען און מאַסן־פּאַרטייען, מיט רעדעס האָט מען געוואָרפן רעגירונגען און מאָביליזירט רעוואָלוציאָנערע שטורמען, מיט רעדעס האָט מען פאַרניכטעט דאָס אַלטע און געבויט דאָס נייע.

אַדאָלף שטאַנד האָט באַשלאָסן צו דעראָבערן, מיט זיין גרויסן אָראַטאָרישן טאַלאַנט, די יידישע פאָלקס־מאַסן אין גאַליציע. לאַנגע יאָרן פון אומדערמידלעכער טעטיקייט אין וואָרט און שריפט האָט ער אַוועקגעגעבן, בכדי צו געווינען פאַרן ציוניזם די אַסימילירטע אינטעליגענץ. ער האָט דערצויגן קאַדרעס פון אויסגעצייכנטע טוערס, וואָס האָבן געקאָנט ממשיך זיין די יידיש־נאַציאָנאַלע אַרבעט ביי דער אינטעליגענץ און יוגנט. שטאַנד האָט גענומען אויף זיך די שווערסטע אַרבעט: צו באַפרייען די יידישע פאָלקס־מאַסן אין גאַליציע פון דער פאָליטישער און גייסטיקער ממשלה, וועלכע די אַסימילאַציע האָט, זינט יאָרצענדליקער, פולשטענדיק און ריקזיכטסלאָז געהאַלטן אין אירע הענט.

און דאָס זיינען געווען שטאַרקע און געמיינע הענט! געשטיצט אויפן כוח פון פריץ, פון די, אין לאַנד מעכטיקע פוילישע פאָליטיקער און ביוראָקראַטן, האָבן די יידישע אַסימילאַטאָרן איינגעפירט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך אַ מין ווירטשאַפטלעך־פאָליטישע קנעכטשאַפט, לגבי וועלכער דער יידישער פאָלקס־מענטש איז געווען מאַכטלאָז אויסגעליפערט אויף טויט און לעבן. דער קאַמף קעגן דער דאָזיקער שטאַרקער אַסימילאַטאָרישער מאַפיע, וועלכע איז מיט אַלע כוחות געשטיצט געוואָרן דורך דעם מעכטיקן רעגירונגס־אַפּאַראַט, איז געווען אַן אויפגאַבע, וואָס האָט פאַרלאַנגט אַן אויסערגעוויינלעכע, כמעט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג פון מוט און אַרבעט, פון התלהבות און טאַלאַנט. אַדאָלף שטאַנד פאָרט פון שטאָט צו שטאָט, פון שטעטל צו שטעטל, אומעטום האַלט ער אָפּ פאַרזאַמלונגען, אין זאַלן, אין בתי מדרשים, אויף מאַרק־פלעצער און אין הויפן. זיין מעכטיקע שטים דונערט און רופט צום קאַמף קעגן דער אַסימילאַטאָריש־פריצישער שקלאַפעריי. ווען שטאַנד פאַלט אַריין, בעת זיין רעדע, אין התלהבות, ציטערן די ווענט אין פאַרזאַמלונגס־לאָקאַל. עס ציטערן אָבער אויך די איינגעפונדעוועטע, זינט יאָרצענדליקער, פונדאַמענטן פון דער אַסימילאַטאָריש־פריצישער ממשלה אין דער יידישער גאַס. די פריצים און זייערע „מאָשקעס" זיינען אויפגעבראַכט, מ'לאָזט שטאַנדן נישט רעדן, מען באַשטראָפט די אייגנטימער פון די לאָקאַלן, מען אַרעסטירט די פאַרזאַמלונגס־איינבערופער, מען פאַרפאָלגט שטאַנדס אָנהענגער.

אָבער פאָלקס־טריבונען פון אַדאָלף שטאַנדס מאָראַלישער און פאָליטישער קוואַליטעט לאָזן זיך נישט בויגן און ברעכן. די וואַל־קאַמפּאַניע אין מאַי 1907, צום ערשטן פאָלקס־פאַרלאַמענט אין עסטרייך, איז אַ גרויסער טריומף פון דער ציוניסטישער פאַרטיי אין גאַליציע. טראָץ טעראָר און שווינדל, קאָרופּציע און פאַרפאָלגונגען מצד די פאָליציי־און־אַדמיניסטראַציע־אָרגאַנען, דעראָבערן די ציוניסטן אין גאַליציע דריי מאַנדאַטן. די צאָל פון מאַנדאַטן וואָלט געווען אַ טאָפּלטע אָדער דריי־פאַכיקע, ווען נישט די פשוטע, געמיינע גניבה פון וואַל־שטימען, וואָס האָט די גאַליצישע וואַלן „באַרימט" געמאַכט אין דער גאַנצער וועלט. אָבער נישט וויכטיק איז די צאָל פון מאַנדאַטן. וויכטיק איז דער פולשטענדיקער נצחון פון דער ציוניסטישער אידייע און פאָליטיק אויף דער יידישער גאַס אין גאַליציע און דער סוף פון דער הרפּהדיקער פאָליטישער שקלאַפעריי אין דינסט פון דער אַסימילאַציע.

דער ציוניסטישער טריומף אין מאַי 1907 איז געווען דער פערזענלעכער טריומף פון אַדאָלף שטאַנדן. דאָס איז נישט לייכט און פלוצלונג דערגרייכט געוואָרן. ס'איז



אַדאָלף שטאַנד

געווען אַ רעזולטאַט פון אַ צען־יאָריקער איבערגעגעבענער, אומדערמידלעכער און קרבנותפולער אַרבעט.

אין ווין, אַלס דעפּוטאַט פון עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, איז אַדאָלף שטאַנד ממשיך זיין ציוניסטיש־פּאָליטישע טעטיקייט. ער גיט דעם „יידישן קלוב" אינעם ווינער פּאַרלאַמענט, איניציאַטיוו און קאַמפּס־מוט. שטאַנדס רעדעס אין פּאַרלאַמענט מאַכן אַ טיפן איינדרוק אויף די דעפּוטאַטן פון אַלע עסטרייכישע נאַציעס און פּאַרטייען. זיי ווערן געדרוקט אין דער יידישער און אַלגעמיינער פּרעסע און מאָביליזירן די עפנטלעכקייט לטובת די יידיש־נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע פּאָסטולאַטן.

שטאַנד באַגנוגנט זיך נישט מיט זיין פּאַרלאַמענטאַריש־פּאָליטישער טעטיקייט. ער שרייבט אין דער פּרעסע און רעדט אויף פאַרזאַמלונגען. זיינע אַרטיקלען און מיטינגען רופן אַרויס באַגייסטערונג ביי די ברייטע יידישע פּאָלקס־קרייזן. שטאַנד איז דער ווירקלעכער, פּאָלקסטימלעכער פירער פון גאַליצישן יידנטום. גלייכצייטיק איז אַדאָלף שטאַנד אויך טעטיק אַקטיוו אינעם ציוניסטישן לעבן מחוץ גאַליציע און עסטרייך. אויף יעדן ציוניסטישן קאָנגרעס איז ער איינער פון די וויצע־פּאָרזיצערס. צו זיינע רעדעס און מיינונגען הערט מען זיך צו מיט חשיבות. ער פּראָפּאַגירט און אונטערשטיצט די טאָג־טעגלעכע, רעאַלע, פּאָזיטיווע אַרבעט אין ארץ־ישראל. אָבער שטאַנד איז געווען און געבליבן דער פּאָליטישער ציוניסט, ווי אין זיינע יינגסטע יאָרן, בעת ער האָט זיך דעקלאַרירט אַלס הערצליאַנער און איז געשטאַנען אין אַ כסדרדיקן

ברייוו־אויסטויש מיטן גרויסן ציוניסטישן מנהיג. אין די קאַמפּן, וואָס קומען פאָר אין דער ציוניסטישער באַוועגונג נאָך הערצלס טויט, צווישן די „פּאָליטישע ציוניסטן" און די „רעאַלע ציוניסטן", פאַרנעמט שטאַנד א קאָמפּראָמיס־שטעלונג, וואָס זוכט אַ סינטעזע פוןביידע ריכטונגען. זיכער האָט דאָ אַ ראָל געשפּילט די ווינער פּאָלי־טישע שולע, וועלכע האָט געהאַלטן, אַז פּאָליטיק באַשטייט אין זוכן און געפינען אַ קאָמפּראָמיס. אַדאָלף שטאַנד איז געווען אַ קעמפּער, זיין טעטיקייט אין גאַליציע האָט באַוויזן, אַז ער קען זיין, ווען מען דאַרף, אפילו אַ ריקזיכטסלאָזער, שאַרפער קעמפּער. אָבער גלייכצייטיק איז שטאַנד געווען אַ הייסער, איבערגעגעבענער ציוניס־טישער פּאַטריאָט. אין זיין פּערזענלעכן פאַמיליען־לעבן האָט ער נישט געהאַט קיין סך גליק, אַלץ איז פאַר אים געווען די באַוועגונג, דער ציוניזם. זיינע קולטורעלע פאַרנעמ־קייט, זיין פּאָליטישע קלוגקייט, זיין יידיש הארץ און געפיל, האָבן אים געגעבן די נויטיקע קוואַליפיקאַציעס פאַר אַ שלום־פאַרמיטלער אין די אינערלעכע ציוניסטישע סכסוכים.

דער ערשטער וועלט־קריג אין יאָר 1914 האָט אָפּגעשלאָסן די ווירקונג און די טעטיקייט פון אַדאָלף שטאַנדן. ס'איז אים חרוב געוואָרן זיין וועלט, זיין ציוניסטישע וועלט, סיי אין עסטרייך און סיי מחוץ עסטרייך. ער איז געוואָרן אַ פּליט. די צרות און ליידן פון די יידן אין גאַליציע בעת דער מלחמה, האָבן אים גייסטיק און פיזיש געפּייניקט. זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. ער איז, ווי הונדערטער טויזנטער יידן, געוואָרן אַ קרבן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מיט אַדאָלף שטאַנד האָט דאָס גאַליציישע יידנטום פאַרלוירן דעם ייד און פּאָ־ליטיקער, וואָס האָט אַממייסטן און אַמבעסטן פּערזאָניפיצירט דאָס אידעלע, פאָר־נעמע, טרייע, טאַלאַנטירטע און געבילדעטע. אין דער ציוניסטישער געשיכטע וועט דער נאָמען אַדאָלף שטאַנד אויף אייביק בלייבן פאַרשריבן אין דער ערן־ליסטע פון די איבערגעגעבענסטע און טרייעסטע פּאָלקס־פירער.

## ב) אברהם פּאָדלישעווסקי

די יידישע סוחרים־וועלט פון וואַרשעווער נאַלעווקי און אומגעבונג האָט שטאַרק שטאָלצירט מיט איר „אברהם פּאָדלישעווסקי", וועלכער האָט, זינט יאָרצענטער, גע־האַט אַן אייגן און אַ גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט אויף גענשע־גאַס. אָבער נישט נאָר די יידישע סוחרים־ וועלט האָט שטאָלצירט מיט פּאָדלישעווסקין. ער איז געווען איינע פון די שענסטע, אויסגעצייכנסטע פּערזענלעכקייטן פון פּוילישן יידנטום און פון פּוילישן ציוניזם. אין אונזער אַמאָליקן מזרח־יידנטום, וואָס געהערט לײדער שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט, איז נישט זעלטן געווען, אין די שטעט און שטעטלעך, דער איידעלער טיפּ פון אַ טיכטיקן יידישן סוחר, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ ייד אַ למדן, אַ בקי אין יידישער און אַלגעמיינער בילדונג, מיט אַ ברייטער פאַראינטערע־סירונג פאַר גייסטיקע און פּאָליטישע פּראָבלעמען אין יידנטום און אין וועלט־מאַס־

שטאב, מיט דעם טאַלאַנט אַליין צו שרייבן נישט נאָר געלעגנהייטס־אַרטיקלען נאָר אפילו גאַנצע ביכער, און דערביי בעיקר, מיט אַ שטאַרקן חוש און ענטוזיאַזם פאַר יידיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ווי זעלטן איז היינט געוואָרן דער דאָזיקער שיינער טיפּ פון אַ יידישן בעל־הבית׳ישן מענטשן! אָבער אין פוילן, אין „אונזער" פוילן האָבן מיר זיי אַמאָל אָנגעטראָפן אויף יעדן שריט און טריט. אויב מ׳וואָלט געדאַרפט האָבן אַ פּערזאָניפיקאַציע פון דעם דאָזיקן אומפאַרגעסלעכן טיפּ פון אַ ייד אַ סוחר, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אי אַ לערנער, אי אַ שרייבער, אי אַן עסקן, טאָ וואָלט די פּערזאָן פון אברהם פּאָדלישעווסקי אַמבעסטן און אַמשענסטן דערצו געווען ראוי.

אין יאָר 1923, בעת ס׳איז אין וואַרשע געפייערט געוואָרן דער 60־יעריקער יובל פון אברהם פּאָדלישעווסקי, האָט דער באַוווסטער יידישער עסקן ד״ר גרשון לע־ווין געשריבן אין „היינט" פאָלגענדע ווערטער: „ווען איך האָב מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געדרוקט אַ ביסל זכרונות וועגן פּרצ׳ן, האָט מיך אַ היגער ליטעראַט געפרעגט, פאַרוואָס איך האָב אַזוי אָפט דערמאָנט דעם נאָמען פּאָדלישעווסקי. איך האָב דערויף געענטפערט, אַז וואָס פאַר אַ זכרונות איך וואָלט נישט געשריבן פונעם וואַרשעווער יידישן לעבן אין די לעצטע דריי יאָרצענטער, צי וועגן „הזמיר", צי וועגן די וואַלן צו דער פּערטער דומאַ, צי וועגן „הצפירה", צי וועגן סאָקאָלאָוו, שלום עליכם, מענ־דעלע מוכר ספרים, שלום אש אָדער וועגן אַנדערע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן נאָר געהאַט אַ שטיקל שיכות צו וואַרשע, וואָלט איך געמוזט זייער אָפט דערמאָנען פּאָד־לישעווסקין. און נישט נאָר איך, וואָס איז אפשר אַ ביסל סוביעקטיוו אין דער זאַך, נאָר יעדער ביאָגראַף און יעדער היסטאָריקער, וואָס וועט זיך אָפּשטעלן אויף דער דאָזיקער עפּאָכע און וועט וועלן זיין אָביעקטיוו, וועט פאַרט זיך נישט קענען באַגיין אָן פּאָדלישעווסקין. מען קאָן זאָגן אָן אַ שום גוזמא, אַז אין די לעצטע 35 יאָר איז



אברהם פּאָדלישעווסקי

נישט פֿאַרגעקומען קיין שום וויכטיקע יידישע געשעעניש אין וואַרשע, אין וועלכער דער „בעל־הבית" אברהם פּאָדלישעווסקי זאָל נישט האָבן געשפּילט אַ גרויסע און בכבודיקע ראָל. און אין אַ סך פֿון זיי האָט ער געשפּילט אפֿילו די ערשטע פֿידל!".

אייניקע יידישע באַרופֿס־ליטעראַטן האָט עס אפֿילו שאָקירט, וואָס דער סוחר און גביר פּאָדלישעווסקי איז אַזאַ מקורב צו דער גאַנצער שרייבערישער משפּחה אין וואַרשע. און זיכער האָבן אויך אַ סך באַרופֿס־סוחרים פֿון נאַלעווקי און גענשע נישט געקאָנט פֿאַרשטיין דעם דאָזיקן מאַנופֿאַקטורשטשיק, וואָס האָט זיך אַזוי עוג צונויפֿגע־רעדט מיט דער יידיש־ליטעראַרישער „כאַליאַסטרע" און גיט אַוועק, מיט אַ ברייטער האַנט, זיין צייט און געלט פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע, קולטורעל־נאַציאָנאַלע און פּאָלי־טישע ענינים פֿון פּוילישן און אַלוועלטלעכן יידנטום.

פֿילזייטיק און פֿאַרבן־רייך איז געווען דאָס לעבן און דאָס ווירקן פֿון אברהם פּאָדלישעווסקי. ער איז נישט געווען דער „העלד פֿון אונזערע ראָמאַנען", אָבער זיין ביאָגראַפֿיע וואָלט געקאָנט לייכט זיין אַ קאַנווע פֿאַר אַן אינטערעסאַנטן געזעלשאַפֿט־לעכן ראָמאַן פֿון יידישן לעבן אין די לעצטע צוויי דורות. אויפֿגעוואַקסן ערגעץ־ווו אין די ווייטע פֿעלדער און וועלדער פֿון דער מינסקער גובערניע, אין אַ משפּחה פֿון רייכע וואַלד־סוחרים, פֿון גרויסע למדנים און בעלי־צדקה, האָט ער אין זיך, פֿון דער יוגנט אָן, אַריינגעזאַפּט די יידיש־טראַדיציאָנעלע דערציונג און בילדונג מיט משכילישן צוגאָב פֿון תנ"ך, דיקדוק וכו' וכו'. געווען שפּעטער אַ גימנאַזיע־עקסטערן אין אַ גרעסערער שטאָט און מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם, וואָס האָט דעמאָלט געצויגן די יוגנט צו סאָציאַליזם און „נאַראָדניטשעסטוואָ". צוזאַמען מיט זיינע ברידער, וואָס האָבן זיך געלערנט אין גימנאַזיעס, איז דער יונגער אברהם פּאָדלישעווסקי אייפֿריק באַשעפֿטיקט געווען מיט זיין „גרויסער מיסיע", וואָס איז באַשטאַנען אין לערנען שקצים און שיקסעס לייענען און שרייבן. ווי דער גאַנצער אויפֿקלערונגס־דור פֿון „השכלה" האָט אויך פּאָדלישעווסקי געגלויבט באמונה שלמה, אַז די פֿאָלקס־בילדונג וועט ליקווידירן דעם אַנטיסעמיטיזם לגמרי און לעולם ועד. אין זיינע זכרונות שרייבט פּאָדלישעווסקי מיט פֿיינער זעלבסט־איראָניע: „איך בין דעמאָלט געווען זיכער, אַז אויב די פּויערים וועלן קאָנען לייענען דעם „וואָסכאָד" (אַ יידיש־רוסישע משכילים־צייטונג), וועלן זיי וויסן, אַז אַלץ, וואָס מ'רעדט שלעכטס אויף יידן, איז לגמרי אַ בלבול".

די ערשטע יוגנט־יאָרן, פֿול מיט גלענצנדיקע האָפֿענונגען און אילוזיעס, זיינען שנעל פֿאַרגאַנגען. געבליבן זיינען פּאָדלישעווסקי'ן פֿון דער דאָזיקער צייט: די לע־בעדיקע, שפּרודלענדע וויטאַליטעט פֿון אַ מענטש, וואָס איז אויפֿגעוואַקסן אויפֿן שויס פֿון דער נאַטור, און דער געזעלשאַפֿטלעכער, טעמפּעראַמענטפֿולער אויפֿברויז פֿון אַ סאָציאַליסטישן עקסטערן־„נאַראָדניק". באַוואָפֿנט מיט די דאָזיקע צוויי יוגנט־„אוצרות" איז פּאָדלישעווסקי אָנגעקומען קיין וואַרשע. אַלט איז ער געווען דעמאָלט סך הכל 17 יאָר. אויף אייביק האָט ער זיך דאַן פֿאַרבונדן מיט וואַרשע און דאָס וואַרשעווער יידנטום איז זינט דעמאָלט געוואָרן זיין פֿאָטערלאַנד און זיין גלויבן.

ווען איר האָט מיטן אַלטן, 70־יעריקן פּאָדלישעווסקין, גערעדט קורץ פֿאַר זיין טויט, האָט איר פֿאַר זיך געהאַט אַ יונגנמאַן פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ זקן. דער קאָפּ באַ־דעקט מיט ווייסע האָר ווי ביי אַ טויב, אַן ערנסטע ווייסע באָרד פֿון אַ זיידע, אָבער די שוואַרצע אויגן, ברענענדיקע און פּקחות־פֿולע, זיינען געבליבן די זעלבע, ווי מיט

פופציק יאָר צוריק. פינף יאָרצענטער האָט פּאָדלישעווסקי געלעבט און געווירקט אין וואַרשע, אין זיין וואַרשע. ווען מיר וואָלטן באַשריבן אַלץ, וואָס אברהם פּאָדלישעווסקי האָט אויפגעטון במשך דעם דאָזיקן האַלב־יאָרהונדערט, וואָלט זיך באַקומען אַ גאַנצער ספר, די געשיכטע פון צוויי דורות וואַרשעווער און פוילישער יידנטום. און ס'איז דאָ וועגן וואָס צו שרייבן, ס'איז אַ העלער קאַפּיטל פון אַ תקופה רייך אין געשעענישן און פּערזענלעכקייטן. דער יונגער פּאָדלישעווסקי דערנענטערט זיך צו דער דעמאָלטדיקער יידישער שריפטשטעלער־משפּחה אין וואַרשע. ער איז באַפריינדעט מיט נחום סאָקאָלאָוו, מיט פּרץ'ן און זיין קרייז, מיטן ראַבינער ד"ר פּאָזנאַנסקי און זיין סביבה. פּאָדלישעווסקי אַרבעט און שטודירט, ער פאַרגרעסערט אומדערמידלעך זיינע אַלגעמיינע און יודאַיסטישע בילדונג, שרייבט אָפט אַרטיקלען אין „הצפירה", אין דער צייטונג „ייד" און אין פּרצ'ס „יידישע ביבליאָטעק".

„חיבת־ציון" האָט פּאָדלישעווסקין נישט געצויגן. ער איז געווען אַ מענטש מיט ברייטע האָריזאָנטן און גרויסע השגות. שטאַרק האָבן אים אַגיטירט לטובת די חובבי־ציון די טוער און היסטאָריקער ש"פּ"ר און יעבץ, אָבער מער ווי אַ שטילער סימפּאַטיקער איז ער נישט געוואָרן. ער האָט, ווי דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, געוואַרט אויף דעם גרויסן רוף און אויפן גרויסן מנהיג. און ווען דאָס איז געשען אין באַזעל פון 1897־טן יאָר, האָט מען נישט גדאַרפט פּאָדלישעווסקין אַגיטירן. ער איז בלב ונפש צוגעשטאַנען צום פּאָליטישן ציוניזם און איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע און איבערגעגעבנסטע טוער. שוין אויפן צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס באַטייליקט ער זיך אַלס דעלעגאַט. הערצלס מאַיעסטעטישע פּערזענלעכקייט רופט ביי אים אַרויס אַן אויסערגעוויינלעכע התפּעלות. ער איז דעם גרויסן מנהיג טריי געבליבן אפילו אין די שווערסטע מאָמענטן. ווען בעת דעם אוגאַנדאַ־קאָנפליקט האָט די אָפּאָזיציע, מיט אוסישקין בראש, שאַרף אַטאַקירט הערצלס פירונג און די גאַנצקייט פון דער באַוועגונג, שאַפט פּאָדלישעווסקי צוזאַמען מיטן צווייטן פירער פון פוילישן ציוניזם אַדוו. יאַסינאָווסקי די גרופּע „מגיני ההסתדרות", וואָס האָט ענערגיש געקעמפט פאַר הערצלען און פאַר דער איינסקייט.

מיט גרויסער מי און אָנשטרענגונג, פירט דורך פּאָדלישעווסקי די לעגאַליזאַציע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קאָנגרעס־פוילן (וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו רוסלאַנד). ער זאַמלט אַרום זיך יונגע ציוניסטישע טוער פון אַלע קרייזן, בפרט פון דער אינטעליגענץ. צווישן אַנדערע: גרינבוים, קירשרויט, האַרטגלאַס, זיידעמאַן, נחום סירקין, פאַרבשטיין. ס'האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַ שווער און לאַנג ראַנגלען זיך מיט דער יידיש־פּוילישער אַסימילאַציע, וועלכע האָט אין קאָנגרעס־פּוילן, אַזוי ווי אין גאַליציע, געהאַלטן אונטער איר ממשלה דאָס גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע לעבן פון פּוילישן יידנטום. אין דעם דאָזיקן קאַמף־פראָנט פון יידיש־נאַציאָנאַלער באַפרייאונג קעגן דער אַסימילאַטאָריש־פּריצישער הערשאַפט האָט פּאָדלישעווסקי פאַרנומען איינע פון די וויכטיקסטע אָנפירערישע פּאָזיציעס. צוזאַמען מיט ד"ר נח דאַווידזאָן, איינעם פון די עלטעסטע און חשובסטע פוילישע ציוניסטן, אָרגאַניזירט פּאָדלישעווסקי אין נאָמען פון הערצל'ס לאָזונג וועגן כבוש הקהלות, דעם ציוניסטישן שטורעם אויף דער וואַרשעווער קהלה, דער הויפּט־פעסטונג פון דער דעמאָלטדיקער אַסימילאַציע. דער דאָזיקער קאַמף האָט דערפאָלג און די וואַרשעווער קהלה ווערט שטופנווייז, אַלץ מער דעמאָקראַטיזירט און פאַריידישט. אַ סך האָט צו־

געהאָלפֿן ביי דעם ציוניסטישן נצחון די יידיש־נאַציאָנאַלע פּרעסע אין יידישער און פּוילישער שפּראַך, צו וועמענס שאַפֿונג און אַנטוויקלונג פּאָדלישעווסקי האָט אַ סך בייגעשטייערט. ער אונטערשטיצט אַלע יידיש־ליטעראַרישע דערשיינונגען אין וואַרשע מיט זיין פּעדער און מיט זיין געלט. נאָך סאָקאָלאָווס אַוועקפֿאָרן פֿון וואַרשע, איבער־נעמט פּאָדלישעווסקי די „הצפירה", די דעמאָלטדיקע וויכטיקסטע העברעישע טאָג־צייטונג און פֿירט זי ביזן יאָר 1915, ווען וואַרשע איז פֿאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן. ביי דער „הצפירה" אַנטוויקלט זיך אַ גרויסע פֿאַרלעגערישע טעטיקייט לטובת דער העברעישער ליטעראַטור.

אין יאָר 1912 לעבט איבער דאָס יידנטום אין קאָנגרעס־פּוילן אַ שטורמישן פּאָליטישן קאַמף. בעת די וואַלן צו דער פּעטערסבורגער דומאַ (פּאַרלאַמענט) פֿאַר־לאַנגען די פּוילישע פּאָליטיקער, אַז די וואַרשעווער יידן זאָלן שטימען פֿאַר דעם אַנטיסעמיטישן קאַנדידאַט קוכאַשעווסקי. די יידישע וויילער, אָנגעפֿירט פֿון ציוי־ניסטן, וואַרפֿן אָפּ די דאָזיקע חרפּה'דיקע פּראָפּאָזיציע און געוויילט ווערט אַלס דע־פּוטאַט דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער יאַגעללאָ. די פּוילישע פּאַרטייען ענטפֿערן דערויף מיטן טרויעריק־באַרימטן יידן־באָיקאָט, וועלכער רופֿט אַרויס אַ גרויסע לייַדנשאַפֿט אין לאַנד און פֿאַרייניקט אַלע יידן, אַפֿילו די אַסימי־לאַטאָרן, אין אַ געשלאָסענעם איינהייטלעכן פֿראָנט. אין די דאָזיקע קאַמפֿן האָט פּאָדלישעווסקי געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָל.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, געפֿינט זיך פּאָדלישעווסקי זינט דעם יאָר 1915 אין מאָסקווע. ער איז דאָרט ממשיך זיין געזעלשאַפֿטלעך־יידישע טעטיקייט. גרינדעט די ערשטע אין מאָסקווע יידישע דרוקעריי, גיט אַרויס די העברעישע טאָג־צייטונג „העם", איז טעטיק אין „תרבות" און איז איניציאַטאָר און גרינדער פֿון „הבימה", איבערנעמענדיק די גאַנצע פֿינאַנציעלע לאַסט.

נאָך זיין צוריקקומען קיין וואַרשע אין נייעם פּוילן, באַנייט פּאָדלישעווסקי זיין טעטיקייט, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן דורכן קריג אין יאָר 1915. ער איז מיטגליד פֿון צ. ק. פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, אַרבעט אין פּרע־זידיום פֿון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט, „קרן היסוד", „קרן החלוץ", „מכבי", „יודאיס־טישן אינסטיטוט" א. א. וו. א. א. וו. אין דעם אינערלעכן קאַמף צווישן „עת לבנות" און „על המשמר" שטעלט זיך פּאָדלישעווסקי אויף דער זייט פֿון יצחק גרינבוים, וועמענס סיי ציוניסטישע און סיי אַלגעמיין־פּאָליטישע ליניע ער אונטערשטיצט פֿול־שטענדיק. דער אַלטער, שוין אינעם זיבעצנטן יאָרצענדליק שטייענדיקער פּאָדלישעוו־סקי, איז אינעם קאַמף יונג און פֿריש, אפֿשר נאָך מער ווי אַ סך יונגע ציוניסטן. זיינע פֿריילעכע, קלוגע אויגן גיבן צו מוט און האָפֿענונג, זיינע מיושבדיקע, קלאָרע און גוטע עצות, אַרויסגעזאָגט אויף ציוניסטישע אספֿות און זיצונגען, טראָגן אַריין דעם גייסט פֿון ציוניסטישן אָפּטימיזם, פּאַטריאָטיזם און אייניקייט. מ'הערט זיך צו צו זיינע ווערטער מיט דרך־ארץ און מיט ליבע, ווייל מ'ווייסט, אַז פּאָדלישעווסקי מיינט עס גוט און ערנסט. ער זוכט נישט קיין כבודים, ער דאַרף נישט קיין רוחים. תמיד שטיל און באַשיידן, טוט ער זיין ציוניסטישע, געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט, ווי אַ גאַנץ נאַ־טירלעכע זאַך, מיט האַרציקער פּשטות און טרייקייט. ער האַלט זיך נישט פֿאַר קיין פֿירער, פֿאַר קיין גענעראַל, ער איז געווען און וויל בלייבן אַ טרייער, איבערגעגעבענער סאָלדאַט פֿון דער באַוועגונג. מ'האָט אים פֿאָרגעשלאָגן, אַ פּאָר מאָל, צו זיין אַ סע־

נאַטאָר אין פּוילישן פּאַרלאַמענט. ער האָט מוחל געווען אויף די הויכע שטעלונג, ער האָט נישט געדאַרפט האָבן קיין טיטלען, אים איז געגאַנגען געווען די אינערלעך־ציוניסטישע אַרבעט.

זינט דעם צווייטן קאָנגרעס, האָט פּאָדלישעווסקי נישט פאַרפעלט, אַ חוץ איין־מאָל, קיין שום ציוניסטישן קאָנגרעס. ער איז יאָרנלאַנג געווען מיטגליד פון ציוניס־טישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און פון אויפזיכטס־ראַט פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק. דאָס איינציקע מאָל, וואָס פּאָדלישעווסקי האָט פאַרפעלט דעם קאָנגרעס, איז געווען אין יאָר 1907, בעת ער האָט געוויילט אין ארץ־ישראל. ער איז געווען שותף צו דער זייף־פאַבריק „העתיד" אין חיפה, מיטבאַטייליקט אין פאַרשידענע עקאָנאָ־מישע אויפטוען, האָט פינאַנסירט דעם „הארץ". כל ימיו האָט פּאָדלישעווסקי גע־פּלאַנט צו באַזעצן זיך אויף סטאַביל אין ארץ־ישראל. פאַרשידענע סיבות און פאַ־מיליע־אומגליקן האָבן אים דאָס געשטערט. ער איז געשטאָרבן אין וואַרשע (אין זו־מער 1930) אין זיין וואַרשע, וועלכער ער האָט אָוועקגעגעבן 50 יאָר פון זיין לעבן און פון זיין גרויסער, אומדערמידלעכער אַרבעט.

אברהם פּאָדלישעווסקי איז נישט געווען קיין גלענצנדיקע פירער־געשטאַלט. ער האָט נישט באַצויבערט מיט געניאַליטעט און נישט מיטגעריסן די מאַסן מיט געוואַל־דיקער אָראַטאָריק. ער האָט אָבער במשך פופציק יאָר סיסטעמאַטיש און איבערגע־געבן, טריי און ערלעך מיטגעהאָלפן בויען די יסודות פון אונזער נאַציאָנאַלער באַ־נייאונג.

## ג) ד"ר יהושע טהאָן

צו באַשרייבן די ריזן־פּערזענלעכקייט פון יהושע טהאָן אין אַ קורצן אַרטיקל, איז אַזוי שווער ווי אויסצומעסטן אַ ריזן־באַרג מיט אַ געוויינלעכער צענטימעטער־מאָס. פּשוט, מ'ווייסט נישט ווו אָנצוהויבן. די פּערזענלעכקייט פון יהושע טהאָן איז געווען אַ מין ענציקלאָפּעדיע פון טאַלאַנט, וויסן און געפיל. יעדע דערשיינונג פון דער דאָזיקער פאַרביקער, פילזייטיקער, וווּנדערבאַרער פּערזענלעכקייט פאַרלאַנגט אַ באַ־זונדערע און אויספירלעכע באַשרייבונג. אַלץ צוזאַמען וואָלט אונז געגעבן שוין נישט סתם אַ מאָנאָגראַפיע, נאָר כמעט אַן ענציקלאָפּעדיע ממש.

ווייל אַנדערש ווי מיט אַן ענציקלאָפּעדישער מאָס, קאָן מען נישט צוגיין צו יהושע טהאָן. אין זיין לעבן און ווירקן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט צוויי דורות, דער סוף פון נייצנטן יאָרהונדערט און דער אָנהויב פון צוואַנציקסטן. און וואָס פאַראַ דורות זיינען דאָס געווען! צייטן פון שטורמישע און ליידנשאַפטלעכע קאַמפן, איבערפולט איבער די ברעגעס מיט גייסטיקע, פּאָליטישע און מאַטעריעלע פּראָבלעמען, ווען אַלטע וועלטן און אמונות זיינען חרוב געוואָרן און נייע האָבן זיך געבויט אין פּיין און האָפענונג. בלויז די שילדערונג פון די דאָזיקע איבערברוכן און שנויים אין דער

יידישער און נישט־יידישער וועלט במשך פון די צוויי דורות, וואָלט אונז געגעבן אַ גאַנץ בוך, אַ היסטאָרישע סביבה, אויפן פאָן פון וועלכער ס'האָט זיך אַנטוויקלט די פאַרצווייגטע פאַרבן־און־מעשים־רייכע טעטיקייט פון יהושע טהאָן.

יהושע טהאָן איז געווען אַ טיפער געלערנטער און אַן ערנסטער פּאָליטיקער, אַ הערלעכער אָראַטאָר און אַ גלענצנדיקער שרייבער, אַן אוניווערסאַלער ליטעראַטור־מבין און אַ גרויסער יידישער למדן, אַן אויסגעצייכנטער סטיליסט אין אַ פּאָר שפּראַכן און אַ געניאַלער קענער פון דער אַלטער און נייער פילאָזאָפיע, אַ רבנישער תלמודיסט און אַ מאָדערנער דענקער, און דערביי אַ לעבעדיקער, מיט חכמה און הומאָר שפּרודלדיקער זשורנאַליסט, אַ וויסן־און־גייסט־רייכער קאַבינעט־מענטש און גלייכצייטיק אַן אויסערגעוויינלעכער מאַסן־רעדנער און פּאָלקס־אַגיטאַטאָר, אַ מענטש פון אַבסטראַקטן שכל און קאַלטער, אויסגערעכנטער לאָגיק און דערצו אַן ענטוזיאַסט מיט אַ הייסער, התלהבות־פולער נשמה, אַ טרייער תלמיד פון ראַציאָנאַליסט אחד־העם און אַ געשווירענער, לגמרי איבערגעגעבענער ראָמאַנטישער הערצליאַניסט, אַ זאַכקענער פון דער העברעישער פילאָזאָפיע און אַ ליבהאָבער פון דער אינטימסטער פאָרם אין דער יידישער פאָלקס־שפּראַך, אַ ליידנשאַפטלעכער קעמפער און עטישער אמת־זוכער, אַן ערנסטער, וויכטיקער מלוכה־מאַן און גלייכצייטיק אַ ייד אַ פּקח, אַ וויצלער, אַן עמך־מענטש. דאָס אַלץ איז געווען אין יהושע טהאָן. און דערביי זיינען מיר נאָך נישט זיכער, אַז אַלע זיינע מעלות און פעיקייטן זיינען דאָ אויסגערעכנט



ד״ר יהושע טהאָן

געוואָרן. ווייל גיי רעכן אויס אַלע טאַלאַנטן, אַלע אינטעלעקטועלע, גייסטיקע און מאָראַלישע אוצרות פון יהושע טהאָן. און מיינט נישט, אַז דאָס זיינען געווען קאָנ־טראַסטן, סתירות, וואָס האָבן זיך אַרומגעשלאָגן אין טהאָנ'ס פּערזענלעכקייט. גראָד־להיפּך, ס'איז געווען די פולע האַרמאָניע, די פולשטענדיקע סינטעזע, די שלמותדיקע גאַנצקייט. אַלע מעלות און טאַלאַנטן האָבן געשאַפן אַ ווונדערבאַרע סימפּאָניע פון מענטש און טאַט וואָס האָט זיך גערופן יהושע טהאָן און איז געווען דער שטאָלץ און דער כבוד פון פּוילישן יידנטום.

אויפגעוואַקסן אין אַמאָליקן פּויליש־עסטרייכישן לעמבערג, איז יהושע טהאָן שוין אין דער יוגנט אַן אויפגייענדיקער, גלאַנצנדיקער שטערן. אין דער גרופּע פון די יידיש־נאַציאָנאַלע סטודענטן אין גאַליציע, צו וועלכער עס געהערן אויך עהרענפּרייז, שטאַנד, ברוידע און אַ סך אַנדערע, פאַרנעמט דער יונגער טהאָן אַ וויכטיקן פּלאַץ. זיין השפעה וואַקסט נאָך מער אין בערלין, ווו ער אַבסאָלווירט שפּעטער זיינע אַלגע־מיינע און יודאַיסטישע אוניווערסיטעט־בילדונג. דער יונגער פילאָזאָפיע־דאָקטאָר קערט זיך צוריק אין זיין היימלאַנד גאַליציע מיט אַ גוטן שם און מיט אַ ליידנשאַפט־לעכן ברען צום נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־קאַמף. דער הערצליאַנישער ציוניזם האָט אים באַגייסטערט, ער איז גרייט מיט אַלע זיינע טאַלאַנטן צו דינען דער זאַך פון יידישער, נאַציאָנאַל־גייסטיקער און מלוכהשער אויפלעבונג.

ד"ר טהאָן שטעלט זיך אויף אַן עקספּאָנירטן, שווערן פּאָסטן. ער ווערט ראַבי־נער־פּריידיקער אין קראָקע. ס'איז דעמאָלט, ביים סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, נאָך נישט געווען דאָס שפּעטערדיקע, נאַציאָנאַלע, ציוניסטישע קראָקע פון יהושע טהאָן. ס'איז געווען אַ שטאָט, ווו פון איין זייט האָט געלעבט אַן אָפּגעשטאַנענע, קאָנסער־וואַטיוו־פאַנאַטישע חסידישע מאַסע, און פון דער אַנדערער זייט אַ פולשטענדיק־אַסי־מילירטע, גייסטיק, שפּראַכלעך און פּאָליטיש פּאָלאָניזירטע יידישע אינטעליגענץ און בורזשואַזיע, וואָס איז אויף אַלע דרכים אַנטלאָפן פון יידנטום און יידישקייט. די פּראָגרעסיווע און ערלעכע יידישע עלעמענטן האָבן אין דער פּוילישער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג געזוכט איר תיקון. אין קראָקע האָט דעמאָלט געלעבט און געווירקט דער גרויסער פּוילישער אַרבעטער־טריבון איגנאַצי דאַשינסקי, וועלכער האָט באַ־צייבערט און מיטגעריסן אַלץ, וואָס איז געווען לעבעדיק און פּראָגרעסיוו אינעם קראָקעווער יידנטום. אין דער דאָזיקער פּעסטונג פון חסידישן פאַנאַטיזם און יידיש־פּוילישער אַסימילאַציע האָט ד"ר טהאָן אָנגעהויבן זיין העראָישן קאַמף פאַר דער יידיש־נאַציאָנאַלער אידעע, פאַרן ציוניזם. דאָס וואָרט „העראָיש" איז דאָ נישט סתם אַ מליצה. די אויפגאַבע צו מאַכן דאָס יידישע קראָקע פאַר אַ ציוניסטישער פעסטונג, האָט אויסגעזען צו זיין אַ פאַנטאַסטישע זאַך, ממש אַן אוטאָפּיע. די דאָזיקע תקופה פון ד"ר טהאָנס ביאָגראַפיע, וואָס רופט זיך „די דעראָבערונג פון קראָקע" איז אַ הערלעך קאַפּיטל פאַר זיך, וואָס פאַרלאַנגט אַ באַזונדערע מאָנאָגראַפיע, אַ ספּעציעל בוך. אין אַ פרעמדער, קעגנערישער, אַסימילירטער און אָפּט צינישער סביבה, האָט דער יונגער ראַבינער־פּריידיקער טהאָן אָנגעהויבן אין טעמפּל (סינאַגאָגע) צו האַלטן זיינע שבתדיקע דרשות, פאַרשטענדלעך אין דער פּוילישער שפּראַך. דאָס זיינען נישט געווען סתם דרשות פון אַ טעמפּל־פּריידיקער, נאָר מייסטער־ווערק פון אָראַטאָריק, שפּראַך, וויסן און געפיל. זיי האָבן באַגייסטערט און מיטגעריסן דעם פּאָלאָניזירטן, אַסימילירטן עולם. מ'האָט אין קראָקע אָנגעהויבן זיך צו דערציילן ניסים וועגן דעם

נייען ראַבינער־פּריידיקער. אין דער סינאַגאָגע האָבן זיך מיט יעדן שבת אַלץ מער און מער באַוויזן נייע דאַווענער, וועלכע מ׳האָט דאָרט ביז איצט נישט געזען. זיי זיינען געקומען הערן דעם ד״ר טהאָן. דער נייער, יונגער ראַבינער האָט דעראָבערט דעם טעמפּל, די יידישע הייזער אין קראָקע און לסוף די יידישע גאַס. קראָקע איז געוואָרן אַ ציוניסטישע פעסטונג און איר פירער און געליבטער פאָטער און לערער איז געווען ד״ר יהושע טהאָן. עס זאָגט זיך אַזוי לייכט: „ס׳איז געוואָרן״. ס׳האָט געדויערט לאַנגע יאָרן און טהאָן האָט געמוזט דערצו מקריב זיין די שענסטע זיינע יאָרן און די בעסטע זיינע כוחות.

ד״ר טהאָנס קראָקאָווער טריומף האָט טייער אָפּגעקאָסט די יידישע וויסנשאַפט און די העברעישע ליטעראַטור. טהאָן איז געווען איינער פון די פעיקסטע און בעסטע יידישע געלערטע. די אַרבעטן, וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט, זיינען אַן עדות דערויף. ליידער, האָט טהאָן געהאַט נאָר ווייניק צייט און כוחות פאַר דער יידישער וויסנשאַפט, אין וועלכער ער האָט געקאָנט לייכט פאַרנעמען דעם פאָדערשטן פּלאַץ. די העברעישע אַרטיקלען און עסייען, וועלכע טהאָן האָט געדרוקט אין באַוווסטן חודש־זשורנאַל „השלוח״ און אין אַנדערע צייטשריפטן, האָבן רעפּרעזענטירט אַ רייפן און זייער פעיקן שריפטשטעלער. טהאָן האָט לייכט געקאָנט פאַרנעמען אין דער העברעישער ליטעראַטור איינעם פון די ערשטע פּלעצער. צוויי גרויסע ליידנ־שאַפטן האָבן אָבער טהאָנען אַראָפּגעפירט פון דעם דאָזיקן דרך־המלך אין דער יידישער וויסנשאַפט און אין דער העברעישער ליטעראַטור. דאָס זיינען געווען: די פּאָליטיק און די זשורנאַליסטיק.

צופיל ליידנשאַפט און האַרץ־געפיל האָט געהאַט אין זיך יהושע טהאָן, בכדי צו קאָנען פאַרשליסן זיך אין די ענגע ד׳ אמות פון הלכה. אין זיין וואַרעמער נשמה האָט געלעבט אַ גרויסע און טיפע ליבע צום יידישן פאָלק, צו זיינע נויטן און פאַר־לאַנגען, צו זיינע קאַמפן און האָפענונגען. ווי קאָן אַזאַ מענטש, אַזאַ ייד, ווי יהושע טהאָן, בלייבן אין דער זייט, ווען זיין פאָלק ראַנגלט זיך פאַר אַ בעסערער צוקונפט, פאַר אַ שענער לעבן? און טהאָן איז טאַקע נישט געבליבן אין דער זייט, האָט נישט געקאָנט בלייבן פאַסיוו. אויפן מזבח פון זיין אומה איז ער מקריב אַלע זיינע וויסנ־שאַפטלעכע אַמביציעס, זיין ליטעראַרישע קאַריערע. די פּאָליטיק איז פאַר טהאָנ׳ען געווען אַן עבודת הקודש. ווי הערצל, האָט ער קודם־כל פאַרלאַנגט פון אַ פּאָליטי־קער ריינע הענט, ריינע כונות און אַ ריין געוויסן. טהאָן האָט געהערט צו די אידע־אַליסטן, וואָס ווילן בויען די פּאָליטיק אויף די יסודות פון מאָראַל און ערלעכקייט. די דאָזיקע פּרינציפּן האָט ער פּראָפּאַגירט נאָך אין יאָר 1907, בעת ער האָט קאַנ־דידירט צום ווינער פּאַרלאַמענט, און זיי איז ער טריי געבליבן זיין גאַנץ לעבן.

זיין פּאָליטישע גלאַנץ־עפּאָכע האָט דר. טהאָן געהאַט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין דעם באַנייטן פּוילן. ער איז דעפּוטאַט צום וואַרשעווער סיים אַלס דער באַ־כח פון קראָקעווער יידנטום, במשך פון לאַנגע יאָרן. אין דער „יידישער קאָלאָ״ פאַרנעמט ער אַ פירנדיקן פּלאַץ. זיינע אויפטריטן אין סיים שאַפן אים אנערקענונג און אויטאָריטעט, ביי יידן און ביי נישט־יידן, אפילו ביי די עקסטרעם־רעכטע אַנטי־סעמיטן. דער דאָזיקער יידישער פּאָליטיקער, מיט זיין רבנישער באָרד און פּראָפּע־סאָרישע אויגן־גלעזער רופט אַרויס באַוווּנדערונג מיט זיין גלענצנדער אָראַטאָריק אין שענסטן, ריינסטן פּוילישן שפּראַך־סטיל, מיט זיין אויסגעהאַלטענער לאָגיש־

קייט און טיפער ערלעכקייט, מיט זיין אמתער יידישער חכמה און וויציקער שלאנג־פערטיקייט. טהאָן געהערט צו די בעסטע און פּראָמינענטסטע רעדנער אין אַלע פּוילישע סיימען. אפילו די פאַרביסנסטע שונאי־ישראל, וואָס מתחלה האָבן זיי געפּרוווט אָפּצושפּאָטן פון דעם יידישן „ראַבין", זיינען שפּעטער געזעסן שטיל און מיט דרך־ארץ, בעת דר. טהאָן האָט געהאַלטן זיינע רעדעס, וואָס האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם גאַנצן סיים, אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי־צוגעהעריקייט. אין דער יידיש־פּוילישער פּאָליטיק האָט דר. טהאָן רעפּרעזענטירט אַ באַזונדערע שיטה, וואָס איז שפּעטער אריין אין אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט יצחק גרינבוימען און זיין לאַגער. מ'האָט ד"ר טהאָנ'ס (און לעאָן רייכ'ס) שיטה אָפט און שאַרף אַטאַקירט, אַלס אַ ספּעציפיש־גאַליציש „אוגאָדאַ"־ריכטונג. טהאָן איז אָבער נישט געווען דער מענטש פון אַ לייכטן קאָמפּראָמיס־וועג, הגם ער איז דערצויגן געוואָרן אין דער עסטרייכישער שול, וואָס האָט געלערנט, אַז פּאָליטיק באַשטייט קודם־כל אין זוכן און געפינען אַ קאָמפּראָמיס. טהאָן האָט געקאָנט קעמפן שאַרף און לײדנשאַפטלעך, ווען ער האָט געהאַט די איבערצייגונג, אַז דער קאַמף איז נויטיק. בעת דעם דערמאָנטן קאָנפליקט, מיט 20 יאָר צוריק, צווישן טהאָנען און גרינבוימען, האָט מען געפּרוווט צו באַרואיקן די אויפגעבראַוזטע געמיטער מיט דער פילאָזאָפישער פּשרה, אַז די געשיכטע וועט אַרויסגעבן איר משפּט. היינט, נאָך אַ געוואַלדיקער צייט־דיסטאַנץ איז דער דאָזיקער משפּט נישט אַקטועל מער און אַן איבעריקער. לײדער. דאָס פּוילישע יידנטום איז חרוב ונחרב און אונזער געשיכטע האָט איצט וויכטיקערע דאגות און פּראָבלעמען. אָבער למען האמת מוז מען פעסטשטעלן, אַז דר. טהאָנ'ס שיטה איז נישט געווען סתם צוליב שוואַכקייט און מורא פאַר קאַמף. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט דאָס טהאָן נאָך בולט'ער באַוויזן מיט זיין מוטיקער שטעלונג קעגן די סאַנאַציע־הערשער אין פּוילן.

פּאָליטיק איז ענג פאַרבונדן מיט זשורנאַליסטיק. יהושע טהאָן איז געווען איינער פון די בעסטע און אינטערעסאַנטסטע יידישע זשורנאַליסטן. זיינע אַרטיקלען אין די פּריוויטיק־נומערן פון „היינט" האָבן אַרויסגערופן אנערקענונג און התלהבות ביים יידישן לייענער־פּובליקום אין פּוילן און אין דער גאַנצער וועלט. טיפע לעבנסחכמה און ערודיציע, לאָגיק און געפיל, ליטעראַרישער סטיל און פאָלקס־שפּראַך, יידישע פּקחות און וויץ האָבן געשאַפן אַ וואונדערבאַרע האַרמאָניע פון פאָרם און אינהאַלט, וואָס לאָזט אונז נישט פאַרגעסן, טראָץ מלחמה און חורבן, די דאָזיקע טהאָנ'ס „היינט"־אַרטיקלען. אין ציוניסטישן טאָגבלאַט (אין פּוילישער שפּראַך) אין קראָקע „נאָווי דזשענניק" איז דר. טהאָן דער חשובסטער מיטאַרבעטער. אויך אין אַנדערע צייטונגען, אין פּוילן און מחוץ פּוילן, איז טהאָן געווען אַ באַליבטער און חשובער מיטאַרבעטער.

די רײן־ציוניסטישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, סיי אין פּוילן און סיי אין וועלט־מאַסשטאַב, געפינט אין דר. טהאָנען איינעם פון אירע אַקטיווסטע און פעיקסטע אָנפירער. אויף אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן און צוזאַמענפאָרן שפּילט יהושע טהאָן אַ וויכטיקע און נוצלעכע ראָלע. זיינע קלוגע און ענטוזיאַסטישע ווערטער רופן צו אויסדויער, שלום און אַרבעט. אומעטום, אין „תרבות" און „קרן היסוד", אין „קרן קימת" און ציוניסטישע קולטור־אימפּרעזן וועט איר געפינען דר. טהאָן אין די פאָדערשטע רייען פון די אַקטיווסטע טוער.

שוין איבער אַ צענדליק יאָרן איז דר. יהושע טהאָן נישט מער צווישן אונז. זיין טויט איז געווען אַ גרויסע אבידה פאַרן פּוילישן יידנטום. ערב דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע האָט אונז אויסגעפעלט דער קלוגער און וויטזיכטיקער פּאָליטיקער, דער טאַלענטירטער פאָלקס־טריבון, דער גרויסער און האַרציקער ייד יהושע טהאָן. מיט אים איז אַוועק די גלאַנץ־צייט פון פּוילישן יידנטום. מיט זיין עטישער ריינקייט, מיט זיין טיפער ערלעכקייט, מיט זיין טאַלענטירטער פערזענלעכקייט — איז יהושע טהאָן געבליבן היינט, אין די צייטן פון חורבן און קאַמף, דער סימבאָל פון דעם, וואָס איז הערלעך געווען אין דעם אומפאַרגעסלעכן פּוילישן יידנטום.

## ד) ד״ר נח דאַווידזאָן

דער באַרימטער דייטש־יידישער שרייבער לעאָן פויכטוואַנגער האָט אויף אַ גלענצנדיקן אופן געשילדערט אין זיין ראָמאַן: „די פאַמיליע אָפּענהיים״ די סביבה פון אַן אַלטער, מיוחסדיקער יידישער משפחה אין בערלין פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז היטלערס רעגירונג. ס׳באַקומט זיך אַ בילד פון אַ פּאָר דורות יידי־שערווירקלעכקייט אין דייטשלאַנד. ווען אַ פּויליש־יידישער שרייבער וואָלט צוגע־טראָטן צו שילדערן אַ ראָמאַן פון וואַרשעווער לעבן אויפן פּאָן פון אַן אַלטער יידיש־פּוילישער מיוחסדיקער משפחה, איז נישט פאַראַן קיין בעסערער בוך־טיטל, ווי „די פאַמיליע דאַווידזאָן״.

דר. נח דאַווידזאָן און זיין יינגערער ברודער דר. יוסף דאַווידזאָן האָבן אין זיך פאַרקערפּערט די דורות־לאַנגע טראַדיציעס פון דער יידיש־פּוילישער אַריסטאָקראַטיע, צוגעפּאַסט און באַאיינפלוסט פון דעם אַלעמען, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט ביים סוף פון נייַנצנטן און ביים אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ביידע זיינען זיי געווען מעדיצין־דאָקטוירים, ביידע ציוניסטישע טוער, וואָס האָבן נישט געזשאַ־לעוועט זייער צייט און זייער געלט פאַר יידיש־נאַציאָנאַלע צוועקן. זייער לעבן האָט אָפּגעשפּיגלט די חלומות און קאַמפן פון דער ציוניסטישער אינטעליגענץ אין פּוילן.

דאָס איז געווען די ע ר ש ט ע ציוניסטישע אינטעליגענץ אין פּוילישן (קאָנ־גרעס־פּוילישן) יידנטום. די שפּעטערדיקע יידיש־נאַציאָנאַלע יוגנט און די יידיש־נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ האָבן שוין געהאַט זייערע פירער און לערער, זיי האָבן געפונען אַן אייגענע ליטעראַטור און פּרעסע, — די מוסטערן זיינען שוין געווען גרייט, מ׳האָט נאָר געדאַרפט ממשיך זיין די אָנגעהויבענע אַרבעט. די דאַווידזאָנס האָבן אָבער געהערט צו די ערשטע פּאָרקעמפער, צו די פּיאָנערן, וואָס זיינען די ערשטע אויפגעשטאַנען, בכדי צוריקצופירן די אַסימילירטע און מאַטעריאַליזירטע יידישע אינטעליגענץ אין פּוילן, צו איר נאַציאָנאַלן מקור.

היינט, נאָך צוויי דורות פון טיפע און געוואַלטיקע שנויים אינעם יידישן לעבן, קאָן מען זיך קוים פאָרשטעלן, ווי שווער און מי־פול ס׳איז געווען דער וועג פון די ערשטע ציוניסטישע אינטעליגענטן אין פּוילן. דער רוב מנין און רוב בנין פון פּוי־לישן יידנטום איז באַשטאַנען פון דער חסידישער, קאָנסערוואַטיוו־אָרטאָדאָקסישער

מאסע, וואָס איז לגמרי באַהערשט געווען פון אירע רבנים און רביים. דאָס קליינע הייפל יידישע אינטעליגענטן האָט מיט פאַראַכטונג און בזיון געקוקט אויף די דאָזי־קע אַמאָרפע, אָפּגעשטאַנענע און פאַנאַטישע מאַסן, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט דאָס יידנטום און די יידישע ווירקלעכקייט. דעם בזיון און פאַראַכטונג האָט דער יידישער אינטעליגענט אַריבערגעטראָגן אויף אַלץ, וואָס האָט דערמאָנט יידנטום און יידיש־קייט. און פון דעם דאָזיקן יידנטום איז ער אַנטלאָפן אויף אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט צו דער גרויסער, גויישער וועלט.

דער שנוי ערכין אין דער פאַמיליע דאַווידזאָן קאָן זיין כמעט אַ מוסטער, ווי אַזוי דער דאָזיקער שטופן־פּראָצעס איז פאָרגעקומען במשך פון דריי דורות. דער זיידע ר' חיים דאַווידזאָן איז געווען איינער פון די פּרומסטע און וויכטיקסטע וואַר־שעווער רבנים. זיין זון, ר' לייביש דאַווידזאָן, אַ גרויסער נגיד און תלמיד־חכם, האָט שוין שטאַרק גענאַשט פון דער השכלה, געווען אַ חובב־ציון און אַ מקורב צו די אַסימילאַטאָרישע באַנקירן און דאָקטוירים, מיט וועלכע ער איז געזעסן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער וואַרשעווער קהלה. דער דור שלישי, זיינע זין, נח און יוסף, זיינען שוין לגמרי אַוועק פון אַלטן יידישן לעבנס־שטייגער. דער דאָזיקער דריי־דורות־פּראָצעס, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש געווען פאַר דעם אַנטוויקלונגס־וועג פון דער יידיש־פּוילישער אינטעליגענץ, איז אָפּט געשילדערט געוואָרן דורך אונזערע ראָמאַניסטן און נאָוועליסטן. דערמאָנט אייך, למשל, די מייסטערהאַפטע נאָוועלע פון י. ל. פּרץ, וועלכער ווייזט אונז דעם דאָזיקן דריי־דורותדיקן איבער־אַנדערשן פון אַ פרומען גמרא־ייד צו אַן אַסימילירטן, ציניש שמדניק.

דער גרויסער יידישער געלערנטער און גרינדער פון „הצפירה" ר' זעליג סלאָ־נימסקי האָט געהאַט אַ זון, אַ מעדעצין־דאָקטאָר, און דער האָט ווידער געהאַט אַ זון, וועלכער רופט זיך אַנטאָני סלאָנימסקי, און איז אַ באַרימטער פּוילישער שריי־בער און דערביי, פון רוימיש־קאַטוילישן גלויבן. אָט האָט איר דעם דאָזיקן דריי־דורות־וועג, וועלכער פירט פון ר' זעליג צו אַנטאָני. אַן אייניקל פון אַן אַנדערער חסידיש־נגידישער משפחה אין וואַרשע, דר. פעליקס פּערל האָט זיך אפילו פאַר־מעל נישט געשמד'ט, אָבער ער איז לגמרי אַוועק פון יידנטום און האָט זיינע גרויסע פעיקייטן געשאָנקען דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) אַלס רע־דאַקטאָר פון „ראָבאָטניק". וויטערדיקע ביישפּילן פון דעם דאָזיקן דריי־דורות־וועג, קאָן מען ברענגען אָן אַ שיעור.

אָבער דער אייניקל פון ר' חיים דאַווידזאָן איז נישט געוואָרן קיין געשמד'טער פּוילישער פּאָעט און נישט דער פּעפּעעסישער פירער. ער איז געבליבן ביי אונז אַלס דער דר. נח דאַווידזאָן, דער איבערגעגעבענער ציוניסטישער עסקן, דער טרייער זון פון יידישן פאָלק, דער ענטוזיאַסטישער קעמפער פאַר אונזער נאַציאָנאַלער באַפריי־אונג און דערלייזונג. שוין אַלס סטודענט פון דער וואַרשעווער אוניווערזיטעט, אַנט־וויקלט נח דאַווידזאָן אַן ענערגישע, אַגיטאַטאָרישע טעטיקייט לטובת דעם ציוניזם. ער איז פאָרזיצער פון ציוניסטישן סטודענטן־פאַריין „ספרות" און רעדאַקטאָר פון דער ערשטער ציוניסטישער צייטשריפט אין פּוילישער שפּראַך „גלאָס זשידאָווסקי". ער זשאַלעוועט נישט זיין צייט און כוח, זיין געלט און מי, בכדי צו געווינען די יידישע סטודענטן פאַר דעם ציוניסטישן אידעאַל.

ס'איז געווען, ווי געזאָגט, אַ גאָר שווערע אויפגאַבע. די יידיש־פּוילישע אינ־

טעליגענץ, און די סטודענטן בתוכם, איז געווען שטאַרק מאַטעריאַליזירט און אַסי־
מילירט. דער בעסערער טייל האָט געזוכט אינם סאָציאַליזם די דערלייזונג און די
צוקונפט פון דער מענטשהייט. אויפן ציוניזם האָט מען געקוקט מיט ביטול, ווי
אויף אַ קליינבירגערלעכע, גייסטיק־באַשרענקטע, נאַציאָנאַליסטישע אוטאָפּיע. די עולם־
הזה־געניסער האָבן זיך געוויצלט אויפן חשבון פון די ציוניסטישע בטלנים, און די
סאָציאַליסטן מכל המינים האָבן גערעדט וועגן זיי מיט שנאה. אין דער דאָזיקער
אַטמאָספער פון ציניזם און קעגנערשאַפט, איז אויסגעקומען די ערשטע ציוניסטישע
אינטעליגענטן אויסצוטראָגן אַ לאַסט, וואָס איז געווען שווער ביז צום דערדריקן. נח
דאַווידזאָן איז אין דעם דאָזיקן קאַמף געווען איינער פון די ערשטע. ער שטייט
בראש פון דער ציוניסטישער מחנה, מוטיק און אומדערשיטערלעך, ענערגיש און
ענטוזיאַסטיש. די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע געווינט כסדר נייע אָנהענגער און איר
השפעה צווישן דער יידיש־פּוילישער אינטעליגענץ וואַקסט פון יאָר צו יאָר. מיט
שטאָלץ און פרייד קוקט דער יונגער מעדיצין־דאָקטאָר נח דאַווידזאָן אויף די רעזול־
טאַטן פון זיין מי־פולער, התלהבותדיקער, פּיאָנערישער אַרבעט. הגם שטאַרק באַ־
שעפטיקט מיט זיין אַרצטלעכן באַרוף, געפינט דר. נח דאַווידזאָן צייט און מעג־
לעכקייטן צו פאָרן אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן און צוזאַמענפאָרן. אין דער שטור־
מישער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, איז ער איינער פון די, וואָס



ר׳ חיים דאַווידזאָן



ד"ר. נח דאַווידזאָן

וואַרפן די לאָזונג וועגן אַן אייגענער, יידיש־נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. אויף דער העל־סינגפאָרסער קאָנפערענץ (אין דעצעמבער 1906) איז ער וויצע־פּאָרזיצער און מיט־שעפער פון העלסינגפאָרסער פּראָגראַם. ער איז שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער פּרעסע אין יידישער און רוסישער שפּראַך. זיינע אַרטיקלען דרוקן זיך אין „וואָסכאָד", „ראַזסוויעט", „בודושנאָסט"; אין „פריינט", „מאָמענט", „היינט" א. א. וו.. אומעטום אין די ערשטע רייען שטייט ער, ד"ר נח דאַווידזאָן, מוטיק און שטאָלץ, טריי און ערלעך, התלהבותדיק און מיט זיין גאַנצער נשמה און האַרץ איבערגעגעבן דער זאַך פון יידישער דערלייזונג. זיין אויסערלעכע שיינקייט און אינערלעכע קולטור־פאַרנעמקייט גע׳וווּנען אים די סימפּאַטיעס פון מענטשן.

ס'ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. דר. נח דאַווידזאָן ווערט גערופן אין דער רוסישער אַרמיי אַלס מיליטער־דאָקטאָר, צוערשט אויפן גאַליצישן פראָנט, דער־נאָך אויפן טערקישן. הגם ער איז אַ מיליטער־מאַן, אינטערעסירט ער זיך איבעראַל מיטן גורל פון די יידישע מאַסן, וואָס ווערן סיי אין גאַליציע און סיי אין רוסלאַנד געיאָגט און געפּלאָגט. ער העלפט, ווי ווייט ער איז ביכולת. זייענדיק אין קאַווקאַז, אויפן טערקישן פראָנט, איז ער פאָרזיצער פון דער יידישער קהלה אין קיסלאָ־וואָדסק. דאָ קומט פאָר אין זיין פערזענלעכן לעבן אַ גרויסער איבערברוך, וועלכער טראָגט אַן אויסערגעוויינלעך־ראָמאַנטישן כאַראַקטער און קאָן געבן אַ רייכן שאַ־פונגס־שטאָף פאַר דעם שרייבער, וואָס וועט רעאַליזירן די טעמאַטיק: „די פאַמיליע

דאווידזאָן". די טאָכטער פון דעם באַרימטן הויפּט־אָנפירער און העלד פון דער רוסישער אַרמיי גענעראַל רוסקי, פאַרליבט זיך אין דעם יידישן מיליטער־דאָקטאָר פון וואַרשע, איז זיך מגייר און ווערט זיין פרוי. אויך אין דעם דאָזיקן פאַל ווייזט זיך אַרויס דער שטאַרקער און שטאָלצער כאַראַקטער פון דר. דאַווידזאָן, וועלכער וויל נישט מאַכן קיין שום קאָנצעסיעס אויפן חשבון פון זיין יידישקייט. צו זיין אַן איידעם פון גענעראַל רוסקי איז טאַקע אַ גרויסער כבוד, אָבער צו זיין אַן אייניקל פון ר' חיים דאַווידזאָן און אַ זון פון ר' לייביש דאַווידזאָן איז אויך נישט פון די קליינע זאַכן.

נאָך דער מלחמה, קערט זיך דר. נח דאַווידזאָן צוריק קיין וואַרשע. ער איז ווייטער ממשיך זיין ציוניסטישע טעטיקייט, איז פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע, שרייבט אַרטיקלען אין דער פּרעסע און האַלט רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען. ער געפינט די מעגלעכקייט צו באַזוכן ארץ־ישראל און דרוקט וועגן דעם באַגייסטערטע איינדרוקן. ווען עס שאַפט זיך דאָס גרויסע, יידישע אַקאַדעמישע הויז אויף פּראַגע, ווערט דאָרט דר. נח דאַווידזאָן דירעקטאָר. ער וויל, ווי אַמאָל, זיין דער פירער און לערער פון די יידישע סטודענטן. ער וויל דאָס שיינע אַקאַדעמישע הויז פאַרוואַנדלען אין אַ „יבנה" פון יידישן, ציוניסטישן גייסט. ער געדענקט ווי זיין יוגנט איז געווען באַגייסטערט מיט געפיל און אַרבעט און פאַרלאַנגט אויך פון דער נייער יוגנט התלהבות און ציוניסטישע איבערגעגעבנקייט. נישט תמיד געפינט ער אָבער פאַרשטענדעניש און נישט תמיד האָט ער נחת. ער איז אַ קנאי און קעמפער, פאַרלאַנגט אַ סך פון זיך און פון אַנדערע. און דאָס איז נישט קיין אנגענעמע און באַקוועמע זאַך.

אויך אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן זוכט ער נישט דעם רואיקן און באַקוועמען וועג. ער איז נישט מסכים מיט יצחק גרינבוים'ס פּאָליטישער ליניע און קעמפט עקשנותדיק און פאַרביסן פאַר זיין אייגענעם ציוניסטישן אמת. ער איז איינער פון די אָנפירנדע חברים פון „עת לבנות", הגם אויך אין דער דאָזיקער סיעה האָט ער זיין באַזונדערע שטעלונג. זיין שטאַרקער כאַראַקטער לאָזט זיך נישט לייכט פירן און באַאיינפלוסן. דאָס ברענגט אָפט צו קאָנפליקטן, וואָס פאַרשאַרפן די באַציונגען און מאַכן אָן בייז בלוט. אָבער אַלע אין דער ציוניסטישער מחנה ווייסן, אַז דר. נח דאַווידזאָן מיינט דאָס ערלעך און אויפריכטיק, אַז זיינע כוונות זיינען ריין, אַזוי ווי זיין ציוניסטיש געוויסן! מ'האָט געקעמפט מיט דר. נח דאַווידזאָן, אָבער אַלע האָבן הויך אָפּגעשאַצט זיין גרויסן ציוניסטישן פּאַטריאָטיזם, זיין טיפע ערלעכקייט און זיין וואַרעם יידיש האַרץ.

אין יאָר 1927 האָט דאָס ציוניסטישע וואַרשע געפייערט דר. נח דאַווידזאָנס 50־יאָריקן געבורטס־טאָג. אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מען אים באַגלייט צו דער אייביקער רו אויפן וואַרשעווער בית־עלמין. מיט דר. נח דאַווידזאָן איז אַוועק איינער פון די בעסטע און איבערגעגעבנסטע ציוניסטן אין קאָנגרעס־פּוילן. ער איז נישט געווען דער גלענצנדיקער פירער מיט גרויסע טאַלאַנטן און שווונג־מעגלעכקייטן. אָבער אין אַ דור, וואָס האָט געזוכט דעם וועג פון עבדות לחרות, האָט ער איבערגענומען אַ זייער וויכטיקע קאַמף־פּאָזיציע און האָט זיין פליכט דערפילט בשלמות, מיט ווירקלעכער איבערגעגעבנקייט און ערלעכקייט, מיט התלהבות, אויסדויער און טרייַשאַפט.



## ה) ד״ר יעקב וויגאָדסקי

אין פוילישן יידנטום און אין ציוניזם האָט ווילנע פאַרנומען אַ באַזונדערן פּלאַץ. וועגן דעם וואָלט כדאי געווען צו שרייבן אַ גאַנצע מאָנאָגראַפיע, אַ באַזונדער בוך. אויף אַ ספּעציעלער מאָנאָגראַפיע וואַרט אויך די פּערזענלעכקייט פון דר. יעקב וויגאָדסקי, וועלכער איז געווען דער בולטסטער און ווירדיקסטער רעפּרעזענטאַנט פון ווילנער יידנטום און ציוניזם.

די גאַלעריע פון היסטאָרישע געשטאַלטן פון פוילישן ציוניזם איז רייך אין שטאַרקע, טאַלענטירטע און באמת גרויסע פּערזענלעכקייטן. צווישן זיי פאַרנעמט דר. יעקב וויגאָדסקי איינעם פון די ערשטע און וויכטיקסטע פּלעצער. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע, שטאַרקע, טאַלאַנטירטע און פאַרבן־רייכע אינדיווידואַליטעט. אין זיינע, כמעט ניין יאָרצענטער האָט ער איבערגעלעבט געשעענישן און היסטאָרישע אויפטרייסלונגען, וועלכע פאַרבינדן אים מיט דריי יידישע דורות און מאַכן זיין ביאָגראַפיע אַ מין קיצור פון דער נייער יידישער געשיכטע, זינט דער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט. ס'איז נישט קיין ליטעראַרישע איבערטרייבונג, אויב מ'וועט דאָ באַהויפּטן, אַז יעקב וויגאָדסקיס לעבן האָט אָפּגעשפּיגלט און אילוסטרירט אַלע שטרעמונגען און שטרעבונגען פון יידישן כלל במשך פון אַ גאַנצן יאָרהונדערט.

געשטאַמט האָט ער פון ביאַלאָרוסיע, פון אַ סוחריש־חסידישער משפחה און איז אויפגעוואַקסן אין אַ טיף־רעליגיעזער סביבה פון לובאַוויטשער חסידים. זייער התלהבותדיקער, חסידישער ברען און קנאות לשם אמת און גערעכטיקייט, האָט אים באַגלייט דאָס גאַנצע לעבן אויף אַלע וועגן און קאַמפן.

אַלס אַ צעניעריקער בחור, מיט אַ שם אַלס עלוי, קומט וויגאָדסקי קיין ווילנע. ער לערנט בהתמדה, ביי טאָג און ביי נאַכט, פאַרטיפט זיך אין קבלה און תורה.

אָבער אָפּט איז גובר זיין שטאַרקער יוגנט־טעמפּעראַמענט, וועלכער רייסט אים אוועק פון די ד׳ אמות של הלכה און טרייבט אים צו ייִנגלישע שטיפעריייען: אין דרויסן ביי די פרייע ברעגעס פון וואַסערן און אין די גרינע סעדער און וועלדער.
צו דער חסידיש־למדנישער טראַדיציע קומען צו נייע השפעות. דער יונגער יעקב וויגאָדסקי כאַפּט זיך צו צו מענדעלזאָנס חומש מיט זיין תרגום אשכנז און צו אַנדערע משכילישע ספרים. ער ווערט אַן עקסטערניסט און שפּעטער אַ שילער פון דער רוסישער מלוכה־גימנאַזיע. אויך דאָ איז ער יאָרן־לאַנג אַן „עלוי" און ביים פאַרענדיקן די גימנאַזיע דעראָבערט ער דעם איינציקן גאָלדענעם מעדאַל, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר דער דאָזיקער גימנאַזיע. פון ווילנע פירט אים איצט זיין לעבנס־וועג קיין פּעטערסבורג, וווּ ער ווערט סטודענט פון דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע.
אָבער וויגאָדסקי קאָן זיך נישט פאַרשליסן אין דער וועלט פון זיין הלכה און סטור־דיום. ער שרייבט שירים אין העבראיש און רוסיש, אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט ליטעראַטור און מאַטעמאַטיק, געהערט צו סטודענטיש־רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך. מ׳איז יונג און פריש, די נשמה איז פול מיט שטורם און דראַנג, מ׳חלומט וועגן אַ בעסערער און גערעכטערער וועלט און מ׳איז גרייט פאַר דעם צו קעמפן און מקריב צו זיין דאָס לעבן.

דערווייל פאַרענדיקט וויגאָדסקי די מעדיצינישע אַקאַדעמיע, פּראַקטיצירט אין די קליניקן און פאָרט שפּעטער אַרויס קיין אויסלאַנד, בכדי צו זען די וועלט און בעיקר צו פאַרפולקאָמען זיינע מעדיצינישע קענטנישן. אָבער דאָס הארץ ציט צו־ריק קיין רוסלאַנד, קיין ווילנע. דר. וויגאָדסקי ווערט איצט אַ סטאַבילער ווילנער תושב; זיין פּראַקטיק אַלס גינעקאָלאָג וואַקסט פון טאָג צו טאָג, זיין נאָמען אַלס דאָקטאָר און מענטש ווערט איבעראַל, אין דער שטאָט און אין דער סביבה, באַ־קאַנט, זיין טעטיקייט איז וויט־פאַרצווייגט און נעמט אַרום די פאַרשידנסטע גע־ביטן. ער דרוקט וויסנשאַפטלעכע ביכער אין רוסיש, פּויליש און דייטש, פאַרעפנט־לעכט פּובליציסטישע אַרטיקלען אין די רוסישע פּראָגרעסיווע ציייטונגען, נעמט אַן אַקטיוון אנטייל אין דעם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. זייט 1880 איז וויגאָדסקי אַ ציוניסט.

דר. וויגאָדסקיס ציוניזם איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. ס׳איז נישט אַ האַרמאָני־זירטע, שלמותדיקע וועלט־אַנשויאונג, ס׳איז סתם אַ ליבשאַפט פאַר ציון, אַ ראָמאַנ־טישער סענטימענט, וואָס באַזירט זיך אויף יוגנט־זכרונות און תנ"ך־מאָטיוון. צוליב דעם איז די באַוועגונג פון חיבת ציון געווען דר. וויגאָדסקין נאָענט צום הארצן. פאַרן ער־צליאַנישן, פּאָליטישן ציוניזם מיט זיין געוואַלטיקן שוווּנג און רעוואָלוציאָנערן שנוי ערכין, מיט זיין קאַטעגאָרישן שלילת הגלות און קאָנסטרוקטיוון, שנעלן פּלאַן פון בויען אַן אייגענע יידישע מלוכה, האָט דר. וויגאָדסקי זיך נישט באַזונ־דערס באַגייסטערט. זיין וועלט איז געווען רוסלאַנד און דער פּאָליטיש־סאָציאַלער דראַנג פון יונגן רוסישן דור פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע. זיין וועלט איז גע־ווען ווילנע מיט איר ווירקלעכקייט, מיט אירע נויטן און קאַמפן. ציון איז געווען אַ ווייטער הגם סענטימענטאַלער און טייערער באַגריף. ביי דר. וויגאָדסקין איז ציון און ציוניזם נישט געווען אַלץ, נישט געווען די גאַנצע וועלט־אַנשויאונג, ס׳איז בלויז איין סענטימענט פון צענדליקער אַנדערע סענטימענטן, איין אידעאַל פון צענ־דליקער אַנדערע אידעאַלן. דאָס איז געווען אַ בלאַסער, בלוט־אָרימער ציוניזם, ווייט

און פרעמד צום פּאָלבלוטיקן, שלמותדיקן אַני־מאמין פון מלוכהשן ציוניזם. דער קלוגער, טאַלאַנטירטער און האַרציקער דר. ווינגאָדסקי איז געווען איינער פון די טויזנטער, פילע טויזנטער ציוניסטן, וואָס זיינען אויך יאָרצענדליקער נאָך הערצלס „יידנשטאַט" געבליבן בלויז חובבי־ציון, און נישט מער. דאָס איז, צו אונזער גרויס אומגליק, געוואָרן זייער פּערזענלעכע און אונזער נאַציאָנאַלע טראַגעדיע.

נאָר לאָמיר צוריקגיין צום סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט, ווען ציון איז געווען פאַנטאַזיע און ווילנע א ממשותדיקע רעאַליטעט. ד"ר ווינגאָדסקי פירט אַן אינטענסיוון קאַמף פאַר די מענטשלעכע און בירגערלעכע רעכט פון אַלע אונטערדריקטע, בעיקר פון יידן. ער שטודירט ערנסט עקאָנאָמישע און יורידישע פּראָבלעמען בעת זיינע נסי־עות אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד. די רוסישע רעוואָלוציע אין יאָר 1905 וועקט ביי אים, ווי ביי מיליאָנען אַנדערע רוסישע מענטשן, גרויסע האָפענונגען און גלענצנ־דיקע אילוזיעס. אָבער בעת די ציוניסטישע מחנה אין רוסלאַנד לייגט אויף דעם העל־סינגפאָרסער צוזאַמענפאָר יסודות פאַר א זעלבסשטענדיקער, יידיש־נאַציאָנאַלער פּאָ־ליטיק, געהערט ד"ר ווינגאָדסקי צו די פּאַראיינצלטע ציוניסטישע פּורשים, וואָס פאַר־בונדן זייערע פּאָליטישע האָפענונגען מיט פרעמדע, רוסישע פּאַרטייען. ער גרינדעט אין ווילנע אַן אָפּטיילונג פון דער פּראָגרעסיוו־בירגערלעכער קאַדעטן־פּאַרטיי. (קאַ־דעטן — קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן). דער פועל־יוצא דערפון איז א ביטערע אַנטוישונג. אין ווילנע איז די קאַדעטן־אָפּטיילונג געבליבן א ריין־יידישע, קיין איינ־ציקער נישט־ייד איז נישט צוגעטרעטן צו איר. אין פּעטערסבורג ווידער האָט מיליו־קאָוו, דער פירער פון דער קאַדעטן־פּאַרטיי נישט געוואָלט באַרירן די יידישע פראַגע אין דער דומאַ (פּאַרלאַמענט), מורא האָבנדיק, אַז מען וועט זיין פּאַרטיי פאַרשרייען אַלס א יידישע. פאַר ד"ר ווינגאָדסקין איז דאָס געווען א גרויסע אַנטוישונג און אויפטרייסלונג. אַזוי האָט דאָס לעבן, דאָס רעאַלע אוןווירקלעכע, געלערנט א פּרק ציוניסטישע הלכה מיט ד"ר ווינגאָדסקין און מיט אַנדערע גוטע און קלוגע יידן, וואָס האָבן נאָך פּינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציע" און הערצלס „יידנשטאַט" נאָך לאַנג נישט פאַרשטאַנען דעם איינציקן ריכטיקן וועג פאַרן יידנטום.

נאָך א טיפערע און גרינטלעכערע אויפטרייסלונג האָט ד"ר ווינגאָדסקי איבער־געלעבט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז שטיין געבליבן פנים־אל־פנים מיט דער יידישער טראַגעדיע, מיט אירע גזרות, גירושים און ליידן. ביז איצט האָט ער בלויז דערקענט די דייטשע קולטור און ציוויליזאַציע, איצט האָט ער דערזען דעם ברוטאַלן, אוממענטשלעכן פּרצוף פון דייטשן מיליטאַריזם און געוואַלט־סיסטעם. ער פּראָטעסטירט און קעמפט קעגן דעם דייטשן רעזשים אין ווילנע און ווערט דערפאַר איינגעזעצט אין די דייטשע תפיסות. דאָ אין דער דייטשער תפיסה הויבט אָן ד"ר ווינגאָדסקי צו שרייבן אין יידיש, און זייט דעמאָלט שרייבט ער כמעט אויסשליסלעך נאָר אויף יידיש. ער קומט ווידער צוריק בלב ונפש צום ציוניזם, פון וועלכן ער איז א געוויסע צייט אַוועק.

זיין גלאַנץ־תקופה איבערלעבט ד"ר ווינגאָדסקי אין דער צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. קוים איז געווען די מלחמה פאַרענדיקט, האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף וועגן דעם, צו וועמען ווילנע זאָל געהערן. די פּאָליאַקן זענען געקומען מיט זייערע היסטאָרישע פּרעטענסיעס, די ליטווינער מיט זייערע אַספּיראַציעס אויף ווילנע אַלס הויפּט־שטאָט פון ליטע און די רוסישע באָלשעוויקעס האָבן געשיקט אויף ווילנע

די רויטע אַרמיי. ד״ר ווינאַדסקי האָט גענהאַלטן, אַז ווילנע, זיין ווילנע, איז נישט פּויליש, נישט ליטוויש און נישט רוסיש, זי איז און דאַרף בלייבן יידיש. ער האָט דורכאויס געוואָלט אויפהענגען אויפן ווילנער ראַטהויז די בלוי־ווייסע פאָן. ווען אין יאָר 1920 בושעוועט אין די גאַסן פון ווילנע אַ פּאָגראָם פון פּוילישע סאָלדאַטן קעגן יידן, גייט ד״ר ווינאַדסקי אָן מורא און אָן שרעק, צום הויפּט־קוואַרטיר פון פּוילישן גענעראַל. דער יידישער דאָקטאָר מיט די לאַנגע „וואָנסעס״ און גראָבן שטעקן אין דער האַנט, רעדט מיטן פּוילישן גענעראַל האַרטע דיבורים, מיט שטאָלץ און ווירדע. פון זיין האַלטונג און זיינע ווערטער פילט מען, אַז ער, ד״ר יעקב ווינאַדסקי, איז דער בעל־הבית פון ווילנע און נישט יוזעף פּילסודסקי, זיין בן־עיר און פריינט.

זינט דעם יאָר 1918 שטייט ד״ר ווינאַדסקי בראש פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע אין ווילנע. שפּעטער, נאָך דער קאָנסאָלידאַציע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, בלייבט אָבער ווילנע ווייטער אַ מין אויטאָנאָמער טייל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קאָנגרעס־פּוילן. הגם פאַרבונדן מיט די ציוניסטישע צענטראַל־אינסטאַנצן אין וואַרשע, גייט זיך ווילנע און בעיקר ד״ר ווינאַדסקי, זיין אייגענעם וועג. וואַרשע קאָן טון און באַפעלן, וואָס זי וויל, אָבער אין ווילנע איז ער, ד״ר ווינאַדסקי, דער בעל־הבית. דאָס איז אַ פאַקט און מיט דעם מוזן זיך אַלע רעכע־נען. מ׳איז ד״ר ווינאַדסקין אַ סך מאָל מוחל זיינע אינדיווידואַליסטישע וועגן, ווייל מ׳ווייסט, אַז דער דאָזיקער תמיד אַלט־יונגער עסקן איז טיף־ערלעך, אויפריכטיק, אומדערשראָקן און דעם יידישן פאָלק בשלמות איבערגעגעבן. ד״ר ווינאַדסקי איז דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים פון ווילנע, שטייט בראש פון דער ווילנער קהילה, איז אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון ווילנער געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָנהויבנדיק ביי ליטע־ראַטור און זשורנאַליסטיק און ענדיקנדיק ביי שפּיטעלער און סאָציאַלער הילף. „וויל־נע איז ד״ר ווינאַדסקיס גובערניע״ — דאָס מוזן אַלע מודה זיין, אפילו יצחק גרינ־בוים, וועלכער פירט מיט אַ פעסטער האַנט די יידישע און ציוניסטישע פּאָליטיק אין פּוילן.

אין די וואַרשעווער סיימען איז ד״ר ווינאַדסקי פאַרטרעטער פון דער יידישער „קאָלאָ״ אין דער בילדונגס־קאָמיסיע, ער קעמפט פאַר די רעכט פון העברעאישן און יידישן שולוועזן און אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד קעגן „נומערוס קלויזוס״ און אַנ־דערע אַנטיסעמיטישע גזרות. דער כמעט אַכציק־יעריקער זקן ווייזט אַרויס ענערגיע און מוט, ווי זעלטן יונגערע פון אים. ער געפינט אפילו צייט פאַרצוזעצן זיינע מע־מואַרן, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. צו זיינע זכרונות־ביכער „אין שטורעם״ (פון די אָקופּאַציע־צייט) און „אין גיהנום״ (פון די דייטשע תפיסות) קומט איצט צו אַ נייער באַנד: „אין סמבטיון״ (פון דער נאָך־מלחמה־צייט). ווען מ׳האָט געפייערט זיין 80־יאָריקן יובילייו, האָט ד״ר ווינאַד־סקי געזאָגט מיט אַ שמייכל, וועלכע רעדע ער האָט בדעה צו האַלטן ביי זיין 100־יאָריקן יובילייו. דאָס איז נישט געווען סתם אַ גייסטרייכער וויץ. ד״ר ווינאַדסקי האָט גע־גלויבט באמונה שלמה, אַז ער וועט דערלעבן זיין 100־יאָריקן געבורטסטאָג און האָט געמאַכט פּלענער פון אַרבעט, געזעלשאַפטלעכער און שריפטשטעלערישער להבא. ער האָט באַרעכנט וויפיל בענדער זכרונות ער מוז נאָך פאַרענדיקן. צו באַ־וואונדערן איז געווען דער לעבנס־ און אַרבעטס־כוח פון דעם קלוגן און האַרציקן ד״ר ווינאַדסקי.

די לעצטע יאָרן פאַר דער היטלערישער מלחמה זענען שווער געווען פאַר ד"ר ווינגאָדסקין. דער סאַנאַציע־רעזשים, וועלכער האָט אין לאַנד אָפּגעשאַפט דאָס דעמאָקראַטישע וואַל־רעכט, האָט ביי ד"ר ווינגאָדסקין צוגערויבט זיין ווילנער סיים־מאַנדאַט. צו פּראַקטיצירן אַלס דאָקטאָר איז ער שוין געווען צו אַלט. ד"ר ווינגאָדסקי האָט צוזאַמען מיט זיין איידעלער אַלטער פרוי געלעבט ממש אין נויט. ער האָט געהונגערט מיט שטאָלץ, אָפּוואַרפנדיק אַלע מאַטעריעלע פּראָפּאָזיציעס, וועלכע מ'האָט אים אויף א בכבודיקן אופן פאָרגעשלאָגן.

ווען די היטלערישע האָרדן זענען אין יאָר 1941 אריין אין ווילנע, איז ד"ר ווינגאָדסקי אַלט געווען 86 יאָר. ער האָט נישט געקאָנט זיך רואיק צוקוקן צו די שרעקלעכע רדיפות, וואָס די ווילנער יידן האָבן אויסצושטיין. ער איז אַוועק אין דער קאָנצעלאַריע פון היטלערישן מושל אין ווילנע און האָט אים מיט א פעסטער שטים דערקלערט, אַז יידן וועלן זיך נישט לאָזן פאַרניכטן. מ'האָט דעם אַלטן יידישן פירער מיט בזיון אַרויסגעטריבן פון דער היטלערישער קאַנצעלאַריע און איינגעזעצט אין א תפיסה. עדות, וואָס זענען געזעסן צוזאַמען מיט ווינגאָדסקין דערציילן וועגן זיין מוט און שטאָלץ. שוואַך־קראַנק און שטאַרק פאַרקילט האָט ער געמוזט ליגן אויף א שטיינערנער ערד. יידן, וואָס זענען מיט אים געווען, האָבן אים געגעבן פון זייערע בגדים. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט און האָט געטרייסט אַנדערע, אַז „מיר יידן וועלן זיי איבערלעבן". מ'האָט כסדר געביטן די אַרעסטאַנטן אין דער צעלע, אָבער ד"ר ווינגאָדסקין האָבן די היטלערישע תלינים ספּעציעל איבערגעלאָזט, בכדי ער זאָל זיך מאַטערן. דאָרט אין דער צעל פון דער לוקישער תפיסה האָט ער אויסגעהויכט זיין איידעלע, ריינע נשמה.

זיין העלדישער מאַרטירער־טויט האָט אָפּגעשלאָסן א לעבן, וואָס איז געווען אַזוי רייך אין מעשים, אַזוי ערלעך אין מחשבה, אַזוי הייס אין געפיל און אַזוי איבערגעגעבן אין טריישאַפט. נישטאָ ד"ר ווינגאָדסקי מער, נישטאָ זיין יידישע ווילנע. אָבער ווי לאַנג מיר וועלן לעבן, וועלן מיר מיט יראת הכבוד און ליבשאַפט דערמאָנען צווישן אונזערע גרויסע קדושים דעם נאָמען: דאָקטאָר יעקב ווינגאָדסקי.

## ו) ד"ר יהושע גאָטליב

אָט שטייט ווידער פאַר אונזערע אויגן איינע פון די אומפאַרגעסלעכע געשטאַלטן, אָן וועלכע מיר האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן דעם פּוילישן ציוניזם. ד"ר יהושע גאָטליב, אָדער, ווי מ'האָט אים גערופן אין אינטימע קרייזן, העשל גאָטליב, האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרבונדן מיטן ציוניזם און מיט דער יידישער רענעסאַנסבאַוועגונג. מיר האָבן געהאַט יידישע שרייבער און עסקנים, וועלכע זענען ביי אונז געבליבן, ווייל מחוץ דער יידישער געזעלשאַפט און ווירקלעכקייט האָבן זיי נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט פון אַנטשפּרעכנדיקער אַרבעט און אַנטוויקלונג. ד"ר גאָטליב האָט צו זיי נישט געהערט, ווייל זיין גרויסער טאַלאַנט און זיין טיפע אייראָפּעישע בילדונג האָבן אים ברייט געעפנט די טויערן צו פרעמדע פּאַרטייען און אומות העולם.



ד״ר יהושע גאָטליב

פון זיינע יונגע סטודענטישע יאָרן אָנגעהויבן, איז יהושע גאָטליב אַ ציוניסט, מיט אַן איינגעפונדעוועטער, טיפער ציוניסטישער וועלט־אנשויאונג. ער האָט זיין ליבע צו ציון נישט געטיילט און נישט פאַרבונדן מיט אַנדערע ליבשאַפטן. ציוניזם אָן וועלכער ס׳איז פּאָליטישער אָדער סאָציאַלער הוספה, אָן וועלכע ס׳איז באַדינגונגען און באַוואָרענישן, דאָס איז געווען זיין אני־מאמין, פון די סטודענטן־צייטן אין דער שווייץ ביז צום טראַגישן לעבנס־סוף.

מ׳האָט ד״ר גאָטליבן אָפט פאָרגעוואָרפן, אַז אין דער פּאָליטיק איז ער שוואַך און שוואַנקענדיק. און דאָך האָט ער געקאָנט, מוטיק און מיט עקשנות, שווימען קעגן דעם שטראָם. די יידישע סטודענטנשאַפט אין דער שווייץ, ווי בכלל די פרעמדע סטודענטנשאַפט אין דעם דאָזיקן לאַנד, אויפן שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז באַהערשט געווען בשלמות פון אַ מעכטיקן שטורעם־דראַנג צום קאַמף פאַר אַ טיפן סאָציאַלן און רעוואָלוציאָנערן שנוי־ערכין. דער גליענדיקער אָטעם פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין יאָר 1905 האָט אַלע און אַלץ מיטגעריסן און האָט אַרויסגעצויבערט פאַר די יונגע, פייערדיקע אויגן, גרויסע און הערלעכע אילוזיעס, וואָס האָבן פאַרכשופט און פאַרשכורט אפילו די ציוניסטישע יוגנט. לחנם האָט אחד־העם געוואָרנט די יידישע יוגנט, זי זאָל זיך נישט לאָזן פאַרפירן דורך פרעמדע געטער, ווי שיין און גלאַנצנדיק זיין זאָלן נישט אויסזען.

גאָטליב האָט געהערט צו די ווייניקע ציוניסטישע סטודענטן, וועלכע האָבן נישט געדאַרפט האָבן אחד־העמס וואָרענונג. אפשר איז דערביי דעם יונגן סטודענט פון יוריספּרודענץ אויף דער בערנער אוניווערסיטעט בייגעשטאַנען זיין נייגונג צו פילאָ־

זאָפישער פּאַרטיפונג און סקעפּטישער באַציונג צו אַלץ וואָס איז מענטשלעך. דער דעמאָלטדיקער וועלט־גאון אַרטור שאָפּענהויער האָט מיט זיינע פילאָזאָפישע טעזן און געדאַנקען געפונען אַ סך תלמידים און מאמינים. צו זיי האָט געהערט אויך דער יונגער יוריס־דאָקטאָר גאָטליב. זיין דאָקטאָרישע דיסערטאַציע, וואָס איז שפּעטער אַרויס אין דרוק, אין בערלין, האָט געהאַט דעם טיטל: „שאָפּענהויערס השפּעה אויף דער קרימינעלער רעכטסוויסנשאַפט". אויך זיין ערשטער ליטעראַריש־זשורנאַליסטי־שער אַרטיקל באַשעפטיקט זיך מיט דער פילאָזאָפישער וועלט־אַנשויאונג פון אַרטור שאָפּענהויערן. דער דאָזיקער אַרטיקל, געדרוקט אין יאָר 1908, איז געוואָרן דער אָנ־הויב פון ד"ר גאָטליבס יאָרן־לאַנגער און גלענצנדיקער זשורנאַליסטישער טעטיקייט. די פילאָזאָפישע נייגונג און בילדונג, און בפרט שאָפּענהויערס טיפע השפּעה האָבן באַשטימט דעם ווייטערדיקן לעבנס־וועג און לעבנס־גורל פון ד"ר גאָטליבן. זיין אויי־סערלעכע סטאָאישע רואיקייט און סקעפּטישע וועלט־אַנשויאונג האָט אים פון איצט אָן באַגלייט אויף יעדן שריט און טריט. אַוודאי קאָן דער פילאָזאָפישער סטאָאיציזם און סקעפּטיזם באַרואיקן די נשמה פון אַ מענטשן, וואָס לעבט איבער שטורמישע און ברוויזנדיקע צייטן. אָבער אַ סגולה צו אמונה איז דאָס נישט! און ד"ר גאָטליב איז דאָך געווען אַ הייסער ציוניסט מיט איבערצייגונג און יוגנט־ברען. ווי פּאָרט זיך דאָס מיט סטאָאיציזם און סקעפּטיזם? איז טאַקע ד"ר גאָטליבס לעבן געווען אַ כסדר־דיקער שווערער קאַמף צווישן זיין ציוניסטישער אמונה און זיין סקעפּטישער פילאָ־זאָפיע. איינמאָל האָט געזיגט די אמונה און דאָס צווייטע מאָל האָט מנצח געווען דער סקעפּטיזם. און אַזוי איז עס געגאַנגען כסדר, במשך פון כמעט פערציק יאָרן פון אינ־טענסיווער זשורנאַליסטישער און געזעלשאַפטלעך־ציוניסטישער טעטיקייט. די דאָ־זיקע צעריסנקייט, וואָס האָט זיך געשאַפן אין ד"ר גאָטליבס נשמה, צווישן דעם ציוניזם, וועלכער האָט געפאָדערט שטאַרקע אמונה און טיפע איבערגעבנקייט, און דעם אפּיקורסישן סקעפּטיזם, איז געוואָרן פאַר ד"ר גאָטליבן אַ מקור פון אַ סך טראַ־גישע און אָנגעווייטיקטע איבערלעבענישן. ביודעין אָדער בלא יודעין האָט דאָס דער פּערזענלעכקייט פון ד"ר גאָטליבן געגעבן אַ מין שטעמפּל פון טראַגישקייט, וואָס האָט אים באַגלייט דאָס גאַנצע לעבן און צום סוף אָפּגעשניטן זיינע יאָרן. פאַר דער מאָנאָגראַפיע וואָס וועט געשריבן ווערן וועגן ד"ר יהושע גאָטליב, וואָלט אפשר צוגע־פּאַסט געווען דער טיטל: „דער שאָפּענהויערישער פילאָזאָף, וואָס האָט געדאַרפט ווערן אַ ציוניסטישער מנהיג". דאָס איז נישט סתם אַ מליצה, אין דעם דאָזיקן טיטל איז פּרעציזירט ד"ר גאָטליבס לעבנס־וועג.

ד"ר גאָטליבס ציוניסטישע אמונה און וועלט־אַנשויאונג האָבן אים געפירט און געמוזט פירן צו אַקטיווער ציוניסטישער טעטיקייט. זיין גלענצנדיקער זשורנאַליסטיש־שרייבערישער טאַלאַנט און זיין וווּנדערבאַרע אָראַטאָרישע רעדנער־קונסט האָבן אים געשטעלט און געמוזט שטעלן אין דער ערשטער ריי פון דער ציוניסטישער מחנה אין פּוילן. אין וואַרשע, ווו ער איז אָנגעקומען נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט אין בערן פאַרנעמט ד"ר גאָטליב גלייך איינעם פון די חשובסטע ערטער אין דער יידישער פּרעסע. ער אַרבעט מיט אין „פריינט", „אונזער לעבן", „היינט", „הצפירה" א. א. וו. שרייבט ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען, דרוקט אין ש. גאָרעליקס „יידישן אַלמאַנאַך" די איבערזעצונג פון פרידריך ניטשעס „אַזוי האָט גערעדט זאַראַ־טוסטראַ". די אייראָפּעישע פאָרם פון סטיל און אינהאַלט, די רייכקייט פון געדאַנקען

און וויסן פאַרשאַפן ד״ר גאָטליבן דעם פּלאַץ פון אַן ערשטקלאַסיקן זשורנאַליסט און שרייבער, מיט וועלכן די יונגע יידישע פּרעסע איז באַגייסטערט און שטאָלץ. זיינע גייסטרייכע פעליעטאָנען און עסייען באַצוויבערן דעם ברייטן יידישן לייענער־עולם.

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ד״ר גאָטליב רעדאַקטאָר פון „לאָדזשער מאָרגנבלאַט" (צוזאַמען מיט ד״ר א. מוקדוני). ביים סוף פון דער מלחמה, ווערט ער רעדאַקטאָר פון דעם אָפיציעלן ציוניסטישן אָרגאַן „דאָס יידישע פאָלק", וואָס דערשיינט אין וואַרשע, צוערשט אַלס וואָכנבלאַט און שפּעטער אַלס טאָג־צייטונג. ווען „דאָס יידישע פאָלק" האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן „היינט" בלייבט ד״ר גאָטליב אַ לענגערע צייט שעף־רעדאַקטאָר. ער אַנטוויקלט אויך דעמאָלט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און באַטייליקט זיך אין אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן און קאָנפערענצן. אין צ. ק. פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן פאַרנעמט ער אַ סטאַבילן און חשובן פּלאַץ.

ווען יצחק גרינבוים ווערט דער פאַקטישער מנהיג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון דער יידישער פּאָליטיק אין פוילן, איז ד״ר גאָטליב זיין שאַרפסטער אַנטאַגאָניסט אויפן שטח פון קאָנגרעס־פוילן. אויך דאַסמאָל גייט נישט ד״ר גאָטליב דעם באַקוועמען און פּאָפּולערן וועג, ווי עס האָבן דאָס געטון אַנדערע. ער פּרוווט צו קעמפן קעגן דעם שטראָם, וואָס וואַקסט און איז מנצח אין דער יידישער גאַס. סיי אין די פראַגן פון דער לאַנדס־פּאָליטיק און סיי אין די פּראָבלעמען פון דער ציוניסטישער וועלט־פּאָליטיק איז ד״ר גאָטליב אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון גרינבוימען. אין דעם לײַדנשאַפטלעכן קאַמף אַרום דער פראַגע פון פאַרברייטערן די „יידישע אַגענץ" שטיצט ד״ר גאָטליב וויצמאַנען און זיין פּאָליטישע ליניע. ד״ר גאָטליב איז סיי אידעאָלאָגיש און סיי פּאָליטיש דער אָנפירער פון פוילישן „עת לבנות". אין געראַנגל קעגן דעם וואַקסנדיקן איינפלוס פון ראַדיקאַל־ציוניסטישן „על המשמר" אין די פראַגן פון עליה און סאָציאַלן איבערבוי, איז ד״ר גאָטליב דער העראָלד פון יידישן מיטלשטאַנד, פון זייערע באַדערפעניש און פּאָסטולאַטן. מיטן וווּקס פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, דערנענטערט זיך ד״ר גאָטליב אַלץ מער און מער צו דער דאָזיקער ריכטונג און שיטה אין ציוניזם. ער פאַרלאָזט דעם „היינט", ווו ער האָט לאַנגע יאָרן מיטגעאַרבעט מיט אַזויפיל טאַלאַנט און אָנערקענונג, און ווערט שעף־רעדאַקטאָר פון „מאָמענט", אין וועלכן עס דרוקט אויך זיינע אַרטיקלען זאב זשאַבאָטינסקי (נאָך זיין צעגיין זיך מיטן „היינט"). אַ לענגערע צייט שטייט ד״ר גאָטליב בראש פון דעם ציוניסטישן בלאָק אין דער וואַרשעווער קהילה און זוכט אַ פאַרשטענדיקונגס־וועג מיט דער הערשנדיקער אגודה־מערהייט, אין קעגנזאַץ צו דער פּאָליטישער ליניע פון גרינבוימס ריכטונג.

ד״ר גאָטליב האָט געהאַט דעם ווילן און טאַלאַנט צו ווערן אַ מנהיג פון פוילישן יידנטום און ציוניזם. ער האָט מער בילדונג ווי אַנדערע, די פּאָליטיק פאַרשטייט ער טיף און גרינטלעך, זיינע פעיקייטן אַלס זשורנאַליסט און רעדנער שטעלן אים בראש פון דער ציוניסטישער מחנה אין פוילן. אָבער ס'פעלט ד״ר גאָטליבן דאָס ערשטע און דאָס וויכטיקסטע, וואָס אַ מנהיג דאַרף אין זיך האָבן: דער גלויבן אין זיך און אין דעם אייגענעם כוח און אמת. דער וואָרם פון סקעפּטיציזם נאָגט אין גאָטליבס נשמה, האַמעוועט כסדר דעם גרויסן און התלהבותדיקן שווונג, און גראָבט אונטער

יעדן יסוד, אויף וועלכן ד"ר גאָטליב שטעלט זיך אַלס מנהיג. ער קאָן זיין קאַמף נישט האַרט פירן, ער קאָן זיין נצחון נישט לגמרי דערגרייכן.

ס'איז אַ ביטערער, טראַגישער אמת, וועלכן ד"ר גאָטליב וויל נישט און קאָן נישט אנערקענען. זיין טיפע צוגעבונדנקייט צום ציוניזם, זיינע אויסערגעוויינלעכע פּאָליטישע, שריפטשטעלערישע און רעדנערישע טאַלאַנטן דערלויבן אים נישט צו קאַפּיטולירן. וואָלט זיך ד"ר גאָטליב צו דער ריכטיקער צייט צוריקגעצויגן פון דער פּאָליטיק, וואָלט ער פערזענלעך און מיט אים די יידישע ליטעראַטור אַ סך און אַ סך געוואונען. אָן איבערטרייבונג קאָן מען זאָגן, אַז ד"ר גאָטליב האָט געהאַט אין זיך די נויטיקע קוואַליפיקאַציעס, בכדי צו פאַרנעמען אין דער יידישער ליטעראַטור איינעם פון די וויכטיקסטע פּלעצער ביי דער סאַמער מזרח־וואַנט. מיט זיין ערנסטער ביל־דונג און גייסט־רייכטום, מיט זיין שפע פון מבינות און בקיאות, מיט זיין פיינעם סטיל פון עסטעטיק און געפיל־עשירות, האָט ער אונז געקאָנט געבן אַ פּאָר קלאַסישע ביכער, וועלכע וואָלטן אויף דורות זיין נאָמען באַדעקט מיט כבוד און דאַנקבאַרקייט.

אָבער ד"ר גאָטליב איז געגאַנגען אַן אַנדערן וועג. ער האָט זיינע גרויסע טאַ־לאַנטן פאַרברויכט אין דעם טאָג־טעגלעכן, אַ סך מאָל קליינלעכן פּאָליטישן קאַמף, נישט האָבנדיק אָפט פון דעם קיין גרויסן כבוד און נחת. יהושע גאָטליב האָט געשמט אַלס פּקח, זיין לאָגיק און שכל־אַרגומענטאַציע האָבן איבערצייגט און טיף איינגע־ווירקט אויף די צוהערער. און דאָך האָט ער אַמאָל געמאַכט פּאָליטישע שריט, וועלכע זענען ווייט געווען פון לאָגישער אויסגעהאַלטנקייט. ווי אַלע גרויסע מענטשן איז ער נישט פריי געווען פון שוואַכקייטן, וועלכע ער האָט ביי זיין גאַנצער פּקחות נישט געקאָנט אין זיך גובר זיין.

דאָס איז אויך פאָרגעקומען, בעת ער האָט זיך ערב דער היטלעריסטישער וועלט־מלחמה געלאָזט נאָמינירן דורך דער אַנטי־דעמאָקראַטישער סאַנאַציע־קליקע צום סיים־דעפּוטאַט פון וואַרשע. צו וואָס האָט ער דאָס געדאַרפט האָבן, ער דער גייסטרייכער דענקער און שרייבער, דער סקעפּטישער פילאָזאָף און עסטעטיקער, דער פיינער ליטע־ראַטור־קענער און קונסט־מבין? אומפאַרשטענדלעך איז אָפט די נשמה פון מענטשן, אפילו פון אַזאַ הויכער מדרגה, אויף וועלכער ס'איז גייסטיק און מאָראַליש גע־שטאַנען ד"ר גאָטליב.

און ווי טראַגיש און אומלאָגיש איז געקומען דער פינאַל פון ד"ר גאָטליבס לעבן. ווען דער היטלער־שטורעם איז אויסגעבראָכן אויף פּוילנס ערד, האָט יהושע גאָטליב געזוכט זיין צופלוכט און רעטונג אין זיין היים־שטאָט פּינסק. אַנדערע זענען אַנט־לאָפן קיין רומעניע און ווילנע, אים, דעם לאָגיש־דענקענדיקן וועלט־פּאָליטיקער האָט עס געצויגן צו זיין שטעטעלע, צו זיין קינדער־היים. ((ווי ווייניק קאָן מען זיך בעת צרה פאַרלאָזן אויף אונזער מענטשלעכער פּקחות!). דאָרט האָט דער טראַגישער גורל דערגרייכט ד"ר גאָטליבן, און ערגעץ־ווו אין אַ סאָוויעטישן לאַגער געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן.

צווישן די טאַלענטירטע און גייסטרייכע היסטאָרישע געשטאַלטן פון פּוילישן ציוניזם פאַרנעמט ד"ר יהושע גאָטליב איינעם פון די חשובסטע פּלעצער. ער האָט אונז נישט אַלץ געגעבן פון זיך, וואָס ער איז בכוח געווען צו געבן, אָבער דאָס, וואָס ער האָט אונז געגעבן במשך פון זיין 40־יאָריקער ציוניסטישער טעטיקייט, איז גע־ווען רייך אין מעשים און געדאַנקען, גלענצנדיק אין פאָרם און אינהאַלט, עכט־יידיש

אין געפיל און וויסן. אין אַ דור, וואָס האָט געבלאָנדזשעט פערציק יאָר אין אַ גלות־מדבר פון פאַרשידנסטע וועגן און אָפּוועגן, איז ד"ר יהושע גאָטליב געווען איינער פון די טרייעסטע און קאָנסעקווענטעסטע ציוניסטישע לערער, וועלכע האָבן מיט גלענצנדיקן וואָרט און טאַלאַנטירטן שריפט געוויזן דעם וועג צו נאַציאָנאַלער דער־לייזונג און מלוכהשער גאולה.

## ז) הרב יצחק ניסענבוים

זינט דעם סוף פונעם פאַריקן יאָרהונדערט, האָט דאָס פוילישע יידנטום איבער־געלעבט אַ שטורמישן אויפלעבונגס־פּראָצעס פון נייע, פּאָליטישע, סאָציאַלע און גייסטיקע שטרעבונגען און באַוועגונגען אין וועלכע דער ציוניזם האָט געהאַט די דע־צידירנדיקע השפעה. דער עתיד פון פוילישן יידנטום איז אָבער אָפּהענגיק געווען פון דער וויכטיקסטער הויפּט־פראַגע: ווי וועט זיך דאָס רעליגיעזע, אָרטאָדאָקסישע יידנ־טום אין פוילן שטעלן צו די נייע שטרעמונגען, באַוועגונגען און פּראָגראַמען? ווייל אָן די גרויסע מאַסן פון רעליגיעזן יידנטום, זיינען אַלע פּרוּוון און אַלע באַמיאונגען פון נאַציאָנאַל־גייסטיקן און פּאָליטיש־סאָציאַלן אויפלעבונגס־פּראָצעס, געווען פאַר־אורטיילט צו מאַכטלאָזיקייט און דורכפאַל. ס'וועט נישט זיין קיין איבערטרייבונג, ווען מ'וועט דאָ באַהויפּטן, אַז דער שליסל צו דער צוקונפט פון פוילישן יידנטום איז געלעגן אין די הענט פון רעליגיעזן, אָרטאָדאָקסישן מאַסן־מענטש. גרויס איז געווען דער נומערישער און גייסטיקער כוח און גרויס איז אויך געווען די אחריות און היס־טאָרישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון רעליגיעזן יידנטום אין פוילן לגבי דעם עתיד פון דעם גאַנצן יידישן ישוב. צי האָט דער רוב מנין און דער רוב בנין פון פוילישן יידנטום, צי האָבן די אָרטאָדאָקסישע יידן דערפילט זייער היסטאָרישע אויפגאַבע, צי האָבן זיי געקאָנט, ביי די אָביעקטיווע באַדינגונגען דערפילן זייער שליחות, און צי וואָלט דער גורל פון פוילישן יידנטום און מיט אים אויך דער גורל פון וועלט־יידנ־טום, נישט געווען גאָר אַן אַנדערער, ווען די דאָזיקע שליחות וואָלט דערפילט געוואָרן בשלמות?

ווען מ'שטעלט פאַר זיך און פאַר אַנדערע, די דאָזיקע שווערע פראַגן, מוז מען פאַר די אויגן האָבן דעםווירקלעכן צושטאַנד פון רעליגיעזן יידנטום אין פוילן, מיט אַ דור צוריק. די ריזיקע חסידישע מאַסע, וואָס האָט געציילט, לכל הפּחות צוויי דריטל פון פוילישן יידנטום, איז געווען אַ ספּעציפישע, אָפּגעשלאָסענע וועלט, וועלכע האָט ביי איר גאַנצער מיסטישער ראָמאַנטיק, ו'עפּרעזענטירט אַ פאַרביסענע, פאַר'עקשנטע קעגנערשאַפט צו אַלץ, וואָס איז איר פאַרגעקומען פריש און ניי. יעדער שנוי, — גייס־טיקער, פּאָליטישער, סאָציאַלער און אפילו טעריטאָריאַלער האָט אַרויסגערופן אַ פאַנאַטישן און פיינטלעכן ווידערשטאַנד ביי דעם דאָזיקן, לגמרי קאָנסערוואַטיוון, אין זיך פאַרשלאָסענעם רוב מנין ורוב בנין פון פוילישן יידנטום. אָרטאָדאָקסישע רבנים און חסידישע רביים, האָבן מיטן אויטאָריטעט פון דורות־לאַנגער טראַדיציע און מאַכט־שטרעבן, אָפּגעהיטן די מויערן פון דער דאָזיקער פולשטענדיק־אָפּגעשלאָ־סענער וועלט.

דורכצובורעכן די דאָזיקע ענג־פאַרשלאָסענע, מיט פאַנאַטישער קנאה פאַרוואַק־סענע מויערן, פאַר נייע, פרישע ציוניסטישע שטרעמונגען און שטרעבונגען, איז גע־ווען אַ קאָלאָסאַל־שווערע און ריזיקאַלע אַרבעט, וועלכע האָט פאַרלאַנגט אַ סך מוט און כוח, אמונה און טריישאַפט. דער היינטיקער דור קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ שווערע און מי־פולע אַרבעט עס האָבן אויף זיך גענומען די ציוניסטישע קעמפער, וועלכע האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו דעראָבערן דאָס רעליגיעזע יידנטום אין פוילן פאַר דער ציוניסטישער אידעע און באַוועגונג.

איינער פון די דאָזיקע עלטסטע, בעסטע און טרייסטע קעמפער, איז געווען הרב יצחק ניסענבוים. זיין גאַנץ לעבן איז מיט דעם דאָזיקן קאַמף פאַרבונדן געוואָרן. פון זיינע יוגנט־יאָרן אין דעם רוסיש־צאַריסטישן תחום המושב, אין די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ביז צום שרעקלעכן פינאַל פון וואַרשעווער געטאָ אין האַרבסט 1942, האָט הרב יצחק ניסענבוים, געדינט ערלעך און התלהבותדיק, אומ־דערשראָקן און אומדערמידלעך דעם געדאַנק פון שיבת ציון. ער איז געווען אַ רוסי־שער ייד, געבוירן און דערצויגן אין באָברויסק, אָבער זיין לעבן און זיין גורל האָט ער אויף אייביק צונויפגעבונדן מיטן פוילשן יידנטום.

שוין אַלס יונגער ישיבה־בחור אין וואָלאָזשין, אינטערעסירט זיך יצחק ניסענ־בוים מיט חיבת־ציון און מיט דער יונגער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. ער גרינדעט דעם פאַריין „נצח ישראל", וועלכער וויל שטיצן דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל און פאַרשפּרייטן צווישן דער יידישער יוגנט אין רוסלאַנד ליבשאַפט צו יידיש־קייט און עטישע מידות. באַלד האָט דער פעיקער און ענטוזיאַסטישער ישיבה־בחור געהאַט די זכיה גאָר נאָענט צו ווערן מיט דער באַוועגונג פון חובבי־ציון. ניסענבוים איז געוואָרן סעקרעטאַר ביים באַרימטן ביאַליסטאָקער רב ר' שמואל מאָהילאָווער, וועלכער איז, צו יענער צייט, געווען איינער פון די פירנדיקע געשטאַלטן פון דער יונגער ציוניסטישער באַוועגונג. אין ביאַליסטאָק איז יצחק ניסענבוים אויסגעוואַקסן און רייף געוואָרן אַלס עסקן, מטיף און שרייבער.

איבער שטעט און שטעטלעך אין תחום המושב פון דער ריזיקער רוסישער אימ־פעריע, הויבט אָן אַרומצופאָרן דער יונגער עסקן און מטיף ניסענבוים, ברענגענדיק אומעטום דאָס וואָרט פון נאַציאָנאַלער גאולה און דערלייזונג אויף ארץ־ישראלדיקער ערד. ער איז אַ שטענדיקער גאַסט אויף די בעלעמער פון בתי־מדרשים, קלויזן און שולן. זיין שטאַרקע, געפיל־פולע שטימע פאַרקלאַמירט מיט פאַטאָס און הגיון, מיט פייער און פקחות, מיט פרושים און דברי חכמינו ז"ל, נייע לאָזונגען און טעזן, וואָס רייסן אויף אין די פאַרפינסטערטע צאַריסטישע יידישע קיבוצים, ווי גייסטיקער די־נאַמיט, און רופן, מאָנען, מאָביליזירן דאָס רעליגיעזע יידנטום צו גרויסע אויפגאַבן פון תחית האומה און שיבת ציון. די ציוניסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט גע־האַט אירע גרויסע טריבונען און פאָלקס־רעדנער מיט טאַלאַנט און רעטאָרישן פייער. אָבער צו די חסידישע מאַסן האָט מען געדאַרפט מער האָבן, ווי בלויז טאַלאַנט און פייער. ס'איז נויטיק געווען, אַז מ'זאָל קענען זייער לשון און זייער פסיכאָלאָגיע. אַ ציוניסטישער רעדנער, וועלכער האָט געוואָלט אויסנעמען ביים אָרטאָדאָקסישן עולם האָט געדאַרפט זיין בקי אין דברי־תורה, האָט געמוזט תמיד האָבן ביי דער האַנט די נויטיקע פסוקים פון דברי חכמינו ז"ל, און גלייכצייטיק איז ער מחויב געווען צו קענען די פסיכאָלאָגיע פון יידישן פאָלקס־מענטש און דערצו פאַרמאָגן וויסן, טאַ־

לאַנט, שפּראַך־מבינות און אָראַטאָרישע שלאָגפאַרטיקייט. דער יידישער רעליגיעזער מענטש איז אַ מבין אויף מגידים און מטיפים, ער האָט אַ קריטישע באַציונג צו דרשות, און לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט אַריינגאַרן אין „חדר" אַריין, בפרט ווען דער „חדר" איז גאָר אַ נייער און ס'גייט וועגן אים דער שם, אַז ער שמעקט מיט אפּיקור־סות און כפירה, ר"ל. ס'איז גאָרנישט אַזוי לייכט צו דערציילן וויפיל שוועריקייטן און שטערונגען עס האָט געמוזט גובר זיין אַ ציוניסטישער מטיף, ביז ער האָט גע־קאָנט געווינען די הערצער און די נשמות פון זיינע פּרומע צוהערער.

און הרב יצחק ניסענבוים האָט געוואונען די הערצער און נשמות פון זיינע חסי־דישע, אָרטאָדאָקסישע צוהערער. מיט אַ נצחון־שטורעם האָט ער דעראָבערט די בע־לעמער פון בתי־מדרשים און שולן, און פון שטאָט צו שטאָט, פון שטעטל צו שטעטל, איז געגאַנגען אין די יידישע ישובים אין רוסלאַנד, זיין גרויסער שם אַלס אויסערגע־וויינלעכער מטיף און הערצער־באַצווינגער. מ'האָט זיך אומעטום דערציילט ממש לע־גענדעס וועגן דעם יונגן רב, געוועזענעם וואָלאָזשינער ישיבה־בחור, וואָס באַזיצט אַ גאונישן קאָפּ, אַ הייסע יידישע נשמה און אַ רעדנער־שפּראַך פון די אַמאָליקע נביאים. אומעטום האָט מען אויף אים, הרב יצחק ניסענבוים, געוואַרט מיט אומגע־דולד און נייגיריקייט, און מ'איז געלאָפן, יונג און אַלט, אָנהענגער און קעגנער, הערן און שלינגען זיינע דרשות. פאַר דער גרויסער היסטאָרישער אויפגאַבע פון ציוניזם: צו געווונען פאַר זיך די צושטימונג פון די יידיש־רעליגיעזע מאַסן, איז אויפגעשטאַנען אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, דער בעסטער און פּעיקסטער, וועלכן מ'האָט זיך נאָר געקענט ווינטשן.

אָבער הרב יצחק ניסענבוים איז געווען נישט בלויז אַ נאה דורש. ער האָט אויך געשריבן, אַ סך און גוט. ער גיט אַרויס כסדר אין דרוק ספרים, פול מיט תורה און הטפה אין גייסט פון חיבת־ציון. זיינע ספרים רופן און מאָנען, אַזוי ווי זיינע אומ־צייליקע רעדעס און דרשות, דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום צו נאַציאָנאַלער דערוואַ־כונג, צום איבעררייסן מיט דער שעדלעכער און געפערלעכער זעלבסט־אָפּנאַרעריי, וואָס האָט אין פאַלשן נאָמען פון תורה און מסורה, געפּריידיקט די געפערלעכע פּאַסיוויטעט פון שב ואל תעשה — עדיף!

יצחק ניסענבוימס אַרטיקלען אין „הצפירה" און אין אַנדערע צייטונגען, זענען קודם־כל געווענדעט צום אָרטאָדאָקסישן יידנטום, דעם רוב מנין ובנין. מיט אַ גרוי־סער ענערגיע און טאָג־טעגלעכער אַקטיוויטעט נעמט הרב ניסענבוים אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר טרעפן אים אויף אַלע ציוניסטישע קאָנפערענצן און קאָנגרעסן, ווו זיין קלוג וואָרט געפינט אויפמערקזאַמע צוהערער. ער איז באַהאַוונט אין אַלע ציוניסטישע פּראָבלעמען, און האָט אַ קלאָרע, דעצידירטע שטעלונג. דאָס זעען מיר סיי אין ענין אוגאַנדאַ, ווען ניסענבוים שטעלט זיך אויף דער זייט פון די ציוני־ציון, און סיי אויפן עלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1913, ווו עס פירט זיך אַ שאַרפער קאַמף צווישן די פּאָליטישע און די אַזוי־גערופענע פּראַקטישע ציוניסטן.

די „מזרחי"־באַוועגונג אין רוסלאַנד און אין פּוילן ציילט הרב יצחק ניסענבוים צו אירע בעסטע און איבערגעגעבנסטע אָנפירער. שוין אויף דער קאָנפערענץ פון ציוניסטישע רבנים און אָרטאָדאָקסישע טוער, וועלכע האָט אין יאָר 1902 אין ווילנע, אונטער דעם פּאָרזיץ פון הרב ריינעס, באַשלאָסן צו גרינדן אַ רעליגיעז־גייסטיקן צענ־

טער מיט דעם נאָמען „מזרחי", איז הרב ניסענבוים געווען איינער פון די הויפּט־רע־פערענטן. מיט יעדן יאָר איז געוואַקסן דער אויטאָריטעט און די גייסטיקע השפּעה פון הרב יצחק ניסנבוים, וועלכער איז געוואָרן דער טעאָרעטיקער פון ציוניסטיש־רע־ליגיעזן לאַגער. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געבערענגט, אין יאָר 1914, אַן איבער־ברוך אין הרב ניסענבוימס לעבן. ער איז אַריבער אויף סטאַביל קיין וואַרשע און האָט זיך ענג און בשלמות פאַרבונדן מיטן פּוילישן יידנטום, מיט זיין קאַמף און ציל, מיט זיין לעבן און זיין גורל.

דער סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַרויסגערופן גרויסע האָפענונגען און גלענצנדיקע אילוזיעס. די באַלפור־דעקלאַראַציע איז ענטוזיאַסטיש אויפגענומען געוואָרן דורך די יידישע פאָלקס־מאַסן. דאָס פּוילישע יידנטום און זיין רוב מנין ובנין, די אָרטאָדאָקסיש־חסידישע קרייזן, זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר גרויסע היס־טאָרישע אויפגאַבן. הרב ניסענבוים האָט געפונען אין וואַרשע און אין פּוילן, אַ ברייט פעלד פאַר זיין ציוניסטישער טעטיקייט. זיינע נאַציאָנאַלע דרשות, וואָס מאָ־ביליזירן און רופן דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום צו באַנייאונג און אויפלעבונג, שאַפן אים באַלד ממש אַ סענסאַנציאָנעלן דערפאָלג. ווי אַמאָל, אין וויטן צאַריסטישן רוס־לאַנד, איז איצט אין נייעם פּוילן, הרב ניסענבוים דער באַליבטער און באַוונדערטער רעדנער פון די יידישע, אָרטאָדאָקסישע פאָלקס־מאַסן. מיט וואָרט און שריפט אַגי־טירט און פּריידיקט הרב ניסענבוים דעם רעיון פון תחית האומה און שיבת ציון, צוזאַמען מיט יצחק גרינבוימען גיט ער אַרויס און רעדאַגירט די באַנייטע העברע־אישע צייטונג „הצפירה".

צו יענער צייט איז דער „מזרחי" געווען נאָך אַן אינטעגראַלער טייל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. די פּוילישע ציוניסטן האָבן זיך געהאַלטן צו־זאַמען אין איין לאַנד־אָרגאַניזאַציע, אָן אונטערשיד פון זייערע פּאָליטישע, סאָציאַלע און רעליגיעזע אַנשויאונגען. אחדות פון פּוילישן ציוניזם אין קאַמף און אַרבעט, איז געווען דער היסטאָרישער ווונטש פון הרב ניסענבוים, און דאָס איז אויך געווען די לאָזונג, וועלכע ער האָט פּראָפּאַגירט ביי יעדער געלעגנהייט.

ווען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אחדות איז זיך צעפאַלן, און דער פּוילישער ציוניזם האָט זיך צעטיילט אין אַ פּאָר ריכטונגען, איז הרב ניסענבוים געוואָרן, צו־זאַמען מיט העשל פאַרבשטיין און לעווין־עפּשטיין, דער אָנפירער פון דער זעלבסט־שטענדיקער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. אָבער בעת אַנדערע אָנפירער האָבן זיך בשלמות אָפּגעגעבן דער פּאָליטיק, איז ניסענבוים געבליבן כל ימיו דער גייס־טיקער אָנפירער און טעאָרעטיקער פון רעליגיעזן ציוניזם און זיין באַוועגונג. ער גיט אַרויס ווייטער זיינע חבורים, און איז טעטיק אַלס פּובליציסט און זשורנאַליסט. ווען ס'הויבט אָן צו דערשיינען די וואָכנשריפט אין העברעיש „המזרחי", ווערט הרב ני־סענבוים איר רעדאַקטאָר. אין זיינע העפטן ליגט די גייסטיקע אָנפירונג אינעם פאַרבי־טערטן קאַמף, וואָס צעפלאַקערט זיך צווישן „מזרחי" און דער אַנטי־ציוניסטישער „אגודת שלומי ישראל". אין דעם דאָזיקן ליידנשאַפטלעכן קאַמף וועגן דער נשמה פון אָרטאָדאָקסישן יידנטום אין פּוילן, אַנטוויקלט כסדר הרב ניסענבוים אַלע זיינע פעיקייטן און אַלע זיינע גייסטיקע און מאָראַלישע מעלות. ס'איז אַ געראַנגל צווישן דער ציוניסטישער שיטה פון נאַציאָנאַלער באַנייאונג און דערלייזונג און דער קאָנ־סערוואַטיווער, גייסטיק און נאַציאָנאַל־אָפּגעשטאַנענער ריכטונג, וואָס האָט איר יניקה

געצויגן ביי די דייטשע, אָרטאָדאָקסיש־פראַנקפורטישע דאָגמאַטיקער, פאַר וועלכע אחד־העם האָט געפונען דעם טרעפלעכן אויסדרוק „התאבנות היהדות" („די פאַר־שטיינערטקייט פון יידנטום").

הגם פאַרטון בשלמות אין די גייסטיקע און טעאָרעטישע קאַמפן פון זיין ציוניס־טיש־רעליגיעזן לאַגער, האָט דאָך הרב ניסענבוים געפונען צייט און מעגלעכקייט פאַר פּאָליטישער אַקטיוויטעט. אין יאָר 1921, נאָכן באַשטעטיקן דעם ארץ־ישראל־מאַנ־דאַט, האָט ער, צוזאַמען מיטן דעמאָלטדיקן וואַרשעווער ראש הקהל העשל פאַרב־שטיין און מיט אַנדערע ציוניסטישע מנהיגים, אָרגאַניזירט אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע פאַר דער ענגלישער אַמבאַסאַדע אין וואַרשע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט אַ דרייסיק טויזנט יידן. אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען ס'איז שוין געקומען די אויסניכ־טערונג און אַנטוישונג לגבי ענגלאַנד, האָט הרב ניסענבוים געזאָגט: „מיר האָבן דעמאָלט געגלויבט, אַז אַ נייע תקופה וועט זיך אָנהויבן אין אונזער געשיכטע, און אויך אין דער וועלט־געשיכטע. געווען זענען דעמאָלט די ראָמאַנטישע יאָרן פון נאָך דעם מבול, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מענטשן זענען אַזוי געווען פול מיט גלויבן און האָפענונג..."

אין יאָר 1922, ווען יצחק גרינבוים שאַפט דעם מינדערהייט־בלאָק, איז הרב ניסענבוים געווען דער יעניקער, וועלכער האָט צוגעפירט, אַדאַנק זיין איבערגעגעבנ־קייט און אומדערמידלעכער באַמיונג, צו אַ שלום צווישן די קעגנערישע יידישע פּאַר־טייען. ס'איז געווען זיין גרויסע סאַטיספאַקציע, ווען ניינציק פּראָצענט פון פּוילישן יידנטום האָבן זיך פאַראייניקט און אין וואַרשע זענען אויך אין געמיינזאַמער ליסטע געשטאַנען צוזאַמען די נעמען פון יצחק גרינבוים, העשל פאַרבשטיין און אליהו קירש־ברוין. מיט שטאָלץ האָט דעמאָלט הרב ניסענבוים גערעדט וועגן דעם פאַקט, אַז צווישן די ניי־געוויילטע יידישע 35 דעפּוטאַטן און 12 סענאַטאָרן זענען געווען 8 רבנים (ד"ר י. טהאָן, ד"ר מ. ברוידע, הרב שמואל בראַט, ד"ר שמעון פעדערבוש, הרב קאָוואַל־סקי, הרב רובינשטיין, הרב לעווין און הרב מ. שפּיראָ). פאַר זיך האָט ניסענבוים נישט געזוכט קיין שום פּאָליטישע קאַריערע. דער יידישער אחדות האָט ער געדינט טריי און ערלעך, אָן וועלכע ס'איז פּערזענלעכע אַמביציעס און כוונות. ער האָט, אַלס ציוניסט, נישט איבערשאַצט די באַדייטונג פון לאַנד־פּאָליטיק. ס'איז ביי אים געווען נישט מער ווי אַ צייטווייליקער מיטל צום גרויסן ציל פון שיבת ציון.

צוליב דעם האָט זיך הרב ניסענבוים אַ סך ערנסטער באַצויגן צו דעם ענין פון קהילות און זייער באַהערשונג דורך די ציוניסטן. די הערצליאַנישע לאָזונג וועגן כבוש הקהילות איז פאַר אים געווען אַ הייליק געבאָט. ער האָט געהאַלטן, אַז אין דער אויטאָנאָמער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די יידישע קהילות דאַרפן מיר זיך לערנען די קונסט פון אַן אייגענער רעגירונג אין דער צוקונפטיקער יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל. מיטן גאַנצן ברען האָט זיך הרב ניסענבוים באַטייליקט אין דער לײדנשאַפט־לעכער וואַל־אַקציע צו דער וואַרשעווער קהילה. ער איז געווען איינער פון די הויפּט־קאַנדידאַטן און הויפּט־רעדנער פון יידיש־נאַציאָנאַלן בלאָק, וועלכער האָט אַרומגע־נומען אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען. שפּעטער, אין דער קהילה איז הרב ניסענבוים גע־ווען איינער פון די וויכטיקסטע און צענטראַלסטע פיגורן. דער אויטאָר פון דעם דאָ־זיקן ביאָגראַפישן סקיץ, איז אַלס פּרנס פון דער וואַרשעווער קהילה, געזעסן איבער צען יאָר צוזאַמען מיט הרב ניסענבוים, אין דער העכסטער אינסטאַנץ פון וואַרשע־

ווער יידנטום, און האָט געהאַט די זכיה פון־דער־נאָענט צו אָבסערווירן סיי די פּער־זענלעכקייט און סיי די טעטיקייט פון הרב ניסענבוים. אינעם שטורמישן אינערלעכן קאַמף פון יידיש־נאַציאָנאַלן בלאָק, איז די פּאַטריאַכאַלישע געשטאַלט פון הרב ני־סענבוים געוואָרן דער אויטאָריטעט, פון אַלע הויכגעשעצטער, וואָס האָט פּאַרייניקט און צעמענטירט די אחדות פון די ציוניסטישע פּאַרטייען לגבי דער הערשנדער „אגו־דה"־מערהייט. די מיושב'דיקע און וואַרעמע ווערטער פון פּרנס ניסענבוים האָבן אַ סך מאָל געראַטעוועט די לאַגע, ווען ס'האָט זיך גערוכט, אַז קיין אויסוועג איז נישט מער פאַראַן. אין דעם פאַרביטערטן קאַמף צווישן דער „אגודה" און די ציוניסטן אין דער וואַרשעווער קהילה איז הרב ניסענבוים אָפּט געווען דער פּאַרמיטלער און שלום־מאַכער. ער איז אָבער קיינמאָל נישט געווען סתם אַ רודף־שלום'ניק. ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּרינציפּיעלע וויכטיקע פראַגן, האָט ער אַרויסגעוויזן פעסטקייט און אפילו קנאות. זיין דעוויז איז געווען: „שלום און אחדות צווישן יידן אָבער קיינמאָל נישט אויפן חשבון פון אונזערע נאַציאָנאַלע ציוניסטישע פּאָסטולאַטן!".

הרב יצחק ניסענבוים איז צו יענער צייט שוין געווען איבער די זעכציקער און זיין געזונטהייט האָט אָפּט געשוואַנקט. אָבער דער אַלטער „מזרחי"־פירער איז גע־בליבן ביי זיין אַרבעטס־אייפער און איבערגעגעבנקייט. יעדן שבת האָט ער געהאַלטן זיין טראַדיציאָנעלע דרשה אין דער „מזרחי"־שול אויף דזשעלנאַ 7. ווי תמיד האָט ער גערעדט מיט פּאַטאָס און פייער, און זיין רעדע איז אָנגעפּיקעוועט געווען מיט דברי־תורה און פּסוקים פון חכמינו ז"ל. ער איז שוין איצט געווען אַלט און גרוי, אָבער יונג איז געבליבן זיין יידיש הארץ, און פליסיק, האַרציק איז געווען זיין שפּראַך און אָראַטאָרישער טאַלאַנט ווי מיט יאָרצענטער צוריק. אויך שריפטשטעלעריש און זשורנאַליסטיש איז הרב ניסענבוים וייטער טעטיק. אין וואַרשעווער „מאָמענט" דרוקן זיך כסדר זיינע אַרטיקלען אויף ציוניסטישע און אַלגעמיין־יידישע טעמעס. אין יאָר 1929 דערשיינען יצחק ניסענבוימס זכרונות „עלי חלדי" (די בלעטער פון מיין לעבן). דאָס דאָזיקע בוך ווי אויך זיינע אַנדערע, צאָלרייכע פּובליקאַציעס ווערן פאַר־קויפט אין די פאַרשידנסטע לענדער, באַזונדערס אין אַמעריקע (דורך י. ריבקינד'ן) און זיי זענען דער אייגנטלעכער פּרנסה־קוואַל פון אַלטן מזרחיסטישן פירער און אי־דעאָלאָג. פון זיין ציוניסטישער טעטיקייט האָט ניסענבוים נישט געוואָלט געניסן קיין שוה פרוטה. פון זיינע יונגסטע יאָרן ביז צו די עלטסטע ימי־זקנה האָט ער אַלץ אוועקגעגעבן פאַרן ציוניזם און איז געבליבן אין עטישער הינזיכט אַ קנאי מיט דעם ריינסטן געוויסן און מיט די ריינסטע הענט.

אין יאָר 1935 פּאָרט אַוועק הרב בראַט, דער פּרעזידענט פון פּוילישן „מזרחי" קיין אַנטווערפּן. הרב ניסענבוים ווערט אויסגעוויילט אַלס נייער פירער פון דער „מזרחי"־באַוועגונג אין פּוילן. ס'הויבן זיך אָן שווערע צייטן פאַרן פּוילישן יידנטום. דאָס שכנות פון דער היטלערישער מערדער־מלוכה, וואַרפט אירע בלוטיקע שאָטנס, און אין לאַנד וואַקסן די אַנטיסעמיטישע שטימונגען און איבערפאַלן, הרב ניסענבוים פילט, ווי ס'דערנענטערט זיך די שווערע סכנה פאַרן יידישן קיום, ער באַמיט זיך מיט אַלע כוחות וועגן אַן אייניהייטלעכן פראָנט פון אַלע יידישע פּאַרטייען. דער אַלטער און קראַנקער „מזרחי"־פירער אַנטוויקלט אַן ענערגישע און אינטענסיווע טעטיקייט.

אין יאָר 1939, ערב דער מלחמה, איז דערשינען אין דרוק דאָס לעצטע בוך פון

הרב ניסענבוים, וואָס האָט, צווישן אַנדערן אויסגעדריקט די טיפע בענקשאַפט פון מחבר צום לאַנד פון זיינע חלומות, צו ארץ־ישראל.

ווען די היטלער־מלחמה איז אויסגעבראָכן אין הארבסט 1939, איז הרב ניסענבוים געלעגן שווער קראַנק. ער האָט זיך אָבער באַלד אויפגעהויבן, די שרעקלעכע עת צרה, וואָס איז געקומען אויף זיין פאָלק, האָט אים ווידער געשטעלט אויף די פיס. זיין הויז איז געוואָרן דער צענטער פון דער „מזרחי"־באַוועגונג, דער זיץ פון אַ ברייט־פאַרצווייגטער, געזעלשאַפטלעכער און פילאַנטראָפּישער טעטיקייט.

דער באַקאַנטער יידישער זשורנאַליסט הלל זיידמאַן, וועלכער האָט מיטגעמאַכט די גאַנצע מאַרטיראָלאָגיע פון וואַרשעווער געטאָ און איז על פי נס ניצול געוואָרן, האָט פּובליצירט גענויע פּרטים וועגן הרב ניסענבוימס לעצטע לעבנס־חדשים. דער אַלטער „מזרחי"־פירער האָט גערופן צו נאַציאָנאַלער אחדות און אויסדויער. „איך גלויב", האָט ער דערקלערט, „אַז ס'איז באַשערט, איך זאָל זיין צוזאַמען מיט מיין פאָלק אין אַזאַ עת צרה. צוזאַמען געהאָפט און געשטרעבט, זאָלן מיר צוזאַמען ליידן און אפשר וועלן מיר צוזאַמען זוכה זיין צו גאולה. די גאולה וועט זיכער קומען! אַלץ איינס צי מיר וועלן דאָס דערלעבן אָדער חלילה נישט. אָבער אונזערע ליידן וועלן נישט זיין אומזיסט. ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען יידן געווען פאַרנומען מיט מסחרים, אַנדערע מיט גראָשעדיקע פּלענער, טייל האָבן אויסגעביטן גאולה אויף קליינע גאולה'לעך. איצט, נאָך דעם, ווי עס געשעט מיט אונז אַזעלכעס, וואָס איז נאָך



הרב יצחק ניסענבוים

קיינמאָל נישט געווען, וועט זיכער קומען פאַר אונז די גרויסע ישועה. ווייל קאָן דען מעגלעך זיין, אַז דאָס אַלץ זאָל נישט האָבן קיין שום זין, אַז די אַלע שרעקלעכע ליידן זאָלן זיין אומזיסט ?״.

מ׳האָט געפּרוווט ראַטעווען דעם אַלטן „מזרחי״־פירער. אָבער ס׳איז נישט גע־לונגען. דעם 10־טן סעפּטעמבער 1942, איז הרב ניסענבוים מיט אַנדערע צענדליקער טויזנטער וואַרשעווער יידן, פאַרשלעפּט געוואָרן קיין טרעבלינקע און איז דאָרט, צו־זאַמען מיט זיין פאָלק געשטאָרבן על קידוש השם.

## ח) ד״ר לעאָן רייך

דער פּוילישער ציוניזם האָט פאַרמאָגט פיר מעטראָפּאָליעס : וואַרשע, וווּ ס׳האָט זיין ממשלה געפירט ביד רמה יצחק גרינבוים, ווילנע, די שטאָט פון ד״ר יעקב וויגאָד־סקי, קראָקע, די פעסטונג פון ד״ר יהושע טהאָן און לעמבערג, וווּ דער אַליין־הערשער איז געווען ד״ר לעאָן רייך.

אייגנטלעך, האָט לעאָן רייך רעפּרעזענטירט די זעלבע ציוניסטישע און לאַנד־פּאָליטישע שיטה, וואָס יהושע טהאָן. און דאָך איז געווען אַ געוואַלדיקער מהלך צווישן לעמבערג און קראָקע, און דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשפּיגלט די פאַרשידנקייט פון די צוויי פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן : טהאָן און רייך. ס׳האָט אַמאָל אַן אַלטער פילאָזאָפישער סקעפּטיקער געזאָגט : „ווען צוויי זאָגן דאָס זעלבע, איז עס אין תוך נישט דאָס זעלבע״. בנוגע דער ציוניסטישער שיטה און הלכה פון טהאָן און רייך קען מען אויך, פאַראַפראַזירנדיק, זאָגן : ווען צוויי זאָגן דאָס זעלבע, זיינען זיי דאָך נישט די זעלבע.

ווייל טהאָן און רייך זיינען געווען, אַזוי צו זאָגן, צוויי באַזונדערע, פאַרשידנ־אַרטיקע וועלטן. בעת טהאָן איז געווען כל ימיו אַ יידישער ייד, טיף און ענג פאַר־בונדן און פאַרוואָרצלט מיט יידישקייט, מיט איר תורה און טראַדיציע, מיט עמך־געפיל און פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, איז דאַקעגן לעאָן רייך אויפגעוואַקסן אין אַ פרעמדער, אַסימילירטער סביבה און זיין וועג צום צום ציוניזם איז געווען מער באַקענטניש ווי דערקענטניש. אויב איר ווילט, קען אונז ד״ר לעאָן רייך זיין די פּערזאָניפיקאַציע פון דער דאָזיקער יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז געווען ווי אַ תינוק שנשבה בין הגויים און האָט דורך אַן אינערלעכן קאַמף און מי, געפונען דעם וועג צוריק צום אייגענעם פאָלק און זיין יידישער וועלט.

מיר דאַרפן נישט אידעאַליזירן דעם דאָזיקן דור פון די יונגע, אַסימילירטע יידי־שע אינטעליגענטן און אינטעלעקטואַליסטן, וואָס האָבן מיט אַ ברען פון בעלי־תשובה געזוכט און געפונען זייער פּלאַץ אין דער יידישער, ציוניסטישער רענעסאַנס־באַווע־גונג. אָבער דרך ארץ און אַ געפיל פון נאַציאָנאַלער דאַנקבאַרקייט מוזן מיר האָבן לגבי די דאָזיקע טויזנטער און צענדליקער טויזנטער יינגע מענטשן, וואָס מיט זייער בילדונג און טאַלאַנט האָבן זיי ביי אַנדערע, פרעמדע, געקענט מאַכן אַ גרויסע קאַ־ריערע, און דאָך זיינען זיי געקומען צו אונז, צו די אָרעמע און פאַראַכטעטע, און האָבן זייער גורל, אָפּט בלויז אויף אַן אינסטינקטיוון און נאַאיוון אופן, פאַרבונדן

מיטן יידישן פֿאָלק. ס'איז נישט געווען קיין גרויסע קונץ צו זיין אַ ציוניסט פֿאַר אַ יידישן ייד, וואָס האָט  געזאָפּן פֿון יידישער דערציונג און טראַדיציע, און איז, באַין ברירה, געווען און פֿאַרבליבן אַ ייד אין זיין גאַנצן וועזן און געפֿיל. צו זיין אַ ציוניסט, קומענדיק פֿון דרויסן, פֿון אַ פֿרעמדער, גוייִשער וועלט, איז געווען אַ סך שווערער און אָפּט גאָר טראַגיש. מ'איז אַוועק פֿון דער נישט־יידישער וועלט און מ'האָט נישט געקענט אַריינדרינגען פֿולשטענדיק אין דער יידישער, און ווי אָפּט איז מען געבליבן קרח מכאן ומכאן, אָפּגעריסן און צעריסן אין דער נשמה. פֿון דאָרט, פֿון גוייִשן דרויסן האָט מען מיטגעבראַכט גרויסע השגות און אַ ברייטן פֿאַרנעם, ביי אונז איז אַלץ געווען אַזוי קליינלעך, באַשרענקט אין פּלאַץ און מעגלעכקייטן, אָפּט נעבעכדיק־שוואַך און אָפּגעשטאַנען. ווען וועט זיך געפֿונען די גאָט־געבענטשטע פֿעדער, וואָס וועט אונדז קענען געבן אַן אמת בילד פֿון דער דאָזיקער אידעלער און פֿיינער יוגנט, וואָס האָט מיט פֿופֿציק און פֿערציק יאָר צוריק, זייענדיק פֿאַרזונקען טיף אין פֿרעמדער אַסימילאַציע און קאַריערע־רייץ, זיך דאָך אַרויסגעריסן אין אַ טראַגישן געראַנגל, מיט זיך אַליין און מיט דער וועלט אַרום, און איז געקומען צו אונדז, מיט באַגייסטערונג און קרבנות־וויליקייט, ווי זעלטן ווו און ווען.

די דאָזיקע פֿיינע, אידעלע יידישע יוגנט פֿון אַסימילירטע און מאַטעריאַליזירטע הייזער, זייענדיק שוין ביי אונדז, האָט נישט איינמאָל איבערגעלעבט ביטערע אַנטוישונגען און שווערע ראַנגלענישן. זי איז נישט צוזאַמענגעבראָכן אונטער דער לאַסט פֿון דער טראַגישער יידישער ווירקלעכקייט, ווייל בראש פֿון איר האָבן זיך געשטעלט אַזעלכע אויסערגעוויינלעך־טאַלענטירטע און איבערגעגעבענע פֿירער ווי ד"ר לעאָן רייך, וואָס האָבן אַליין געשטאַמט פֿון זייערע רייען און האָבן מיטגעמאַכט אַלע זייערע וועגן און קאַמפֿן.

געווען איז לעאָן רייך אַ טרייער און גוטער תלמיד פֿון אַדאָלף שטאַנד'ן, דעם אומפֿאַרגעסלעכן פֿירער פֿון גאַליציאַנער ציוניזם. פֿון אים האָט ער באַקומען די תורה פֿון הערצליאַנישן ציוניזם, מיט איר ברייטן מלוכהשן פֿאַרנעם און נאַציאָנאַלן מאַקסימאַליזם. פֿון שטאַנדן האָט ער געירשנט זיין טיפֿע איבערגעגעבנקייט, די ענטוזיאַסטישע אָפּפֿערוויליקייט און עטישע ריינקייט לגבי דעם ציוניזם און דער ציוניסטישער באַוועגונג. דערצויגן איז לעאָן רייך געוואָרן אין אַ פּריציש־פּוילישער סביבה, צווישן פּאָלאָניזירטע יידישע גבירים און אינטעליגענטן, ווו מ'האָט ווייניק געהערט וועגן יידישקייט און איר טראַדיציע. ווען רייך איז שפּעטער, אַלס יונגער סטודענט געקומען צום ציוניזם, האָט אים אויסגעפֿעלט וועלכע ס'איז יידישע בילדונג און וועלכע ס'איז ערנסטע פֿאַרבונדנקייט מיט יהדות. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ גוטן ווילן, אַ וואַרעם געפֿיל פֿאַר זיין פֿאַרפֿאָלגט און אומבאַקאַנט פֿאָלק, אַ סך פֿעיקייטן, בילדונג און ווירקלעכע אייראָפּעישע פֿאָרנעמקייט, וואָס איז אים געבליבן איינגעוואָרצלט אויך שפּעטער אין די לאַנגע יאָרן פֿון אינערלעכן, יידיש־פּאָליטישן קאַמף, וועלכער איז נישט תמיד געווען איידל און פֿאָרנעם.

לעאָן רייך האָט זיין אוניווערסיטעט־סטודיום, וועלכן ער האָט אָנגעהויבן אין לעמבערג, קאָנטינואירט שפּעטער אין ווין און פּאַריז. די אַלטע עסטרייכישע קייזער־הויפּט־שטאָט, מיט איר דורות־לאַנגער, פֿיינער קולטור און ציוויליזאַציע, האָט געהאַט אַ טיפֿע ווירקונג  אויף דעם יונגן יידיש־אַריסטאָקראַטישן לעמבערגער סטודענט. די ווינער עלעגאַנץ, מיט איר פֿיינעם הויכציוויליזירטן געשמאַק און גענוס,

האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקע השפּעה אויף רייכ׳ן און זיין כאַראַקטער במשך פון זיין גאַנץ לעבן. דאָ אין ווין, האָט לעאָן רייך אויך באַקומען זיין ערשטע, טיפערע פּאָליטישע אויסבילדונג. די עסטרייכיש־אונגאַרישע מאָנאַרכיע, איז באַשטאַנען פון צענדליקער נאַציעס און האָט געהאַט צו טון, אין איר טאָג־טעגלעכן קיום, מיט הונ־דערטער לעבנס־פּראָבלעמען. ס׳איז נישט לייכט געווען צו הערשן און רעגירן מיט אַזאַ קאָמפּליצירטער מלוכה, בפרט אין אַ צייט פון אייראָפּעישן ליבעראַליזם, ווען תפיסות, צענזור און פּאָליציי האָבן נישט געהערט צו די פּאָפּולערע רעגירונגס־מעטאָדן.

אַן עסטרייכישער פּרעמיער, הגם אַליין אַ גראַף און אַ קאָנסערוואַטיסט, האָט דערקלערט: „מיט אַ בייטש קען רעגירן יעדער אידיאָט!". די ווינער פּאָליטישע שולע איז געווען אַן עלאַסטישע און מענטשן־קענערישע, געהאַט אַ פעסטן פּראָגראַם פאַר די אויגן און נעגאַנגען דעם וועג פון טאָג־טעגלעכער פאַרשטענדיקונג, פון קאָמפּראָ־מיס. מ׳האָט געקענט אַ סך פון איר לערנען און לעאָן רייך האָט טאַקע דאָ אַ סך גע־לערנט. אַ פּאָליטיק, וואָס שטיצט זיך נישט אויף דער בייטש, נאָר אויף איבערצייגן און פאַרהאַנדלען, שאַפט אַ גייסטיקן באָדן פאַר דער אָראַטאָרישער קונסט. דאָ אין ווין, האָט לעאָן רייך זיך צונויפגעטראָפן מיט פּראָמינענטע פּאַרלאַמענטס־רעדנער, מיט מעכטיקע פּאָלקס־טריבונען, מיט גייסטרייכע סאַלאָן־רעפערענטן. רייכ׳ס שפּע־טערדיקע גרויסע רעדנער־קונסט האָט אין ווין דורכגעמאַכט איר ערשטע שול, איר ערשטן פּרוּוו.

פון ווין איז דער יונגער רייך אַריבער קיין פּאַריז. די גלענצנדיקע עסטרייכישע הויפּט־שטאָט איז געוואָרן פאַר אים דער פּרוזדור צו דער הערלעכער פראַנצויזישער וועלט־מעטראָפּאָליע. ס׳פאַרכאַפּט אים איר ראַפינירטער רייץ, איר גאַלישער, בחנ׳טער הומאָר, איר גייסטרייכקייט און אַלטע קולטור־ציוויליזאַציע.

דער פראַנצויזישער קולט פאַר פרויען־שיינקייט און ליבע פאַרשכורט דעם יונגן, לעבנסלוסטיקן, שיינעם און עלעגאַנטן לעאָן רייך, וועלכער איז זיין גאַנץ לעבן נישט פרעמד געבליבן דער עולם־הזה׳דיקער פילאָזאָפיע אין איר אײדלסטער און פאַרנעמ־סטער געשטאַלט. רייך נעמט אָבער אויף אין פּאַריז, נישט נאָר דאָס שיינע און אָנגע־נעמע, ער באַשעפטיקט זיך אויך מיט ערנסטע און טיפע פּראָבלעמען. קודם־כל שטו־דירט ער די פּאָליטישע וויסנשאַפט און ענדיקט מיט אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם די פּאַריזער הויך־שול פאַר פּאָליטיק.

פּאַריז, די שטאָט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, די מעטראָפּאָליע פון דער אייראָפּעישער דעמאָקראַטיע, איז געווען אַ גלענצנדיקע אַרענע פון וווּנדער־באַרע אָראַטאָרן און מעכטיקע פּאָלקס־טריבונען. אין פּאַריז איז רייף געוואָרן די פּאָ־ליטישע אויסבילדונג פון ד״ר לעאָן רייך, און גלייכצייטיק מיט איר איז פאַרפול־קאָמט געוואָרן זיין רעדנערישע קונסט. רייך האָט געהערט שפּעטער צו די גרויסע אָראַטאָרן, וואָס האָבן זייער טאַלאַנט געשליפן און מאָדולירט לויט פאָרם, סטיל און מימיק.

אין ווין און אין פּאַריז האָט זיך ד״ר לעאָן רייך צונויפגעטראָפן מיט דער ציו־ניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט נאָך געגלאַנצט מיט די ראָמאַנטישע טראַדיציעס פון דער הערצל־תקופה. ווי ביי שטאַנד׳ן האָט אויך ביי זיין תלמיד און יורש ד״ר לעאָן רייך, טיף געלעבט און משפּיע געווען די דינאַמיק פון דער הערצל־פּערזענלעכ־



ד"ר לעאָן רייך

קיים. זיין ציוניזם, וואָס איז אינסטינקטיוו און ספּאָנטאַן אויפגעוועקט געוואָרן אין די ערשטע סטודענטן־יאָרן אין לעמבערג, האָט איצט אָנגענומען רייפע און ציל־באַוווּסטע פאָרמען.

פון פּאַריז איז ד״ר לעאָן רייך צוריקגעקומען קיין לעמבערג, אַלס דער צו־קונפטיקער ציוניסטישער פירער.

מיט דער צייט איז לעמבערג געוואָרן אַ נאַציאָנאַל־יידישע פעסטונג און אַ ציו־ניסטישע מעטראָפּאָליע. דאָס איז געווען דאָס ווערק פון ד״ר לעאָן רייך, מיט וועלכן דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום האָט געקאָנט, מיט רעכט, שטאָלצירן. די ציוניסטישע דעראָבערונג פון לעמבערגער יידנטום איז געווען, ווי די דעראָבערונג פון קראָקע דורך ד״ר יהושע טהאָן, אַ רעזולטאַט פון אַ שווערער, אָנגעשטרענגטער און אָפּפּערפולער אַרבעט במשך פון אַ פּאָר יאָרצענטער.

ווען דער יונגער דאָקטאָר (דאָפּלטער: פון יוריספּרודענץ און פּאָליטישער וויסנ־שאַפט) לעאָן רייך איז פון פּאַריז אָנגעקומען אין זיין היים־שטאָט לעמבערג, האָט ער זיך דאָ אָנגעשטויסן אויף אַ מעכטיקער, דוכט זיך אויף אייביק פונדירטער הער־שאַפט פון צוויי פאַרשידענע אַנטי־ציוניסטישע לאַגערן: פון איין זייט, האָט זיך אין לעמבערגער יידנטום ברייט און בעל־בתיש אַוועקגעזעצט הערשן די נגידיש־פריי־צישע אַסימילאַציע, וואָס האָט זיך גייסטיק געשטיצט אויף דעם פּוילישן פּאַטריאָ־טיזם און מאַטעריעל באַזירט אויף די עקאָנאָמישע און אַדמיניסטראַטיווע מאַכט־אָר־גאַנען פון דער עסטרייכיש־לעמבערגער שטאָט־האַלטעריי. פון דער אַנדערער זייט, אין דריטן לעמבערגער פאָלקס־באַצירק און אין אַלע יידישע אַרבעטער, בעלי־מלאָ־כות־און־עמך־קרייזן האָט געוועלטיקט מיט יונגנט־עלאַן און דעראָבערונגס־לוסט די שטאַרקע, רעוואָלוציאָנערע כוואַליע פון פּוילישן סאָציאַליזם, וועלכער האָט דאָ אין דער פּערזאָן פון דעם טאַלענטירטן יידיש־פּוילישן אַרבעטער־טריבון ד״ר הערמאַן דיאַמאַנד, געפונען איר אויסדערוויילטן פירער.

די יידישע אינטעליגענץ אין לעמבערג איז געווען הויך־געבילדעט. זי איז דער־צויגן געוואָרן אין פּוילישע שולן און האָט ווייניק און זעלטן געוווּסט פון יידנטום. בירגערלעכע גלייכבארעכטיקונג לויט דעם מוסטער פון מערב־אייראָפּעישער עמאַנ־ציפּאַציע און נאַציאָנאַל־פּוילישע צונויפגיסונג לויט דעם מוסטער פון דער יידיש־דייטשער אַסימילאַציע — דאָס זיינען געווען זייערע אידעאַלן.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט דר. אשכנזי און דער געשיקטער רבנישער זון דר. נתן לעווענשטיין זיינען געווען זייערע פּאָליטישע פירער. זייער גייסטיקער פירער איז געווען מערווין. דר. בערטאָלד מערווין, — אַ גלענצנדיקער זשורנאַליסט און פּאָ־לעמיסט, אַ פייערדיקער רעדנער און שאַרפזיניקער טעאָרעטיקער — איז דעמאָלט געוואָרן דער אידעאָלאָג פון דער יידיש־פּוילישער אינטעליגענץ, און אין זיין וואָכנ־בלאַט „יעדנאָשטש" (איינקייט) האָט ער אויף אַ סיסטעמאַטישן און ראַפינירטן אופן איינגעשפּריצט דעם סם פון אַנטי־יידישער פּאָלאָניזאַציע און אַנטי־ציוניס־טישער אַסימילאַציע. מיט ערנסט און הומאָר, מיט לאָגיק און גייסטרייכן וויץ האָט דער טאַלאַנטירטער און ענערגישער דר. מערווין, צוזאַמען מיט זיין מיטאַרבעטער־שטאַב, קריטיקירט, פּאָלעמיזירט און געפּרוווט צו ליקווידירן די יונגע, שוואַכע נאַציאָנאַל־יידישע באַוועגונג אין גאַליציע.

אַזוי האָט עס אויסגעזען ביי דער יונגער יידיש־לעמבערגער גענעראַציע. די טאַטעס, די עלטערע גענעראַציע פון יידישע סוחרים און פאַבריקאַנטן, זיינען פאַר־טון געווען אין זייערע געשעפטן און האָבן געהאָרכזאַם געטון דאָס אַלץ, וואָס מל־כות האָט געהייסן. און וואָס מלכות פאַרלאַנגט, וועגן דעם האָט שוין געפּסקנט די גביריש־גבאַיאשע קליקע מיט דעם באַרימטן לעמבערגער נגיד און למדן ר' שמעלקע האָרוויץ בראש. וועגן די נאַציאָנאַל־יידישע און ציוניסטישע לאָזונגען האָט מען אין די דאָזיקע קרייזן גערעדט מיט ביטול, אָפּטמאָל מיט אַ בייזקייט לגבי די „שק־צים", וואָס בונטעווען זיך קעגן מלכות. ציון איז געווען וויט, דער משיח נאָך ווייטער, אָבער די געשעפטן זיינען געווען גאָר נאָענט צום הארצן, און די מאַכט־אָרגאַנען פון דער לעמבערגער קייזערלעכער שטאַט־האַלטעריי האָבן אויסגעזען צו זיין אַזוי סאָליד, אַזוי שטאַרק, ווי אויף אייביק!

אַלץ וואָס איז געווען יונג, פּראָגרעסיוו און דעמאָקראַטיש אין לעמבערגער יידנטום איז אַנטלאָפן פון דעם געמויזעכץ, אין וועלכן ס'האָבן געקעניגט די נגידי־שע קאַהאַלניקעס און אַסימילירטע פּריצים. און געלאָפן איז מען צו די רויטע פּע־נער פון פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) ווו דער דערמאָנטער דר. דיאַ־מאַנד און אַנדערע צענדליקער יידישע יונגע אַדוואָקאַטן און אינטעלעקטואַליסטן זיינען געווען די פּריידיקער און וואָרטזאָגער פון דעמאָקראַטיע, סאָציאַליזם, מאַרק־סיזם, פּראָלעטאַריאַט, פרייהייט, ברידערלעכקייט וכו' וכו'. דאָ אין לאַגער פון רע־וואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט האָט מען פאַר דער ענטוזיאַסטישער און נאַאיווער יידישער יוגנט און אינטעליגענץ אויסגעצויבערט, מיט גרויס פּאַטאָס און אָראַטאָ־רישער קונסט, די נייע וועלט פון ברידערלעכקייט און פרייהייט, בעת די „ציוניסט־לעך מאַכן זיך לעכערלעך מיט זייערע רעאַקציאָנערע און אַבסורדאַלע פאַנטאַזיעס".

דאָס איז געווען די לעמבערגער רעאַליטעט, ווען דר. לעאָן רייך איז צוריק־געקומען און האָט זיך געשטעלט צוזאַמען מיט אַדאָלף שטאַנד'ן צו דער אַרבעט, וואָס האָט געהאַט איין גרויסן ציל: צו דעראָבערן דאָס לעמבערגער יידנטום, מאַכן

עס נאַציאָנאַל־יידיש און ציוניסטיש. דאָס האָט אויסגעזען דעמאָלט, מיט פיר יאָר־צענטער צוריק, צו זיין אַ האָפענונגסלאָזע זאַך, און גוטע פריינט האָבן טאַקע גע־עצהט דר. רייכן, ער זאָל זיך די זאַך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, ווייל ס׳איז דאָך אַב־סורדאַל און לעבערלעך, אפשר קאָן מען דאָס דערגרייכן ערגעצוו אין אַ שטעטל, אָבער נישט אין לעמבערג, ווו צוויי מעכטיקע אַנטי־ציוניסטישע לאַגערן האָבן איינ־געטיילט די ממשלה צווישן זיך.

און דאָך, איז עס דר. רייכן געלונגען, אַזוי ווי ס׳איז געלונגען דר. טהאָנען אין קראָקע. ווייל די קעגנער און פריינט האָבן פאַרגעסן, אַז הערצל׳ס תלמידים און יורשים זיינען געוווינט צו קעמפן קעגן אַ וועלט פון שונאים, ביי די ערגסטע באַדינגונגען און שווערסטע שטערונגען. דר. לעאָן רייך איז געווען די רעכטע האַנט פון אַדאָלף שטאַנד׳ן און האָט אָרגאַניזירט דעם יאָרן־לאַנגן און פאַרביטערטן קאַמף, וועלכער האָט זיך, סוף כל סוף, פאַרענדיקט מיטן פולשטענדיקסטן טריומף פון ציוניזם.

באַשרייבן דעם דאָזיקן קאַמף, וואָס האָט געדויערט אַ דריי יאָרצענטער, מיט אַלע זיינע העראָישע עטאַפּן, מיט אַלע זיינע שווערע, אפילו בלוטיקע שלאַכטן, דער־צו דאַרף מען האָבן אַ גאַנץ בוך, ווייל דרייסיק יאָר מוז מען מולטיפּליצירן מיט 365 טעג, און דער קאַמף האָט זיך דאָך געפירט טאָג־נאָך־טאָג, אָן אויפהער, אָן אָפּרו, מיט גרויסן ענטוזיאַזם, מיט קרבנות־גרייטקייט, מיט איבערגעגעבנקייט און





ר׳ שמעלקע האָראָוויץ

רעכטס : אין זיין יוגנט

לינקס : אין שפּעטן אַלטער מיט די אָרדנס פון קייזער פראַנץ יאָזעף

יוגנט־פייער, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן. גיי דערציייל דאָ בלויז וועגן איין פּרט פון די טויזנטער געשעענישן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין אונזער זכרון. אָט דערוואַכט פאַר אונזערע אויגן דער אומפאַרגעסלעכער מאַי 1907 אין גאַליציע, ווען צום ערשטן מאָל איז די פאָלקסמאַסע גערופן געוואָרן צו וויילן דעם באַמת־דעמאָקראַטישן עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. אַ שטורם פון באַגייסטערונג און האָפענונג האָט באַהערשט דאָס גאַליציאַנער יידנטום, און די ציוניסטישע פּאַרטיי מיט שטאַנד׳ן און לעאָן רייך בראָש, האָט גערופן די יידישע מאַסן אָראָפּצוּוואַרפן דעם פאַרהאַסטן און מיאוסן קנעכטישן יאָך פון דער פּריציש־אַסימילאַטאָרישער ממשלה. אין לעמבערגער דריטן באַצירק, וווּ ס׳האָט געוווינט דער יידישער פאָלקס־מענטש, האָט זיין קאַנדידאַטור אַרויסגעשטעלט דער פאָרזיצער פון דער ציוניס־טישער פּאַרטיי אין גאַליציע, אַדאָלף שטאַנד. זיינע וואַל־קעגנער זיינען געווען: דער דערמאָנטער פּריצישער תקיף ר׳ שמעלקע האָרוויץ און דער דערמאָנטער סאָציאַ־ליסטישער טריבון דר. הערמאַן דיאַמאַנד. די וואַל פון אַדאָלף שטאַנד׳ן אין לעמ־בערג איז געווען אַ פראַגע פון פּרעסטיזש און ערע פון גאַליציאַנער יידנטום. און דר. לעאָן רייך, דער אייגנטלעכער אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער ציוניסטי־שער וואַל־אַקציע האָט אַלץ געטון, כדי דעם דאָזיקן נצחון צו דערגרייכן. דער נצ־חון איז אָבער נישט דערגרייכט געוואָרן, שטאַנד׳ס קאַנדידאַטור איז געפאַלן צו־ליב די שווערע רעפּרעסיעס מצד די מאַכט־אָרגאַנען און צוליב די טעראָר־מעשים פון די פּ. פּ. ס.־שע באַיוווניקעס. (שטאַנד איז דאָך געווייילט געוואָרן אין דער פּראָ־ווינץ).

כמעט דריי יאָרצענדליקער שפּעטער האָט דר. לעאָן רייך דערלעבט זיין סאַטיס־פאַקציע, ווען אין וואַרשעווער סיים האָט דער אַלטער דר. הערמאַן דיאַמאַנד, וועל־כער איז געוואָרן איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטישע פירער און פּראָמינענטסטע פּוילישע מלוכה־מענער, דערקלערט קורץ פאַר זיין טויט אין אַ געשפּרעך מיט זיין לעמבערגער לאַנדסמאַן דר. לעאָן רייך: „ווי אָפט דערמאָן איך זיך אין אַדאָלף שטאַנד׳ן. איך שטיי אויפן ראַנד פון מיין קבר און מאַך אַ חשבון הנפש פון מיין לעבן. דער אַנטיסעמיטיזם און היטלעריזם האָבן מיך צעבראָכן. ער איז דאָך גע־רעכט געווען, מיט 30 יאָר צוריק, אונזער אַדאָלף שטאַנד. הלואי, וואָלט ער דעמאָלט געזיגט".

דאָס איז געווען אַ פּאָר יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז נישט די אַסימילאַטאָרישע און נישט די סאָציאַליסטישע אילוזיעס וועלן לייזן די יידן־פראַגע. לעאָן רייך, מאַכנדיק זיין חשבון־הנפש, האָט פאַר־שטאַנען ווי גערעכט ער איז געווען אין זיין דרייסיק־יעריקן קאַמף פאַר דער פּאָליטי־שער ליקווידאַציע פון די שמעלקע האָרוויץ׳ס און די הערמאַן דיאַמאַנד׳ס אויף דער יידישער גאַס. דער סיים־מאַנדאַט פון דריטן לעמבערגער באַצירק, וועלכער איז במשך יאָרן פאַרבליבן אין די זיכערע הענט פון דר. לעאָן רייך, איז געוואָרן אַ מין סימבאָל, אַן אויסדרוק פון דעם ציוניסטישן טריומף אין לעמבערגער יידנטום.

דר. לעאָן רייכ׳ס ציוניסטישע טעטיקייט האָט זיך אָבער נישט באַגרענעצט בלויז צו דער לעמבערגער מעטראָפּאָליע. רייך איז געווען אַ יידישער און ציוניס־טישער פּאָליטיקער אין וועלט־מאַסשטאַב. וועגן דעם זאָגט עדות זיין טעטיקייט אויף דער שלום־קאָנפערענץ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס באַווייזן זיינע



ד"ר הערמאַן דיאַמאַנד

רעדעס און אויפטריטן אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן און אַלוועלטלעכע יידישע צוזאַמענפאָרן. אומעטום האָט דער געבילדעטער, פיינער און טאַלאַנטירטער ד"ר לעאָן רייך אַרויסגערופן צו זיך דרך ארץ און אנערקענונג.

ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן, ווערט רייף די צייט, ווען מ'וועט דאַרפן דר. לעאָן רייכ'ן און זיין תקופה ווידמען אַ ספּעציעלע ברייטע מאָנאָגראַפיע, וואָס זאָל פאַראייביקן אין זכרון פון דורות דעם דאָזיקן מנהיג פון פּוילישן ציוניזם און זיין תקופה, וועלכע איז אָפּגעשטאָרבן פאַר אונזערע אויגן. טויזנטער פון לעאָן רייכ'ס נאָענטע חברים און מיטקעמפער זיינען אומגעקומען בעת היטלערס בלוטיקער שחי־טה. טויזנטער זיינען געשטאָרבן און שטאַרבן טאָג־טעגלעך זייער נאַטירלעכן טויט. ס'פאַרשווינדט אַ הערלעכע, שטאָלצע תקופה פון פּוילישן יידנטום, און פאַר אונ־זער יוגנט פאַרבלייבן נאָר דערציילונגען, וואָס קלינגען ווי לעגענדעס און וואַרטן אויף זייער תיקון. מיר, די לעצטע פון לעאָן רייכס דור, האָבן די ציוניסטישע פליכט איבערצולאָזן פאַר שפּעטערדיקע יידישע דורות אַ היסטאָרישן דענקמאָל פון יענע אומפאַרגעסלעכע צייטן אינם גלאַנץ פון פּוילישן יידנטום, וואָס וועלן נישט מער צוריקקומען און דאַרפן פאַראייביקט ווערן. און אַ דענקמאָל, דאַרף זיין, ווי עס פּאַסט פאַרן עם הספר, אַ געהעריק, מיט וויסן, ליבע און טאַלאַנט געשריבן, ספר.

דאָ, אין אונזערע רשימות מוז הערשן דער סוד הצמצום. די יאָרצענטער פון לעאָן רייכס איבערגעגעבנער, טרייער און קרבנות־פולער טעטיקייט קאָנען דאָ, בלויז אין לאַקאָנישע ווערטער און שפּאָרזאַמע שילדערונגען סקיצירט ווערן.

ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דר. לעאָן רייך דער אָרגאַניזאַטאָר פון ציוניסטישן קאַמף אין גאַליציע. שטאַנד איז דער פּרעזידענט און פירער, זיין שעף פון שטאַב איז דער יונגער, ענערגישער און ענטוזיאַסטישער לעאָן רייך. אויף גרויסע פאָלקס־מיטינגען אין בתי־מדרשים און טעאַטער־זאַלן, אין קליינע שטעטלעך, אין לעמבערג און אין די פּראָווינץ־שטעט קלינגט מוטיק מיט פּאַטאָס און טאַלאַנט די גרויסע אָראַטאָרישע קונסט פון רייכן, וואָס רייסט מיט און באַגייסטערט צום קאַמף. און מיינט נישט, אַז דאָס זיינען געווען בלויז פאָלקס־מיטינגען און פּאַטעטישע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. די פּאָר צענדליק יידישע הרוגים, וואָס זיינען געפאַלן אין דער נאַפט־שטאָט דראָהאָביטש, בעת דעם וואַל־קאַמף אין יאָר 1911, אין אַ העראָאישן קאַמף קעגן דער געוואַלט־קאַנדידאַטור פון דערמאָנטן פּויליש־יידישן אַסימילאַטאָר ד"ר נתן לעווענשטיין, זיינען געווען עדות ווי פאַרבי־טערט און קרבנות־פול איז געווען די שלאַכט, וועלכע ס'האָט געפירט די ציוניסטישע פּאַרטיי אין גאַליציע קעגן דעם פאַרהאַסטן פּריציש־קנעכטישן רעזשים.

די שווערע לאַסט פון דעם דאָזיקן אומגלייכן קאַמף איז געפאַלן אויף די פּלייצעס פון ד"ר לעאָן רייך. ער, דער גבירישער זון, וואָס האָט געהאַט אַלע מעלות און מעגלעכקייטן צו אַ לוסטיקן גענוסלעבן, ווי טויזנטער אַנדערע גבירישע קינדער, איז געוואָרן אַ דינער, אַ טרייער און בלב ונפש איבערגעגעבענער משרת פון אָרימען און פאַרפאָלגטן פאָלק. אויף דעם מזבח פון זיין ציוניסטישן אידעאַל האָט ער אַוועקגעגעבן בשלמות זיין יוגנט און זיין פאַרמעגן, זיין האַרץ און זיין כוח, זיין טאַלאַנט און זיין נשמה, זיינע טעג און זיינע נעכט. תמיד פאַרטון אויף פאַרזאַמלונגען און יזיצונגען, איילנדיק איבעראַל מיט זיין באַגייסטערט וואָרט און מיט זיין שטאַרקער, טאַלאַנטירטער שריפט. ווייל דר. רייך איז געווען נישט בלויז אַ פּראָמינענטער רעדנער, ער איז אויך געווען אַ שרייבער און פון ערשט־קלאַסיקער קוואַליטעט. וועגן דעם האָבן עדות געזאָגט זיינע אַרטיקלען און עסייען, מייסטנס געדרוקט אין דער ציוניסטיש־פּוילישער וואָכנשריפט אין לעמבערג „ווסכוד" (מזרח), וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן אין קאַמף מיט דער אַסימילאַטאָריש־מערווינישער „יעדנאָשטש" און האָט לסוף טריומפירט צוזאַמען מיטן ציוניסטישן נצחון אין לאַנד. רייכס פּובליציסטישע שריפטן, גייסטרייכע עסייען און בעלעטריסטישע סקיצן האָבן זיך געדרוקט אין פּוילישער, פראַנצויזישער. דייטשער שפּראַך, אין פאַרשידענע ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע ציטונגען און זשורנאַלן. מיר מוזן אויך ביי דר. רייכן איבערחזרן דאָס, וואָס קומט אַזוי אָפט צו זאָגן וועגן ציוניסטישע פירער: „ער וואָלט געוואָרן זיכער אַ באַוווסטער שרייבער, ווען נישט זיין ציוניסטישע טעטיקייט". נאָר גיי ווער אַ ראָמאַן־שרייבער, אַ מחבר פון ליטעראַריש־פילאָזאָפישע עסייען, ווען דו ביזט אַ שטאַב־שעף פון אַ קעמפנדיקער אַרמיי און ביזט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן דערפאָלג און נאָך מער פאַר יעדער מפּלה.

צו דער גרויסער פאַרשידנקייט פון לעאָן רייכס טאַלאַנטן דאַרף מען צורעכענען זיין אָרגאַניזירונג־פעאיקייט. רייך זאַמלט אַרום זיך אַ שטאַב פון איבערגעגעבענע, אויסגעפּרוווטע און אויסגעצייכנטע מיטאַרבעטער, וואָס יעדער פון זיי טוט זיין אַרבעט און פליכט לויט באַשטימונג און צוועק. פון רייכס אויסגעצייכנטע מיטאַרבעטער דאַרף מען דאָ דערמאָנען דר. מ י כ א ל  ר י נ ג ע ל, דעם שפּעטערדיקן סענאַטאָר און לעמבערגער ראש־הקהל און דר. י ש ר א ל  ו ו א ל ד מ אַ ן, איי־

נעם פון די פּעאיקסטע און בעסטע ציוניסטישע טוער אין גאַליציע. אין דער תקופה פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז רייך געוואָרן און איז אויסגעוואַקסן די ציוניסטישע פּערזענלעכקייט פון ד״ר לעאָן רייכן. באַלד קומט זיין גלאַנץ־צייט, וואָס האָט אים אומשטערבלעך פאַרשריבן אין די אַנאַלן פון דער ציוניסטישער געשיכטע אין פּוילן.

דער סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה וועקט גרויסע האָפענונגען און פּרעכטיקע אילוזיעס אין גאַנץ אייראָפּע. די יידן — די אייביקע פאַנטאַסטן און בעלי־אמונה, זיינען נאַטירלעך די גרעסטע אָפּטימיסטן. געפאַלן איז דער צאַריזם, די דעמאָקראַטיע טריומפירט אומעטום, די באַלפור־דעקלאַראַציע און דער באַשלוס פון סאַן־רעמאָ גאַראַנטירן די יידישע מלוכהשקייט אין ארץ ישראל! אַ געוואַלטיקער שטראָם פון ענטוזיאַזם און אמונה באַהערשט די יידישע מאַסן בכל מקום שהם. אין דער דאָזיקער צייט ווערט ד״ר לעאָן רייך איינער פון די פּראָמינענטסטע ציוניסטישע פירער און פאָלקס־טריבונען אין וועלט־מאַסשטאַב. ער פאָרט קיין פּאַריז, ווו ס׳האָט זיך פאַרזאַמלט די שלום־קאָנפערענץ, אויף וועלכער מ׳דאַרף באַשטימען דעם גורל פון אַ סך פעלקער, אויך פון יידישן פאָלק. דאָ אין פּאַריז, אין זיין פּאַריז, ווו ד״ר רייך איז אַ גלענצנדיקער קענער פון שפּראַך און אומגעבונג, איז ער איינער פון די באַרופענע יידישע פּאָליטיקער, וואָס דאַרפן דורכן פּערזענלעכן קאָנטאַקט און פּאָליטישער פּקחות, דערגרייכן דעם מאַקסימום פאַר יידישע רעכט. ס׳גייט וועגן דעם, אַז אין די צוקונפטיקע שלום־אָפּמאַכן מיט די מלוכות פון אַ גרויסן יידישן ישוב, זאָלן אַריינגענומען ווערן אַנטשפּרעכנדיקע קלויזולן, וואָס דאַרפן מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע, זיכערן בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פאַר די יידישע מיעוטים. גרויסער גאָט, ווי ווייט פון אונז זיינען די דאָזיקע צייטן, אין וועלכע דערפאַרענע און קלוגע יידישע פּאָליטיקער האָבן געגלויבט, אַז מ׳קאָן מיט פּאַפּירענע פּאַראַגראַפן פאַרזיכערן דעם יידישן עתיד אין אייראָפּע! אָבער ווי געזאָגט, איז עס געווען די צייט פון גרויסע האָפענונגען און נאָך גרעסערע אילוזיעס, און דער געוואַלטיקער שטראָם פון אַלמענטשלעכן און אַל־יידישן אָפּטימיזם האָט אַלע באַהערשט און פאַרשכורט.

ס׳איז דערגרייכט געוואָרן, די יידישע זאַך האָט געזיגט, אין די שלום־אָפּמאַכן האָט מען אָפיציעל אַריינגעשריבן און מיט גרויסע מלוכה־חתימות פאַרזיגלט די מינאָריטעט־רעכט פון יידישן פאָלק אין פּוילן, רומעניע, ליטע און אַז. וו. היינט פוילן ערגעץ אין אַרכיוון די דאָזיקע דאָקומענטן, וואָס זיינען זיינערצייט אויפגענומען געוואָרן דורך די יידישע מאַסן מיט אַ פרייד־יובל און נצחון־רוף. און איין גאָט ווייסט, וויפיל כוחות און טאַלאַנט, וויפיל דיפּלאָמאַטישע געשיקלעכקייט און פּאָליטישע פּקחות, האָט אַריינגעלייגט ד״ר לעאָן רייך, איינער פון די אַקטיווסטע און פעאיקסטע יידישע רעפּרעזענטאַנטן אויף דער שלום־קאָנפערענץ, בכדי צו דערגרייכן און צו פאַרזיכערן דעם דאָזיקן יידישן נצחון. ס׳איז נישט זיין שולד און עס איז נישט אונזער שולד, וואָס די דאָזיקע ריזיקע און איבערגעגעבענע אַרבעט איז לאיבוד געגאַנגען. ס׳איז די שולד פון דער זינדיקער, בלוטיקער מענטשהייט, וואָס האָט צעשטערט אונזערע האָפענונגען און פאַרניכטעט אונזערע חלומות.

קוים פאַרטיק געוואָרן מיט דער גרויסער, היסטאָרישער אויפגאַבע אין פּאַ־

ריז, איילט זיך ד״ר לעאָן רייך אַוועקצופאָרן צוריק קיין פּוילן, ווו די ניי־באַשאַ־פענע רעפּובליק שטעלט אויך די יידישע פאָלקס־מאַסן פאַר שווערע לעבנס־פּראָבלעמען. נאָך רויבערן די פאַרברעכנטע הייזער אין יידישן לעמבערגער קוואַרטאַל, ווו די שכורע פּוילישע סאָלדאַטעסקע האָט ביים סוף פון דעם פּויליש־אוקראַינישן קאַמף, דורכגעפירט אַ רעגלרעכטן פּאָגראָם מיט הונדערטער יידישע הרוגים און פאַרוואונדעטע, מיט ווילדע שרפות און גזילות. אָבער אויף די חורבות בויט זיך שוין אַ ניי לעבן און מ׳מוז פאַר דעם דאָזיקן לעבן אויסקעמפן מענטשלעכע רעכט, בירגערלעכע גלייכבארעכטיקונג, נאַציאָנאַלע יידישע פּאָזיציעס. ווייט איז געבליבן די הערלעכע פראַנצויזישע הויפּטשטאָט מיט איר גרויסן רייץ און פיינעם קולטור־גלאַנץ. ד״ר רייכן האָט אויפגענומען די רויע, נאָכמלחמהדיקע און ברוטאַלע ווירק־לעכקייט פון נייעם פּוילן, וואָס איז געוואָרן דאָס פּאָטערלאַנד פון איבער דריי מיל־יאָנען יידן. פון דער ווערסאַלער שלום־קאָנפערענץ איז געבליבן ד״ר לעאָן רייכ׳ס אויסגעצייכנט בוך, געשריבן מיט טאַלאַנט און ויסן, וועגן די וועלט־פּאָליטיקער, וואָס האָבן אויף דער שלום־קאָנפערענץ געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל. די דאָזיקע פּאָרטרעטן, ווי אויך די סקיצן וועגן די פירנדיקע יידישע פּאָליטיקער, זיינען געבליבן אַן עדות פון לעאָן רייכ׳ס גלענצנדיקן שרייבער־טאַלאַנט, פון זיין פיינעם ליטעראַ־רישן סטיל און באַנעם.

אין וואַרשעווער סיים, ווו ד״ר רייך רעפּרעזענטירט דאָס לעמבערגער יידנטום, קומט צום שטאַרקן אויסדרוק זיין גרויסע פּאָליטישע דערפאַרנקייט, זיין בילדונג און טאַקט, זיינע אָראַטאָרישע און דיאַלעקטישע פעאיקייטן. אָן צווייפל, געהערט ד״ר לעאָן רייך צו די בעסטע רעדנער און פּאָליטיקער פון פּוילישן פּאַרלאַמענט. דאָס אנערקענען סיי די יידישע און סיי נישט־יידישע דעפּוטאַטן. ס׳וואַקסט כסדר ד״ר רייכס פּאָליטישע השפּעה און זיין פּערזענלעכער פּרעסטיזש. אויף יידישע און נישט־יידישע קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן, אויף ציוניסטישע לאַנד־באַראַטונ־גען און וועלט־קאָנגרעסן הערט מען זיך צו מיט דרך ארץ און אינטערעס צו ד״ר רייכס אויספירונגען. זיין שטים איז תמיד וואָגיק אין ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמי־טעט, אין אַלע צאָלרייכע אַלגעמיינע יידישע און ציוניסטישע אינסטאַנצן, סיי אין פּוילן און סיי אין אויסלאַנד, ווו ד״ר רייך איז אַן אַקטיווער און הויך־געשעצטער מיטאַרבעטער.

אומדערמידלעך איז ד״ר לעאָן רייך אין זיין קאַמף פאַר דער גלייכבארעכ־טיקונג פון פּוילישן יידנטום. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט ער נישט איינמאָל באַ־וויזן זיין שטאָלץ און מוט. בעת דעם באַוווסטן שטייגער־פּראָצעס האָט ד״ר רייך אָרגאַניזירט די יידישע פאַרטיידיקונג. אָבער אין די פראַגן פון יידישער לאַנד־פּאָלי־טיק אין פּוילן האָט ד״ר רייך צוזאַמען מיט ד״ר טהאָן רעפּרעזענטירט אַ באַזונ־דערע שיטה, קעגן וועלכער יצחק גריןבוים האָט אָנגעהויבן זיין ליידנשאַפטלעכן קאַמף, וואָס האָט יאָרן־לאַנג געשפּאָלטן די יידישע געזעלשאַפט אין פּוילן. גרינ־בוים, וועלכער איז אויסגעוואַקסן אין די טראַדיציעס פון דער רוסישער ווירקלעכ־קייט אין איר רעוואָלוציאָנערן קאַמף, האָט געהאַט אַן אַנדערע פּאָליטישע שול און שיטה, ווי לעאָן רייך מיט זיין ווינער און פּאַריזער פּאָליטישער שולונג, וואָס האָט אין פּאַרלאַמענטאַרישער טראַדיציע אויסגעבילדעט איר שיטה פון כסדרדיקער פאַר־שטענדיקונג און קאָמפּראָמיס־אויסגלייך. מיט מוט אָדער פּחדנות האָט דאָס

גאָרנישט געהאַט צו טון. מיט זיין לאַנג־יאָריקער טעטיקייט און אומדערמידלעכן קאַמף האָט ד״ר לעאָן רייך, נישט איינמאָל, באַוויזן זיין נאַציאָנאַלן מוט און שטאָלץ.

דער פאַרביטערטער קאַמף אַרום דער פאַרשטענדיקונג מיט דער פּוילישער רעגירונג, און די אַזוי גערופענע „אוגאָדאַ", האָבן אויסערגעוויינלעך פאַרשאַרפט און אָפט אפילו פאַרסמט די באַציונגען אינם ציוניסטישן לאַגער אין פּוילן. די גרינבוימיסטישע ריכטונג האָט אָנגעהויבן אַן אָפענסיווע אין גאַליציע גופא, פּרוונדיק מאָביליזירן די לעמבערגער יידן קעגן רייכן און זיין שיטה. ד״ר רייך האָט געענטפערט מיט אַ קעגנאָפענסיווע אין וואַרשע, רופנדיק דאָרט מיטינגען און אַרויסגעבנדיק אייגענע צייטונגען. די עקסטרעמיסטן פון ביידע לאַגערן האָבן נאָך מער פאַרשאַרפט די לאַגע. אין וואַרשע איז ד״ר רייך, בעת אַ ציוניסטישן מיטינג, באַווארפן געוואָרן מיט פוילע אייער דורך געוויסע יונגעלייט פון „על המשמר". דער פיינער, קולטורעלער מנהיג פון גאַליציאַנער ציוניזם האָט גייסטיק שטאַרק געליטן צוליב דער דאָזיקער פאַרווילדונג אין דער אייגענער ציוניסטישער מחנה. מיט פאַרביטערונג פלעגט ד״ר רייך טענהן, אַז דער גאַנצער דאָזיקער אינערלעכער קאַמף איז נישט מער, ווי אַ מין פּסיכאָז. ד״ר רייך, וועלכער האָט יאָרצענטער געפּריידיקט די ציוניסטישע לאַנד־פּאָליטיק, האָט לסוף געהאַלטן, אַז די לאַגע פון יידן אין פּוילן איז אייגנטלעך אַ פאַרלוירענע, מ׳מוז נאָר שאַפן פּאַליאַטיוון, בכדי פּראָווי־זאָריש צו ראַטעווען די סיטואַציע און בכדי צו געווינען צייט און מעגלעכקייטן פאַר דער אמתער לייזונג און רעטונג. דיווירקלעכע רעטונג האָט ד״ר רייך, אַלס ציוניסט, געזען אין ארץ ישראל, דורך אַ ברייטער מאַסן־עליה. פון דעם האָט זיך גענומען זיין ציוניסטישע וועלט־אַנשויאונג, וואָס האָט זיך באַזירט אויפן שטאַנדפּונקט פון „עת לבנות" און האָט שאַרף באַקעמפט די ריכטונג פון „על המשמר". אין די פראַגן פון מיטלשטאַנד און עליה, אין דעם פּראָבלעם פון אַגענץ־פאַרברייטערונג און סאָציאַלן אויפבוי פון ארץ־ישראל, איז זיך ד״ר רייך געגאַנגען אַן אַנדערן וועג ווי גרינבוים און זיינע חברים, און נישט איינמאָל איז דער קאַמף צווישן די ביידע פּערזענלעכקייטן און שיטות אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון לאָקאַלן, פּוילישן באָדן אויף זיצונגען פון ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס און אַקציאָנס־קאָמיטעט.

די אָדער יענע שיטה, יאָ ריכטיק געווען, נישט ריכטיק געווען, איינס מוז יעדער מודה זיין: רייכס ציוניסטישער אני מאמין איז געווען לגמרי ערלעך, זיין ציוניסטישער פּאַטריאָטיזם האָט געהאַט טיפע ענטוזיאַסטישע וואָרצלען, זיינע הענט און זיינע כוונות זיינען געווען אַזוי איידל און ריין, ווי זיין וואַרעמע יידישע נשמה. ד״ר לעאָן רייך האָט געהערט צו די הערצליאַנישע עפּיגאָנען, וועלכע האָבן זייער גאַנץ לעבן הייליק געהאַלטן די צוואה פון גרויסן מנהיג, אַז לעבן זאָל מען פאַרן ציוניזם און נישט פון ציוניזם. זיין גאַנץ גרויס פאַרמעגן האָט לעאָן רייך מקריב געווען פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג, פּערזענלעך האָט ער פון ציוניסטישע געלטער נישט גענאָסן קיין שוה פּרוטה, ער, דער באַרימטער פּאָליטיקער און אַדוואָקאַט איז געשטאָרבן אַן אָרימאַן. אַלס אַדוואָקאַט האָט ער נישט געוואָלט איבערנעמען פּראָצעסן פון רייכע ציוניסטישע קליענטן, מ׳זאָל אים נישט חושד זיין, אַז ער נוצט אויס זיין שטעלונג אַלס מנהיג, בכדי צו מאַכן אַדוואָקאַטישע געשעפטן.

ביז צו זיין לעצטן לעבנס־אָטעם, איז ד״ר לעאָן רייך געבליבן אײדל לגבי פריינט און קעגנער. ער איז געווען אַ מוסטער פון אַ געבילדעטן און טאַלאַנטירטן יידישן שטאַטסמאַן, אַ פּאָליטיקער מיט אַ ברייטן פּאַרנעם, מיט גרויסע השגות, מיט אַן איירָאָפּעאישן האָריזאָנט און מיט אַ הייסן יידישן האַרץ. ריין, טיף ערלעך, ענטו־זיאַסטיש און טריי האָט ער געלעבט זיין גאַנץ לעבן, האָט ער געדינט זיין גאַנץ לעבן דעם יידישן פּאָלק, דער יידישער זאַך, דעם ציוניזם, דער ציוניסטישער באַ־וועגונג. זיין נאָמען וועלן מיר תמיד דערמאָנען צוזאַמען מיט די גרעסטע און בעס־טע זין פון יידישן פּאָלק, ווי דעם שטאָלץ פון פּוילישן יידנטום.

## ט) ד״ר יצחק שיפּער

דער געשיכטלעכער איבערברוך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ווידער פאַראייניקט דאָס גאַליציאַנער יידנטום מיט די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן און אין די קרעסן (גרענעץ־שטחים צווישן פּוילן און רוסלאַנד). דאָס איז געשען נאָך אַ הפסקה פון אַ פּאָר דורות, במשך וועלכע ספּעציפישע פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און אַנדערע געזעל־שאַפטלעכע באַדינגונגען האָבן אָפּגעטיילט און באַזונדערס געפאָרמט דאָס לעבן פון די פּוילישע יידן אויף ביידע זייטן פון רוסיש־עסטרייכישן מלוכה־קאָרדאָן. ווען די ווידער־פאַראייניקונג איז פאָרגעקומען, אין האַרבסט 1918, זיינען בולט געוואָרן די סתירות און קעגנזאַצן צווישן די באַזונדערע טיילן פון פּוילישן יידנטום. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער פּראָצעס פון אוניפיקאַציע, וועלכער איז אָפט געווען שווער און אָנגעווייטיקט. אין דעם דאָזיקן פּראָצעס פון פאַראייניקן און פאַרבינדן דאָס פּוילישע יידנטום, האָט ד״ר יצחק שיפּער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל. ער, דער גאַליציאַנער, האָט באַלד נאָך דער מלחמה, אָנגעהויבן ווירקן אין וואַרשע, און איז געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, דער אַמבאַסאַדאָר פון גאַליציאַנער יידנטום לגבי די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן און די קרעסן. קיינער איז דערצו נישט מער ראוי געווען, ווי גראָד ד״ר יצחק שיפּער. ער האָט אין זיין פּערזאָן פאַראייניקט די מעלות פון אַ גאַליציאַנער יידיש־פּוי־לישן אינטעליגענט, מיט דער אמתער טראַדיציאָנעלער האַרציקייט פון אַ יידישן פּאָלקס־מענטש. ברייט און רייך איז געווען דער סכום פון טאַלאַנטן און פעיקייטן, וועלכע דער יינגער, 30־יעריקער אַדוואָקאַט, יוריס־דאָקטאָר שיפּער (וועלכער האָט זיך נאָך דעמאָלט מער גערופן איגנאַצי, ווי יצחק) האָט מיט זיך מיטגעבראַכט קיין וואַרשע פון דער עסטרייכישער מעטראָפּאָליע ווין.

געשטאַמט האָט שיפּער פון טאַרנע (טאַרנוו), אַ שטאָט מיט טראַדיציעס און קולטורעלע אַספּיראַציעס. ס׳דערמאָנען זיך די סטראָפן, מיט וועלכע דער פּאָעט ראובן אייזלאַנד הויבט אָן זיין ליבגעזאַנג צו טאַרנע:

„דו ביזט נישט איבעריק גרויס און נישט איבעריק שיין,
דו, ליבסטע מיינע פון די שטעט״.

אַלץ איז געווען אין דער דאָזיקער יוגנט־שטאָט פון שיפּערן: שיינע און פיינע

טראַדיציעס פון אַ פאַרמעגלעכן יידישן סוחרטום, פון משכילים־למדנים, פון פּראָסטע און ערלעכע בעלי־מלאכות, אַרומגערינגלט מיט אַ סביבה פון חיבת־ציון־אָנהענגער, און פון דער אַנדערער זייט, מיט פריידיקער פון פּוילישן סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס. מיט זיין וווּנדערבאַרן הומאָר און וויץ, פלעגט שיפּער, אַ סך יאָרצענטער שפּעטער, אין וואַרשע, דערציילן וועגן זייז יוגנט־צייט אין טאַרנע. וויפיל ליבע, פּשטות און האַרציקע יידישקייט האָט געשטעקט אין זיינע שילדערונגען, בעת ער האָט, למשל, דערמאָנט די בעלי־מלאכה׳שע חברה (צו וועלכער אויך זיין פּאָטער, דער בעקער, האָט געהערט), וואָס איז טריי געבליבן איר נאָמען „פּי תמיד״, האַלטנדיק מער פון „פּי״ (אויף פּויליש: טרינק!) ווי פון פּרק־לערנען. אין שיפּערס משפחה זיינען געווען סיי בעלי־מלאכות און סיי למדנים. פון דעם האָט זיך זיכער, אין אַ גרויסער מאָס, גענומען ד״ר שיפּערס כאַראַקטער־אייגנשאַפט, וועלכע האָט פאַרבונדן אין זיך סיי די לערנערישע התמדה און סיי די פּשטות פון אַ פאָלקס־מענטש.

אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע פון פאַרשידנאַרטיק־צונויפגעזעצטע און קעגנגעזעצטע שטרעמונגען און השפּעות, איז אויפגעוואַקסן דער יונגער שיפּער. דאָ אין טאַרנע האָט געלעבט און געווירקט איינער פון די עלטסטע און חשובסטע חובבי־ציון ד״ר אברהם זאַלץ, וועלכער האָט צווישן דער יוגנט אייפריק געפּרעדיקט שיבת־ציון און געזאַמלט מיטלען פאַר זיין לעבנס־ווערק די קאָלאָניע „מחנים״ אין ארץ־ישראל. ביים סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז טאַרנע געוואָרן אַן אינדוסטריע־שטאָט און זיין פּוילישער און יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אָרגאַניזירט אונטער די רויטע פענער פון פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי). און אַזוי האָט זיך פאַרבונדן אין שיפּערס מוח און נשמה, דער אידעאַל פון ציוניזם צוזאַמען מיטן סאָציאַליסטישן שטרעבן צו יושר און גערעכטיקייט. דער דאָזיקער דואַליזם האָט אים באַהערשט און באַגלייט זיין גאַנץ לעבן, במשך פון זיין פּערציק־יעריקער טעטיקייט.

נאָך זיין קורצן לערנען אין חדר און ישיבה, איז שיפּער אַריבער אין מלוכה־גימנאַזיע. קיין גרויסע למדנות אין יידישע זאַכן, האָט שיפּער נישט אַרויסגעטראָגן פון זיינע יוגנט־יאָרן. ער האָט שפּעטער, אַלס אַלטער און דערפאַרענער יידישער היסטאָריקער, געמוזט נעמען לעקציעס אין העברעיש, כדי צו דערלערנען דאָס, וואָס די יוגנט האָט אים אָפּגעזאָגט.

סאָציאַלע מאָטיוון פאַרכאַפּן דעם יונגן גימנאַזיסט, ער באַקענט זיך צום פּוילישן סאָציאַליזם און שרייבט פּלאַמיקע לידער וועגן נויט, דלות און פאָלקס־צאָרן. אינעם סאָציאַליסטישן גימנאַזיע־קרייזל שפּילט שיפּער, אַדאַנק זיין רעדנערישן און שרייבערישן טאַלאַנט, די פירערישע ראָל. אַרום אים זאַמלען זיך יונגע מענטשן, פון וועלכע מאַנכע זיינען שפּעטער געוואָרן באַקאַנטע פערזענלעכקייטן. דריי זיינען זיי, די נאָענטסטע חברים, געווען: איגנאַצי שיפּער, אונזער שפּעטערדיקער ד״ר יצחק שיפּער, סטעפאַן יאַראַטש, דער שפּעטערדיקער גרעסטער פּוילישער שוישפּילער און קאַראָל סאָבעלזאָן, דער שפּעטערדיקער באַרימטער, באָלשעוויסטישער זשורנאַליסט און מלוכה־מאַן קאַרל ראַדעק.

אָבער באַלד ציט עס דעם יונגן שיפּער צוריק צו דער יידישער סביבה. צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר יידישע גימנאַזיסטן, נעמט ער אויף זיך די אויפגאַבע צו פּראָפּאַגירן בילדונג און וועלטלעכע קולטור צווישן די ישיבה־בחורים. שיפּער און זיינע חברים זיינען אָפטע איינגייער אין דער קלויז פון די סאַנדזער חסידים. מ׳זאָגט און מ׳טרייבט

אַרויס די „טריפה'נע השכלה־מיסיאָנערן", אָבער שיפּער גיט נישט נאָך. אויך ער ווייזט אַרויס קנאות און פאַרביסנקייט אין זיין קאַמף פאַר אויפקלערונג. ס'שאַפט זיך אַרום אים אַ קרייז פון ישיבה־בחורים און גימנאַזיסטן, און ס'ווירקט זיך אויס אַ קעגנזייטיקע השפּעה: די גימנאַזיסטן פאַרפּוילישן די בחורים און די בחורים פאַר־יידישן די גימנאַזיסטן. פון דעם דאָזיקן קרייז קריסטאַליזירט זיך אויס אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּע, אין וועלכער שיפּער איז דער טעאָרעטיקער און רעדאַקטאָר פון זייער זשורנאַל.

נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע, פאַרשרייבט זיך שיפּער אויפן יורידישן פאַקול־טעט פון לעמבערגער אוניווערזיטעט. אייגנטלעך האָט ער געוואָלט שטודירן מעדיצין, נאָר דערצו האָבן אויסגעפעלט געלט־מיטלען. אָבער נישט יוריספּרודענץ און נישט מעדיצין האָבן אים געצויגן און באַגייסטערט. פאַרליבט איז ער געווען בלב ונפש אין דער געשיכטע און אין איר וויסנשאַפט.

די דאָזיקע ליבשאַפט מיט דער היסטאָריע האָבן זיך ביי שיפּערן אָנגעהויבן גאַנץ פרי, נאָך אין זיינע גימנאַזיע־יאָרן, און ער איז איר געבליבן טריי ביז צום לעצטן לעבנס־רגע, אין דעם טראַגישן פינאַל פון וואַרשעווער געטאָ. שוין אין יאָר 1905 שרייבט שיפּער אַן אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין טאַרנע, אויפן גרונט פון זיינע פאָרשונגען אין טאַרנער שטאָט־אַרכיוו. זייענדיק אַלט סך־הכל 22 יאָר גיט ער אַרויס אין דרוק זיין בוך: „דער אָנהויב פון קאַפּיטאַליזם ביי די מערב־אייראָפּעישע יידן". דאָס גיט אים גלייך אַ נאָמען אַלס היסטאָריקער. אַ פּאָר יאָר שפּעטער (1911) גיט ער אַרויס, ווידער אין פּויליש, זיין בוך: „דיווירטשאַפטס־געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בעת דעם מיטלאַלטער". אין דער הקדמה צו דעם דאָזיקן בוך, שרייבט דער מחבר: „מיר פאַרמאָגן אַן אָנציענד בילד פון די גייסטיקע מדריכים פון יידנטום אין דער גלות־תקופה. ס'פעלט אונז אָבער אַ געשיכטע פון יענע הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס האָבן נישט די עשירות פון גייסט נאָר פון די אַרבעטס־הענט. מיר קענען דעם שבת'דיקן ייד מיט זיין נשמה יתירה, ס'איז שוין אָבער צייט זיך צו באַקענען מיט דער געשיכטע פון די וואָכעדיקע טעג און וואָכעדיקע געדאַנקען. ס'איז שוין צייט צו גיין זוכן ליכט אין דער געשיכטע פון יידישער אַרבעט".

דאָס איז דער אני־מאמין פון דעם נייעם טיפּ פון אַ יידישן היסטאָריקער, וועלכן שיפּער שטעלט מיט זיך פאָר צום ערשטן מאָל אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. ביז איצט איז די וויסנשאַפט פון דער יידישער געשיכטע געלעגן אין די הענט פון קאָנסערוואַטיווע, מייסטנס רבנישע פאָרשער, וועלכע זיינען, סיי גייסטיק און סיי סאָציאַל, פרעמד און ווייט געבליבן צו די יידישע פאָלקס־מאַסן, צו אירע נויטן און לעבנס־פּראָבלעמען. שיפּער האָט געזוכט און געפונען דעם פּאַטאָס פון פּשוטן ייד, פון זיין גרויען, טאָג־טעגלעכן קאָלעקטיוון קיום. די דעמאָקראַטיזאַציע פון יידישן לעבן און די אָפּשוואַכונג פון דער הערשער־ראָל פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע און אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן דורך טעאָדאָר הערצלען און זיינע נאָכפאָלגער, האָט איר בולטן אויסדרוק געפונען אויך אין שיפּערס דעמאָקראַטישער אָפּענסיווע לגבי דער יידישער וויסנשאַפט און קולטור.

צו יענער צייט, אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דער יונגער יוריס־דאָקטאָר און אַדוואָקאַט שיפּער איינע פון די פירנדיקע געשטאַלטן אין דער

עסטרייכישער פּועלי־ציון־באַוועגונג. דער ציוניסטישער סאָציאַליזם איז געוואָרן זיין האַרמאָנישע וועלט־אַנשויאונג, וועלכע האָט אין זיך פאַרייניקט די עלעמענטן פון יידישן נאַציאָנאַלן און אַלמענטשלעכן פּראָגרעס. קאַמף פאַר אַרבעטער־רעכט און סאָציאַלן יושר, יידישער קולטור־רענעסאַנס און קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך און איר השפּעה, האָבן אין שיפּערס וועלט־אַנשויאונג פאַרנומען דעם וויכטיקסטן, צענט־ראַלן אָרט. מיט ליידנשאַפט און אימפּעט פּראָפּאַגירט ער זיין נאַציאָנאַלן און סאָ־ציאַלן אני־מאמין. ס'וואַקסן אין אים די טאַלאַנטן פון אַ גייסטרייכן סטיליסט, פון אַ שאַפנדיקן וויסנשאַפטלער און פאָרשער, פון אַ גלענצנדיקן אָראַטאָר. זיינע אַרטיקלען און עסייען זיינען פול מיט געדאַנקען און ערודיציע, זיינע אויפטריטן באַגייסטערן און באַהערשן די פאָלקס־מאַסן. שטאַרק ווירקט אויף אים דעמאָלט די השפּעה פון בער באָראָכאָוו, דעם טעאָרעטיקער און פירער פון פּועלי־ציון.

די וועלט־מלחמה אין יאָר 1914 האָט איבערגעריסן שיפּערס אינטענסיווע טעַ־טיקייט. אָבער באַלד ווי נאָך די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט שיפּער באַנייט, מיט אַ פרישער, גרעסערער ענערגיע, זיין ווירקונג אַלס שריפטשטעלער, וויסנשאַפט־לער און פּאָליטיקער. ער איז פּועלי־ציוניסטישער דעפּוטאַט צום ערשטן פּוילישן סיים, באַטייליקט זיך אינטענסיוו אין קאָנפערענצן און קאָנגרעסן, טרעט אַרויס אויף פאָלקס־פאַרזאַמלונגען און פּאַרטיי־מיטינגען, קאָנטינואירט זיין וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעטיקייט. שוין אַ סך פריער, נאָך פאַר דער מלחמה, האָט ד"ר שיפּער געהאַט אַ נאָענטע שייכות צו דער יידישער ליטעראַטור און אירע פּראָבלעמען. ער האָט אַ סך וועגן דעם געשריבן און געדרוקט. ער איז אָפט געווען אַן איבערזעצער, און אַ גוטער איבערזעצער, פון דער פּוילישער ליטעראַטור אויף יידיש און פון דער יידישער ליטעראַטור אויף פּויליש. אַ באַזונדערן, כמעט ליידנשאַפטלעכן אינטערעס



ד"ר יצחק שיפּער

האָט שיפּער אַרויסגעוויזן פּאַרן יידישן טעאַטער און זיין געשיכטע. יאָרן־לאַנג האָט ער געזאַמלט אַלטע טעקסטן פון פּורים־שפּיל. שיפּער איז בטבע געווען אַ גוטער מענטש און ער האָט אָפט אַלס דעפּוטאַט דורכגעפירט אינטערווענצן לטובת פּריוואַטע פּערזאָנען. דאָס איינציקע „שוחד־געלט", מיט וועלכן די פּראָווינצער יידן, וואָס זיינען געקומען צו אים לשם אינטערווענץ, האָבן אים געקאָנט קויפן, איז געווען אַן אַלטער אָדער אָריגינעלער טעקסט פון אַ פּורים־שפּיל.

די שפּאַלטונג פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אויף דער ווינער קאָנפערענץ אין יאָר 1920, האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף שיפּערס ווייטערדיקער פּאָליטישער אָריענטאַציע. ער איז אַריבער צו די רעכטע, אָבער נישט לאַנג איז ער דאָרט פאַרבליבן. שיפּער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די פּועלי־ציון־באַוועגונג האָט זיך פאַרלוירן אין איר פּאַרטייאישער דאָגמאַטישקייט און ענגער פאַרשלאָסנקייט, און איז נישט געוואָרן דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפט ווערן, דאָס הייסט, די אַלגעמיינע יידישע פאָלקס־באַוועגונג פאַר נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן פּראָגרעס. שיפּער געפונט דעם וועג צום אַלגעמיינעם ציוניזם, וועלכן ער בלייבט טריי ביז צום סוף. ער ווערט איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון יצחק גרינבוימען, מיט וועלכן, אגב, ס'פאַרבינדן אים נאָענטע משפּחה־באַציונגען.

סיי אין סיים און סיי אין דער ציוניסטישער טעטיקייט, איז ד"ר שיפּער דער וואָרט־זאָגער פון דער נאַציאָנאַלער, אַלגעמיין־יידישער פּאָליטיק. ביי יעדער געלעגנהייט אונטערשטרייכט ער, אַז ער איז געבליבן, ווי פריער, דער קעמפער פאַר דעמאָקראַטישן יושר און סאָציאַלן פּראָגרעס, נאָר ער האָט דערפאַר געפונען ברייטע ראַמען פון אַ פאָלקס־באַוועגונג, אָנשטאָט די פריערדיקע ד' אמות פון פּאַרטייאישער דאָגמאַטישקייט. שיפּער געהערט צו די פירנדיקע געשטאַלטן פון פּוילישן „על המשמר" אָבער אויך דאָ איז ער ווייט פון ענג־פּאַרטייאישער איינזייטיקייט און געפינט אָפט אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט די חברים פון „עת לבנות". זיין האַרציקע, באמת פאָלקסטימלעכע באַציונג צו מענטשן און זאַכן, גיט אים די מעגלעכקייט צו זיין אַ פאַרמיטלער און שלום־זוכער אין אַן אַטמאָספער, וואָס איז אָפט באַהערשט געווען מיט פיינטלעכער, פאַרביסענער קעגנערשאַפט. אַלס גאַליציאַנער האָט ער גוט געקאָנט די מענטאַליטעט פון זיינע לאַנדסלייט, און ער איז ביכולת געווען איבערצונעמען די פאַרמיטלער־ראָל צווישן זיי און די קאָנגרעס־פּוילישע ציוניסטן. שפּעטער, ווען עס איז געוואַקסן אין דער ציוניסטישער גאַס די השפּעה פון דער נייער, רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, איז שיפּער אויך איר קעגנאיבער געבליבן גערעכט און אָביעקטיוו. נישט־אַקצעפּטירנדיק דאָס, וואָס איז אין דער דאָזיקער באַוועגונג געווען אים פרעמד און קעגנעריש, האָט ער פּאָזיטיוו אונטערגעשטראָכן איר ענטוזיאַסטישן, יידנשטאַטלערישן אימפּעט. שיפּערס ציוניזם איז געוואָרן ערנסטער און טיפער, ער האָט זיך באַפרייט פון דעם קליינלעכן פּאַרטייאישן באַלאַסט און האָט באַקומען פאָרמען פון מלוכהשער ווייטזעיקייט און ברייטהאַרציקייט. אָבער ביי זיין גאַנצער טאָלעראַנטער אָביעקטיוויטעט, האָט שיפּער געקאָנט שאַרף קעמפן און ריקזיכטסלאָז באַקעמפן זיינע קעגנער. דאָס האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן אין דער וואַרשעווער קהילה, ווו שיפּער האָט די הערשנדיקע אגודה־מערהייט באַקעמפט לייזנשאַפטלעך און אומברחמנותדיק.

הגם פאַרטון ראשו ורובו אין דער פּאָליטיק, האָט דאָך ד"ר שיפּער געפונען

ציַיט און מעגלעכקייט ממשיך צו זיַין די וויסנשאַפטלעך־היסטאָרישע אַרבעט. אין יאָר 1926 דערשיינט זיַין בוך: „די קולטור־געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בעתן מיטלאַלטער", וואָס האָט זיך בעיקר באַשעפטיקט מיט דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך. מיר האָבן שוין דערמאָנט שיפּערס נאָענטע באַציונג צו דעם יידישן טעאַטער און זיַינע פּראָבלעמען. יאָרנלאַנג האָט שיפּער געזאַמלט מאַטעריאַלן פאַר זיַין גרויס ווערק וועגן דעם יידישן טעאַטער־וועזן. לסוף האָט ער זיַין חלום רעאַליזירט. זיַין „געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע" (אין דריי בענדער) האָט דער יידישער ליטעראַטור געגעבן אַ ווערק, וואָס איז ביז־היַינט געבליבן קלאַסיש אין זיַין פאָרם און אינהאַלט. שיפּערס צוגאַנג צום יידישן טעאַטער איז אַ געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלער, ער שטריַיכט אונטער כסדר די געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע באַדיַיטונג פון יידישן טעאַטער. אויך אין דער הינזיכט פון טעאַטראַלער קונסט, איז שיפּער נישט געבליבן בלויז ביַי דער טעאָרעטישער זיַיט, ער איז, ווי תמיד, גליַיכציַיטיק אויך דער פּראַקטיקער. אין וואַרשע שטייט ער יאָרנלאַנג נאָענט צו די יידישע אַקטיאָרן און זיַיער לעבן, ער איז פּאָרזיצער פון יידישן אַקטיאָרן־פאַריין און מיטרעדאַקטאָר פון זיַיער זשורנאַל „יידיש טעאַטער".

גליַיכציַיטיק איז שיפּער וויַיטער טעטיק אויפן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור, איר קריטיק און פאָרשונג. ער פאַרעפנטלעכט רעגלמעסיק אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען אין די זשורנאַלן „ליטעראַרישע בלעטער", „יידישע פילאָלאָגיע", „יידישע וועלט" און „ייוואָ־בלעטער". מיט אומדערמידלעכן פליַיס זאַמלט שיפּער מאַטעריאַלן פון פאָלקלאָר, פאָלקס־שפּילן א. א. וו. זיַין „געשיכטע פון דער עלטסטער יידישער ליטעראַטור", וואָס איז דערשינען אין פראַגמענטן, איז געווען אַ רעזולטאַט פון לאַנגע און מי־פולע צוגרייטונגען. שיפּערס זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין „היַינט" און אין אַנדערע פאַרשידענע ציַיטונגען, איז געווען אַ באַזונדערע אויסגעצייכנטע לייסטונג. צו באַוווּנדערן איז געווען די געוואַלדיקע, כמעט איבערמענטשלעכע אַרבעטס־פעיקייט פון דעם תמיד־פאַריאָגטן און פיזיש־אָפּגעשוואַכטן ד"ר שיפּער. צו אַלץ האָט ער אָבער ציַיט געפונען און אומעטום האָט ער געגעבן זיַין בעסטע לייסטונג. מיט התלהבות און טעמפּעראַמענט, מיט גלויבן און אויסדויער, מיט זאַכקענטניש און פּינקטלעכקייט האָט ער אַלץ דערפילט. מ'קאָן זיך גאָר נישט פאָרשטעלן דאָס פאַר־מלחמהדיקע וואַרשע אָן שיפּערן, דעם סיים־דעפּוטאַט, דעם פאָרזיצער פון יידישן ליטעראַטן־פאַריין, דעם פּאָפּולערן פאָלקס־רעדנער, דעם אינטערעסאַנטן פּובליציסט און קריטיקער, דעם באַרימטן היסטאָריקער און פאָרשער, דעם אָנפירער פון דער ציוניסטישער אָפּאָזיציע אין דער קהילה, דעם פריַינט פון יידישער קונסט, דעם אויסגעצייכנטן דאָצענט פון יודאַיסטישן אינסטיטוט א. א. וו. א. א. וו. ס'איז נישט מעגלעך צו פאַרציַיכענען אַלע געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס, ווו שיפּער איז געווען טעטיק און באמת טעטיק. באַזונדערס פיל ציַיט און ענערגיע האָט ער אָפּגעגעבן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, באַטייליקט זיך אין אַלע קאָנגרעסן און קאָנפערענצן, באַזוכט די פּראָווינץ מיט פּאָליטישע רעפעראַטן און רעדעס אויף „קרן היסוד"־און־„קרן קימת"־אַקאַדעמיעס. מיט איין וואָרט, דער באַשיידענער און שוואַכינקער ד"ר שיפּער האָט אַנטוויקלט אַ פיבערהאַפטע און אינטענסיווע טעטיקייט, וועלכע וואָלט גענוג געווען פאַר אַ גאַנצן מנין יידישע עסקנים

און געלערנטע. פון וואַנען ער האָט דערצו געהאַט אַזויפיל צייט און כוחות, ווייסט גאָט אַליין. ס'איז געווען ממש אַ רעטעניש און ס'איז אַ וווּנדער געבליבן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז שיפּער־בעל־פה. תמיד פול מיט טעמפּעראַמענט און הומאָר, מיט ענערגיע און לעבנס־פרייד, האָט ער איבעראַל מיט זיין קומען, מיטגע־בראַכט אַ כוואַליע פון וויטאַליטעט, פון גלויבן, התלהבות און חשק. ער, דער גרויסער געלערטער, וואָס האָט אַ סך געוווּסט און פאַרשטאַנען, האָט געקאָנט שעהן־לאַנג מיט זיין אָריגינעלער פאָלקס־שפּראַך, מיט וווּנדערבאַרער פשטות און עכטן, יידישן וויץ, דערציילן און דערציילן, און מיטרייסן די צוהערער.

אָבער שיפּערס הויפּטלייסטונג איז געווען און געבליבן דאָס געביט פון יידישער געשיכטע. דאָ איז זיין אַרבעט אַ ריזיקע, זי האָט אים געשטעלט אין דער ערשטער ריי פון די יידישע היסטאָריקער, און האָט זיין נאָמען געמאַכט אומשטערבלעך. ווי מיט אַ כישוף־שפּרוך דערשיינען זיינע גרויסע ווערק, איינס נאָכן אַנדערן, ערנסטע און וויכטיקע, קלאַסישע מיט זייער אינהאַלט און פאָרם. אין יאָר 1930 דערשיינט אין דרוק זיין גרויס ווערק אין 4 בענדער וועגן דער אַלגעמיין־יידישערווירטשאַפטס־געשיכטע, וואָס האָט דערגענצט די געשיכטע פון גרעץ'ן, דובנאָוו'ן און אַנדערע יידי־שע היסטאָריקער. אין יאָר 1932 דערשיינט זיין בוך: „די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן אין דער צייט פון נאָוועמבער־אויפשטאַנד", וואָס איז געווען אַ געשיכטלעכער דאָקו־מענט פון יידיש־פּוילישן פּאַטריאָטיזם. 1934 דערשיינט זיין גרויס ווערק: „די גע־שיכטע פון יידישן האַנדל אין פּוילן", אַ ריזיק בוך פון 800 זייטן. געשריבן מיט גרויס התמדה און בקיאות, וואָס שילדערט דעם דורות־לאַנגן און שווערן קאַמף פון יידישן סוחר. אין יאָר 1937 דערשיינען שיפּערס צוויי מאָנאָגראַפיעס, איינע וועגן דער עלטסטער קהילה אין פּוילן פּלאָצק, די צווייטע וועגן דער קהילה אין דראָ־האָביטש.

במשך זיין צוואַנציק־יאָריקן לעבן אין וואַרשע, האָט זיך ביי שיפּערן געשאַפן אַ טיפע צוגעבונדנקייט צו וואַרשע, איר קעגנוואַרט און באַזונדערס איר עבר, וואָס איז אַזוי פאַרבן־רייך און אינטערעסאַנט. וועגן דעם דאָזיקן „אַלט יידיש־וואַרשע" האָט אַ סך געשריבן נחום סאָקאָלאָוו אין זיינע פעליעטאָנען און עסייען („אישים") מיט אַ קינסטלערישן פאַרנעם. די גענעאַלאָגיע פון די וואַרשעווער יידישע פּאַטרי־צער־משפחות האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט שיפּערן, וועלכער האָט געחלומט צו געבן אַ היסטאָריש־קינסטלעריש בילד וועגן דעם אַמאָליקן וואַרשע. שיפּער האָט צו דעם צוועק געזאַמלט מאַטעריאַלן און געפאָרשט אין די אַרכיוון. אין יולי 1939, ערב דער היטלערישער וועלט־מלחמה, איז דערשינען די לעצטע אַרבעט פון שיפּערן וועגן די צוויי בית־עולמס אין וואַרשע און פּראַגע. דאָס דאָזיקע בוך איז געוואָרן באמת סימבאָליש, ווייל דאָס גאַנצע יידישע וואַרשע איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן און שרעקלעכן בית־עולם.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער היטלערישער מלחמה, איז שיפּער שווער קראַנק געווען. טראָצדעם האָט ער אינטענסיוו ממשיך געווען זיין פּיליזייטיקע טעטיקייט. אַלס דירעקטאָר פון יידישן אַקאַדעמישן הויז אויף פּראַגע האָט שיפּער אַרויסגעוויזן זיין טיפע איבערגעבנקייט צו דער יוגנט. אַלס לייטער פון „קרן היסוד" אין פּוילן האָט ער דאָס פּוילישע יידנטום ענגער פאַרבונדן מיט דעם אויפבוי־פּראָצעס אין ארץ־ישראל.

ווען די היטלערישע מאָרד־מחנות זיינען אין האַרבסט 1939 אַריין קיין וואַר־
שע, איז שיפּערס געזונט־צושטאַנד געווען ממש אַ קאַטאַסטראָפאַלער. זיין האַרץ
האָט נישט געוואָלט מער אַרבעטן און די דאָקטוירים האָבן נישט געמאַכט קיין שום
האָפענונגען. אָבער שיפּערס האַרץ איז געווען אַ יידיש, אַ הייס־יידיש האַרץ, וואָס
האָט נישט געקאָנט במנוחה רוען, בעת ס'איז געקומען די שרעקלעכע נויט, די מורא־
דיקע מאַרטיראָלאָגיע פאַרן יידנטום. מיט זיינע לעצטע כוחות הויבט זיך אויף ד"ר
שיפּער פון זיין קראַנקן־בעט, ער קאָן נישט ליגן, בעת זיין פאָלק בלוטיקט. ווי דורך
אַ וווּנדער, איז ער גובר זיין קראַנקהייט, ער באַהערשט מיט זיין שטאַרקן ווילן דעם
אָפּגעשוואַכטן קערפּער, דאָס געפּערלעך־קראַנקע האַרץ. ווי אַמאָל, אין זיינע גלאַנץ־
צייטן, ווייזט זיך שיפּער צווישן די יידישע פאָלקס־מאַסן, און ווי אַ מעכטיקער טרי־
בון און מנהיג רופט ער צו זיין פאָלק ווערטער פון טרייסט און גאולה. ער גלויבט,
אַז דאָס פּוילישע יידנטום וועט וויסן, ווי צו ראַטעווען זיך, אַזוי, „ווי אונזערע אבות
האָבן געוווּסט ווי צו ראַטעווען זייער קיום". שיפּער, דער גרויסער יידישער היסטאָ־
ריקער האָט פאַר זיינע אויגן דעם דורות־לאַנגן עבר פון יידנטום, וועלכער גיט אים
די זיכערקייט צו גלויבן אין עתיד פון יידישן פאָלק. אין דער פינסטערער געטאָ־נאַכט
פון וואַרשע, טרעט שיפּער אויף בעת אַ פּרץ־אָוונט, ער רעדט וועגן פּרץ'ס „פאָלקס־
טימלעכע מעשיות" און רופט אַרויס ביי דעם פאַרזאַמלטן עולם באַגייסטערונג און
אמונה.

אָבער דער מוראַדיקער פינאַל פון וואַרשעווער געטאָ דערנענטערט זיך שנעל און
אומברחמנותדיק. שיפּער פילט אינסטינקטיוו, אַז זיין יידישע היסטאָריע־וויסנשאַפט
האָט אים דאָס מאָל אָפּגענאַרט. די נייע שרעקלעכע ווירקלעכקייט האָט אים און דעם
גאַנצן יידישן צבור געשטעלט פּנים־אל־פּנים, לגבי פאַקטן, וועלכע די טויזנט־יאָריקע
יידישע געשיכטע האָט נישט געזען און נישט פאָרויסגעזען. שיפּער — דער אייביקער
אָפּטימיסט, איז געוואָרן מרה־שחורהדיק, און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן —
אַ שותק. דער יאוש פאַרסמט זיין נשמה, ער גלויבט נישט מער אין רעטונג פון פּוי־
לישן יידנטום, העכסטנס, מיינט ער, וועט זיך ראַטעווען אַ טייל פון דער יוגנט. די
בלוטיקע פלאַמען פון דעם העראָישן געטאָ־אויפשטאַנד אין אַפּריל 1943 פאַרשלונגען
אויך ד"ר שיפּערן. לויט געוויסע זיכערע ידיעות, איז ד"ר שיפּער אומגעקומען אין
היטלערישן מאָרד־לאַגער מאַידאַנעק, אין זומער 1943.

שיפּער, דער פאָלקס־טריבון, דער ציוניסט און דעמאָקראַט איז געשטאָרבן צו־
זאַמען מיט זיין פאָלק, צוזאַמען מיט דער מאַסע, מיט וועלכער ער איז תמיד, אויף
לעבן און אויף טויט, פאַרבונדן געווען.

מיט ד"ר יצחק שיפּער איז אַוועק איינע פון די בעסטע און שענסטע געשטאַלטן
פון פּוילישן ציוניזם. מיר, פּוילישע יידן, זיינען מיט אים געווען שטאָלץ, ווייל שי־
פּער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ וווּנדערבאַרע פּערזענלעכקייט, פול מיט מעלות
און טאַלאַנטן, אויסגעצייכנט אין אַרבעט און קאַמף, שטאַרק אין גלויבן און התלה־
בות. אַלס אַזעלכער האָט ער זיך מיט גלאַנץ פאַרשריבן אין אונזער זכרון און אין
די אַנאַלן פון דער יידישער געשיכטע.

## י) אברהם גאָלדבערג

### (דער שעף־רעדאַקטאָר פון „היינט")

איז דען אברהם גאָלדבערג, דער לאַנגיאָריקער שעף־רעדאַקטאָר פון וואַרשעווער „היינט", אַ היסטאָרישע געשטאַלט פון פּוילישן ציוניזם? ער איז דאָך בלויז געווען אַ זשורנאַליסט? די דאָזיקע פראַגן וועלן אפשר געשטעלט ווערן. מוז מען דערויף ענטפערן, אַז יידישע זשורנאַליסטיק און יידישע זשורנאַליסטן האָבן געשפּילט אַן ערשט־קלאַסיקע ראָל אין דער אַנטשטייאונג און אָרגאַניזאַציע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, סיי אין וועלט־ מאַסשטאַב און סיי אין אַמאָליקן פּוילן. ס'וועט נאָך קומען די צייט, ווען דער ציוניסטישער געשיכטע־שרייבער וועט פאַר די צוקונפטיקע דורות איבערלאָזן אַ טריי און געטרוי בילד וועגן דער גרויסער, באמת היסטאָרישער ראָל, וועלכע ס'האָט אויף זיך גענומען די ציוניסטישע זשורנאַליסטיק לגבי דער רענעסאַנס־באַוועגונג פון יידישן פאָלק. אָנגעהויבן פון די כמעט שוין לעגענדאַרע צייטן, ווען מיט 50 יאָר צוריק, זיינען אין ווין דערשינען, מיט די געלע הילן, די באַשיידענע בלעטער פון דער הערצל'שער וואָכן־צייטונג „די וועלט", ביז צו די גרויסע פאָרמאַט־זייטן פון דער טאָג־צייטונג „היינט", פירט אַ לאַנגער און מי־פולער וועג פון דער ציוניסטישער זשורנאַליסטיק, וואָס האָט באמונה און איבערגעגעבנקייט, מיט טאַלאַנט און וויסן, מיט גייסט און קאַמף געוועקט און געמאָנט כסדר דאָס געוויסן פון יידישן פאָלק. שטיצנדיק זיך אויף דערפאַרונגען און טראַדיציעס פון דער יידישער פּרעסע אין דער פריערדיקער תקופה פון „הצפירה", „המליץ", „המגיד" א. א. וו., האָט די ציוניסטישע זשורנאַליסטיק, אָנהויבנדיק מיט דער ווינער „וועלט", אויסגעבויט אַ גלענצנדיקע פּראָפּאַגאַנדע־פּרעסע, אויף אַלע שפּראַכן פון אונזער ברייטן און לאַנגן גלות, און האָט די יידישע ישובים אויף דער וועלט, בכל מקום שהם, גערופן און מאָביליזירט צו נאַציאָנאַלער דערוואַכונג און מלוכהשער דערלייזונג. ס'איז נישט געווען די שולד פון דער ציוניסטישער זשורנאַליסטיק, אויב איר נאַציאָנאַל־מלוכהשער רוף איז אָפט נישט דערהערט געוואָרן ווי געהעריק, דורך די יידישע פאָלקס־מאַסן, וואָס זיינען טיף פאַרטון געווען אין זייער דורות־לאַנגן מאַטעריעלן און גייסטיקן הילוך. די ציוניסטישע זשורנאַליסטיק האָט דערפילט איר גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע, און דאָס, וואָס מיר האָבן דערגרייכט אין ארץ־ישראל און אין גלות־יידנטום, האָבן מיר, אין אַ גרויסער מאָס, טאַקע צו פאַרדאַנקען דער ציוניסטישער זשורנאַליסטיק. אין דער געשיכטע פון אונזער זשורנאַליסטיק וועט דער וואַרשעווער „היינט" פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויבן־אָן און מיט אים וועט צום גרויסן שבח דערמאָנט ווערן אברהם גאָלדבערג, דער, וועלכער האָט דעם „היינט" באמת גרויס און ציוניסטיש געמאַכט.

אברהם גאָלדבערגס ביאָגראַפיע איז ענלעך צו דעם מוסטער, ס'ווילט זיך זאָגן, קלאַסישן מוסטער, פון אַ יידישן שרייבער. געבוירן אויף די פּויליש־ווייסרוסישע קרעסן, אין בריסק, וואָס איז אַמאָל געווען אונזער בריסק דליטא, האָט ער געלערנט אין חדר און ישיבה און איז שפּעטער אַוועק אויף די וועגן פון השכלה. פאַרשטענדלעך, אַז דאַן איז ער געוואָרן אַן עקסטערן און דווקא אין אָדעס, אין דער שטאָט פון די מענדעלע'ס און ביאַליק'ס, וואָס איז פאַרפלייצט געוואָרן פון טויזנטער יידישע עקסטערנען, אָנגעקומענע פון די ווייטסטע און פאַרחושכסטע מקומות אין דער רוסישער, ניקאָלאַיִשער אימפּעריע. מ'האָט געחלומט וועגן גימנאַזיע און צוקונפטיקן אוניווערזיטעט און דערווייל האָט מען זיך גייסטיק און גזעלשאַפטלעך אויסגעלעבט אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך, ווו דערגאַנגענע גימנאַזיסטן און סטודענטן אין זייערע גלאַנצנדיקע מונדירן, האָבן געפירט דאָס גרויסע און מוטיקע וואָרט. פּרנסה, מ'שטיינסגעזאָגט, האָט מען געהאַט פון העברעישע פּריוואַט־שטונדן, אַזוי־גערופענע „אוראָקן".

אברהם גאָלדבערג האָט געהערט צו די, וועלכע זיינען נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה פון גימנאַזיאַסטן און סטודענטן. ער איז זיין גאַנץ לעבן געבליבן אַן אויטאָדידאַקט. אָבער געהערט האָט ער צו די אויטאָדידאַקטן, וואָס האָבן זיך במשך פון יאָרן־לאַנגער, סיסטעמאַטישער זעלבסט־שטודיום, דערוואָרבן אַ טיפערע בילדונג און אַ רייכערע גייסט־וועלט, ווי אַ סך פון די, וואָס האָבן אין דער קעשענע געטראָגן אוניווערזיטעטס־דיפּלאָמען. מיט התמדה און פלייס, מיט מבינות און אויסדויער, האָט גאָלדבערג אַ סך געלייענט און שטודירט סיי בנוגע יודאַיסטיק און סיי בנוגע וועלטלעכן וויסן.

באַלד געפינט ער זיין לעבנס־וועג, וועלכער פירט אים צו דער יידישער זשורנאַליסטיק און ליטעראַטור. שוין אין דער יוגנט האָט ער געהאַט זיין ליטעראַרישע „חטאת נעורים", שרייבנדיק העברעישע לידער, אַרטיקלען און נאָוועלן. די ערשטע זשורנאַליסטישע שריט שטעלט ער אין דער העברעישער פּרעסע, אין „הצפירה" און „המליץ". דער באַוווסטער יידישער פאַרלעגער און צייטונגס־מענטש יאַצקאַן דערקענט אין אברהם גאָלדבערגן דעם צוקונפטיקן טאַלענטירטן זשורנאַליסט, און ציט אים צו פאַר אַ מיטאַרבעטער אין זיינע בלעטער. גאָלדבערג ווערט באַלד רעדאַקטאָר פון די קאָפּיקע פאָלקס־צייטונגען „דאָס טאָגבלאַט" און „לעצטע פּאָסט". זינט דער גרינדונג פון „היינט" אין יאָר 1908, איז גאָלדבערג זיין סטאַבילער מיטאַרבעטער. גלייכצייטיק איז ער מיטאַרבעטער און מיטרעדאַקטאָר פון דעם אויסגעצייכנטן העברעישן טאָגבלאַט „הבוקר", וועלכער ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם גרויסן העברעישן שרייבער און קריטיקער דוד פרישמאַן. גאָלדבערג אַרבעט אויך מיט אין פּעטערסבורגער יידיש־רוסישן „וואָסכאָד", אין לאָנדאָנער „צייט" און ניו־יאָרקער „טאָג", און פּובליצירט פאַרשידענע ליטעראַרישע אַרבעטן, בעיקר איבערזעצונגען. צווישן אַנדערע זאַכן, איבערזעצט ער אויף יידיש די דראַמע פון אָסיפּ דימאָוו „שמע ישראל" און די באַרימטע בראָשור פון דעם גרויסן יידיש־דייטשן סאָציאַליסטישן טריבון פערדינאַנד לאַסאַל: „וואָס איז אַזוינס קאָנסטיטוציע". דעמאָלט ווען די גאַנצע פּראָגרעסיווע מחנה אין צאַריסטישן רוסלאַנד האָט געקעמפט אין נאָמען פון גערעכטיקייט און דעמאָקראַטיע פאַר אַ נייער און פרייער קאָנסטיטוציע, האָט גאָלדבערגס

איבערזעצונג פון לאַסאַלס בראָשור געהאַט אַ גרויסע פּאָליטישע און מאָראַלישע ווירקונג אויף דער יידישער גאַס.

אברהם גאָלדבערגס גלאַנץ־תקופה הויבט זיך אָן ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז שוין דעמאָלט אַ פּערציק־יאָריקער מענטש מיט אַ געניטער לעבנס־דערפאַרונג און מיט אַ צוואַנציק־יאָריקן זשורנאַליסטישן סטאַזש. זיין שרייבערישער טאַלאַנט איז שוין לגמרי רייף געוואָרן און האָט גובר געווען אַלע שוועריקייטן און יוגנט־שוואַכקייטן. גאָלדבערגס פעדער איז געוואָרן אַ שאַרפער כלי־זין אין טאָג־טעגלעכן פּאָליטישן און פּאָלעמישן קאַמף. און ס׳האָט זיך גראָד דעמאָלט אָנגעהויבן אַ שטורמישע און ליידנשאַפטלעכע צייט אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן. די יידישע גאַס איז באַהערשט געוואָרן דורך דעם אַנטי־ציוניסטישן „בונד" און דורך די נישט־ציוניסטישע פּאָלקיסטן. אין וואַרשע, אין לאָדזש און אין אַנדערע יידישע צענטערן פון קאָנגרעס־פּוילן איז נח פּרילוצקי, דער באַליבטער טריבון פון די פּאָלקיסטן, געווען דער מושל און געביטער פון דער יידישער פּאָליטיק.

צו יענער צייט איז יצחק גרינבוים צוריקגעקומען פון רוסלאַנד און איז צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן די מאַכט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פּאָליטיק אין פּוילן. צו דעראָבערן די יידישע גאַס אין פּוילן פאַרן ציוניזם, צו געווינען די העגעמאָניע פאַר דער ציוניסטישער פּאָליטיק: דאָס איז געוואָרן דער ציל פון דער ציוניסטישער אָפּענסיווע, וואָס האָט זיך געלאָזט שטורמען  אין וואַרשע און אין גאַנץ פּוילן. ס׳איז געווען קלאָר, אַז דער ציוניזם קאָן נישט געווונען די דאָזיקע שלאַכט וועגן דעם עתיד פון פּוילישן יידנטום, אויב ער וועט נישט האָבן אַ גוטע פּאָלקס־פּרעסע. דעמאָלט האָט זיך דער באַנייטער און רעאָרגאַניזירטער „היינט" מיט זיין רעדאַקטאָר גאָלדבערג געשטעלט אין רשות פון דער קעמפנדיקער ציוניסטישער מחנה אין פּוילן. אין דעם דאָזיקן שטורמישן קאַמף איז גרויס און מעכטיק געוואָרן דער איינפלוס פון „היינט" און זיין רעדאַקטאָר. דער טריומף פון דער ציוניסטישער העגעמאָניע אויף דער יידישער גאַס, אין דער יידישער פּאָליטיק און געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן, איז געווען גלייכצייטיק דער פאַרדינטער טריומף פון דעם אויסגעצייכנטן שרייבער־און־זשורנאַליסטן־קאָלעקטיוו, וועלכער האָט אונטער אברהם גאָלדבערגס גלענצנדיקער פירונג, אויסגעבויט אין וואַרשע, אויף כלאָדנע 8, די מעכטיקע ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־פעסטונג, וואָס האָט זיך גערופן „היינט".

גאָלדבערג אַלס רעדאַקטאָר, דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. די באַצייכענונג „ער איז אַ געבוירענער רעדאַקטאָר" איז פאַר אים באמת געווען צוגעפּאַסט, קיינער איז נישט מער פון אים דערצו ראוי געווען. מיט אַ וווּנדערבאַרער אינטואיציע האָט ער פאַרשטאַנען פאַר יעדן פון זיינע מיטאַרבעטער צו געפונען דעם ריכטיקן און פּאַסנדיקן אָרט, לויט טאַלאַנט און ראַנג. מיט אַ זעלטענעם חוש האָט ער געוווּסט ווי איינצוטיילן די שפּאַלטן פון „היינט", לויט דעם אינהאַלט און פאָרם, לויט דער וויכטיקייט און טענדענץ. ווי אַ האַרמאָנישע קאַפּעלע האָט אַלץ זיך צונויפגעגאָסן אין שלמותדיקער, הערלעכער אייניקייט אונטער זיין דיריזשער־לייטונג. פּראָזע און דיכטונג, לייט־אַרטיקלען און פּעליעטאָנען, עסייען און וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען, ערנסטקייט און הומאָר, כראָניק און טעלעגראַמען און אפילו אַנאָנסן, אַלץ האָט זיך טעכניש און אינהאַלטלעך פאַרבונדן אין אַ העכסט־אינטערעסאַנטער און פיינער גע־

מיינזאַמקייט, אין וועלכער די קלוגע און האַרציקע פּובליקאַציעס פון נחום סאָקאָלאָוו, זאבאָזשאַבאָטינסקי און יהושע טהאָן, האָבן פאַרנומען דעם צענטראַל, וויכטיקסטן אָרט. דער „היינט" איז געווען רייך אין אינהאַלט, אָבער פּשוט און פּאָפּולער, זיין שפּראַך איז געווען ריין און ליטעראַריש אָבער צוגענגלעך פאַרן פאָלקס־מענטש, זיין פאָרם איז געווען אייראָפּעיש אָבער גלייכצייטיק יידיש־היימיש, זיינע ראָמאַנען מיט שלום אַש'ס ווערק בראש, האָבן אַריינגעטראָגן אין די יידישע גאַסן דאָס פאַרשטענדעניש פאַר קונסט און ליטעראַטור. די טאָג־טעגלעכע ווירקונג פון „היינט" האָט פּאָפּולאַריזירט ביי די יידישע מאַסן דעם פיינעם, עסטעטישן געשמאַק און דעם עכטן זין פאַר בילדונג. ס'איז קיין וואונדער נישט, וואָס צענדליקער טויזנטער לייענער האָבן דעם „היינט" געהאַלטן פאַר מער ווי סתם אַ צייטונג, ס'איז געווען פאַר זיי די העכסטע אינסטאַנץ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן איר פּסק־דין וועגן אַלע יידישע ענינים און וועלט־פראַגן. יעדער פרייטיק־נומער פון „היינט" איז אויפגענומען געוואָרן דורך די יידן אין די שטעט און שטעטלעך מיט נייגיר און יראת הכבוד, מ'האָט אים געלייענט און שטודירט ווי אַ וויכטיקן ספר.

אברהם גאָלדבערג אַלס רעדאַקטאָר האָט אַ סך פאַרלאַנגט פון זיך און פון זיינע מיטאַרבעטער. מיט אַ פריינטשאַפטלעכער אָבער האַרטער האַנט האָט ער געפירט די ממשלה אין זיין צייטונגס־מלוכה, וואָס איז אים טייערער געווען ווי זיין לעבן. דער „היינט" איז געוואָרן זיין נשמה און זיין לעבנס־אינהאַלט, פאַר וועלכן ער איז גרייט געווען אַלץ מקריב צו זיין. ביי טאָג און ביי נאַכט האָט איר אים, גאָלדבערגן, מיט זיין הויכער, פעסט־געבויטער געשטאַלט, מיט די בלישטשענדיקע אויגן־גלעזער און הויך־שטורמענדיקער עקסטערן־טשופּרינע (מיט אַ סך, צוליב יאָרן און אַרבעט, פאַרזילבערטע האָר) געטראָפן אין רעדאַקציע־בנין, וו ער האָט אָפּגעהיט זיין ליבלינגס־קינד, דעם „היינט", וואָס איז יעדן טאָג אויפסניי געבוירן געוואָרן און איז אים טייער געבליבן ווי אינעם ערשטן געבורטס־טאָג.

גאָלדבערג האָט געהאַט אַן ערנסטע באַציונג צו דער יידישער ליטעראַטור און צו די יידישע שרייבער. ער האָט נישט געהערט צו די, וואָס האָבן פאַר דער יידישער ליטעראַטור געזוכט אַ לייכטן און באַקוועמען וועג פון „קונסט לשם קונסט". מיר זיינען אַ טראַגיש פאָלק, אונזער קיום באַזירט זיך אויף קאַמף און מיר קענען זיך נישט דערלויבן אויף אַ ליטעראַטור, וואָס פאַרשליסט זיך אין די פּרעכטיקע ד' אמות פון איר קונסט־טעמפּל, דאָס איז געווען זיין מיינונג. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז דער יידישער זשורנאַליסט זאָל האָבן זיין געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן פּרצוף. נאָך מער האָט ער דאָס פאַרלאַנגט פון יידישן שרייבער. מיט זיין אינטואיציע האָט ער פאַרויסגעפילט די טראַגישע צייטן, וואָס קומען מיט דעם היטלעריזם. פון דעם האָט זיך גענומען זיין כסדר־וואַקסנדיקע און פאַרטיפנדיקע ציוניסטישע וועלט־אַנשויאונג. פון דעם האָט זיך גענומען זיין ערנסטקייט און אָפט אפילו האַרטקייט. ווען דער פאַרזיצער פון דעם יידישן ליטעראַטן־פאַריין אין וואַרשע, נאָמבערג, האָט מסכים געווען איינצופירן אין ליטעראַטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקיע 13, לוסטיקע טאַנץ־אָוונטן פאַר מיטגלידער און געסט (אין וועלכע, אגב, דער גוטער שרייבער אָבער שלעכטער טענצער נאָמבערג האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל) האָט דאָס שטאַרק שאָקירט און אויפגערעגט גאָלדבערגן. אַלס ציוניסט האָט ער קלאָר געזען, און אפשר נאָך מער געפילט אינסטינקטיוו, די טראַגישקייט פון יידישן לעבן, און ער האָט אויפגעציטערט, ווען

ער האָט דערזען ווי אויף אונזער גלות־ווולקאַן טאַנצט זיך גאָר לוסטיק און פריילעך, צוזאַמען מיט די אַסימילירטע און דעגענערירטע „שמענדריקעס", די פאַרשטייער־שאַפט פון דער יידישער ליטעראַטור.

אברהם גאָלדבערג באַגנוגנט זיך נישט, אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן, מיט ציור־

די גרינדער און ערשטע רעדאַקטאָרן פון „היינט"



פון רעכטס צו לינקס:
שטייען: אברהם גאָלדבערג און א. גאָוווע;
זיצן: ש. י. יאַצקאַן, נחמיה פינקעלשטיין און נח פינקעלשטיין.

ניסטישער זשורנאַליסטיק. ער ווערט אַן אַקטיווער ציוניסטישער טוער, ער איז מיט־גליד פון ציוניסטישן צ. ק. אין פּוילן, נעמט אָנטייל אין קאָנפערענצן און קאָנגרעסן, און טרעט אויף מיט רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען. זיין אַקטיוויטעט וואַקסט און מיט איר אַנטשטייען ביי אים נייע פּלענער און ארבעטס־פּראָגראַמען. ווי תמיד איז ער פריש און ענערגיש, הגם דאָס זעקסטע יאָרצענטל הויבט שוין אָן אָראָפּ־צודריקן אביסל זיין הויכע און לעבעדיקע פיגור.

פּלוצלינג, אין מיטן פון אַרבעט און פרישע פּלענער, אומדערוואַרטעט איז געקומען דער סוף. ס׳איז געווען פּשוט שווער צו גלויבן, אַז אברהם גאָלדבערג, דער תמיד־שטאַרקער אין גוף און גייסט, דער תמיד־יונגער אין טאַלאַנט און געפיל, איז נישט מער דאָ. פּאָליטישע פריינט און קעגנער האָבן געהעריק אָפּגעשאַצט דעם גרויסן פאַרלוסט, וועלכן ס׳האָט געליטן די יידישע זשורנאַליסטיק און געזעלשאַפטלעכקייט מיט אברהם גאָלדבערגס טויט. זיין לויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקער יידישער מאַניפעסטאַציע.

אברהם גאָלדבערג איז געווען אַ גרויסער זשורנאַליסט און אַ גרויסער ייד, איינער פון די היסטאָרישע געשטאַלטן פון פּוילישן ציוניזם, וואָס האָבן זיך פאַרדינט, אַז מ׳זאָל זיי נישט פאַרגעסן.

# די אויפגאַבן פון דער יידישער פּרעסע

ס'איז איבעריק היינט אונטערצושטרייכן אין אַ ציוניסטישער צייטונג די באַ־דייטונג פון דער איצטיקער היסטאָרישער תקופה פאַרן גורל פון יידישן פאָלק. מיר ווילן זיכער נישט איבערטרייבן — ווען מיר ווילן בולט און קלאָר פעסטשטעלן — אַז נאָך קיינמאָל אין דער יידישער גלות־געשיכטע איז נישט געווען אַזאַ געפערלעכע און אחריותפולע תקופה ווי אין דער איצטיקער רגע. דער קיום און די צוקונפט פון אונזער אומה זיינען אָפּהענגיק דערפון, ווי אונזער דור וועט פאַרשטיין צו דערפילן זיינע אויפגאַבן און פליכטן.

און ס'איז ווידער אַ דבר ידוע, וואָס פאַרא פאַראַנטוואָרטלעכע ראָל עס שפּילט ביי אַלע פעלקער און נאַציעס די פּרעסע, בפרט ווען זי איז דער וויכטיקסטער, אינטענ־סיווסטער אינסטרומענט פאַר נאַציאָנאַלער מאָביליזאַציע פון אַלע לעבנס־כוחות פון דער אומה. די פּרעסע איז דער באַרופענער שליח־צבור פון אַ פאָלק, פון אַ נאַציאָ־נאַלער געמיינשאַפט אינעם קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ און מאָראַליש־פּאָליטישער אויסגעהאַלטנקייט. די פּרעסע רופט און מאָנט, אָרגאַניזירט און מאָביליזירט, שטור־רעמט און אַקטיוויזירט, שאַפט און צעשטערט, צעמענטירט און דעמאָלירט, בויט און איז מחריב, שאַפט נייע כוחות, פרישע ענערגיע־קוואַלן און פאַרניכטעט אַלטע פאָרמען, און פוילע, איבערגעלעבטע דערשיינונגען. זי קאָן זיין אַ ברכה, אַ גרויסע ברכה, און זי קאָן אויך ווערן אַ קללה, אַ שרעקלעכע קללה.

דאָס איז אָפּהענגיק פון דעם, אין וועלכע הענט די פּרעסע פאַלט אַריין. אַזוי קומט עס, אַז די פּרעסע איז איינמאָל דער אמתער, פאַראַנטוואָרטלעכער שליח צבור, וואָס שאַפט גרויסע און נוצלעכע ווערטן, און דאָס אַנדערע מאָל ווערט די פּרעסע אַ ווערקצייג אין די הענט פון געשעפטס־לייט, פון קאָמבינאַטאָרן און מאַכערס, וואָס זיינען אויסן צו זוכן בלויז אייגענעם פּראָפיט און באַנוצן צו דעם צוועק אַלע מיטלען, אפילו די מיאוסטע, פון שונד און דעמאָראַליזאַציע, פון חניפה און ליגנס א. א. וו. א. א. וו. אין צווייטן פאַל קאָן די פּרעסע ווערן אַ ווערקצייג פון נאַציאָנאַ־לער דעמאָראַליזאַציע, פון געזעלשאַפטלעכן פאַרסמען און פאַרניכטן. ס'קאָן דערפון אויסוואַקסן אַ גרויס געפאַר פאַר דער עקזיסטענץ און פאַר דער צוקונפט פון דער געזעלשאַפט, פון דער אומה, בפרט אין אַ גורל־תקופה, ווען די מאָראַלישע געזונט־הייט און פּאָליטישע אַקטיוויטעט זיינען פראַגן פון לעבנס־קיום.

די דאָזיקע אַלגעמיינע כללים זיינען באַזונדערס נוגע דער יידישער פּרעסע, צו־ליב די באַזונדערע באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס יידישע פאָלק לעבט און קעמפט פאַר זיין קיום און עתיד. ביי אַנדערע אומות העולם איז פאַראַן אַן אָרגאַניזירטע מלוכה מיט אַן אייגענער רעגירונג און מאַכט־אָרגאַנען, וואָס האָבן די פליכט און די זאָרג אָפּצוהיטן די גאַנצקייט און די עטישע געזונטקייט פון די געזעלשאַפטלעך־פּאָ־ליטישע אינטערעסן אין לאַנד און נאַציע. מיר, יידן, פאַרמאָגן, ליידער, נישט די דאָ־זיקע מלוכהש־געזעלשאַפטלעכע אָרגאַנען. דעריבער מוז ביי אונז די פּרעסע איבער־נעמען פאַרשידענע פונקציעס, וואָס געהערן ביי אַנדערע אומות העולם צו דער מלוכה און צו אירע פונקציעס און אַמטן.

מיר לעבן אין אַ תקופה, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ דור פון צוויי וועלט־מלחמות, מיט אַלע אירע דערשיטערונגען, גייסטיקע און מאָראַלישע. בפרט די לעצטע וועלט־מלחמה מיט אירע שרעקלעכע יסורים, האָט געהאַט אַ טיפע ווירקונג אויף אונזער דור. און לײדער, נישט תמיד אין בעסטן זין. מיר מוזן זיין אויפריכטיק און האָבן דעם מוט אָפן זיך צו זאָגן: די קרענק פון דעמאָראַליזאַציע און מאָראַלישער קאָרופּציע איז אַ גרויסע סכנה פאַר אונזער נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן קיום. זי פרעסט זיך אַריין הפקרדיק, אומברחמנותדיק אין די סאַמע יסודות פון אונזער געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלן בנין און באַדראָט זיינע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. דאָס קומט פאָר גראָד איצט, ווען אונזער קאַמף פאַרן נאַציאָנאַלן קיום פאַרלאַנגט פון אונז די גרעסטע גייסטיק־מאָראַלישע און פּאָליטיש־אַקטיווע אָנשטרענגונגען.

דאָס שטעלט פאַר אונזער פּרעסע די אויסערגעוויינלעך־שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע: צו באַקעמפן די הפקרדיקע דעמאָראַליזאַציע, אומעטום, ווו זי קומט פאָר אַלס אַן אינדיווידועלע אָדער קאָלעקטיווע דערשיינונג. די יידישע פּרעסע דאַרף זיין אונזער נאַציאָנאַלער קאָנטראָל־אָרגאַן, וואָס היט אָפּ פאַר דעם סם פון דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע. דעם דאָזיקן קאַמף מוז אונזער פּרעסע פירן ריקזיכטסלאָז און אומברחמנותדיק. פון דעם דאָזיקן קאַמף און זיין נצחון איז אָפּהענגיק אונזער געזונטער נאַציאָנאַלער קיום, די צוקונפט פון דער יידישער אומה. די דאָזיקע היסטאָרישע ראָל האָט אין דער איצטיקער רגע צו דערפילן די יידישע פּרעסע, אויב זי וויל ראוי זיין צו דער שליחות פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכער, נאַציאָנאַלער אינסטיטוציע.

די צווייטע גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע פון דער יידישער פּרעסע אין דער איצטיקער רגע באַשטייט אין קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע. דאָס איז אַן אַלטע זאַך און אַן אַלטע אויפגאַבע פון דער יידישער פּרעסע. מיר האָבן היינט צו קעמפן מיט אַ נייעם מין אַסימילאַציע. אַמאָל, מיט אַ דור אָדער צוויי דורות צוריק, איז די אַסימילאַציע געווען אַ וועלט־אַנשויאונג, אַן אידעאָלאָגיע פון אַ פּאָליטישער און קולטורעלער ריכטונג. מ'האָט די דאָזיקע אַסימילאַציע באַקעמפט מצד דער יידישנאַציאָנאַלער און ציוניסטישער זייט, מיט פּאָליטישע און קולטורעל־אידעאָלאָגישע אַרגומענטן. אָבער די דאָזיקע צייטן זיינען שוין לאַנג אַוועק. די היינטיקע אַסימילאַציע, וועלכע מ'האָט שוין מיט אַ פּאָר יאָרן פאַרן קריג אָנגערופן מיטן נאָמען: „די שמענדריקעס־אַסימילאַציע", איז נישט מער קיין פּאָליטישע אָדער אַ קולטורעל־גייסטיקע ריכטונג. איר געפינט די „שמענדריקעס" אומעטום, אין אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס, אין יידישע רעדאַקציעס, און ביי אַלע יידישע פּאַרטייען. די „שמענדריקעס" זיינען אָן אַ מאָראַליש־נאַציאָנאַלן רוקן־ביין. זיי האָבן איין ציל, איין אידעאַל: צוצופּאַסן זיך צו אַלע באַדינגונגען. זיי איבערנעמען לייכט פרעמדע שפּראַכן און מנהגים. היינט רעדט מען אַ שלעכטן פּויליש, מאָרגן נאָך אַן ערגערן פראַנצויזיש. פון יעדער קולטור און ציוויליזאַציע נאַשט מען בלויז דעם פּסולת. אָט קעגן דער דאָזיקער „שמענדריקעס־אַסימילאַציע", וואָס איז אַ מאָראַלישע סכנה, דאַרף די יידישע פּרעסע קעמפן מיט אַלע אירע כוחות.

דאָס זיינען די צוויי הויפּט־אויפגאַבן פון דער יידישער פּרעסע אין דער איצטיקער תקופה.

# סאָוויעט־רוסלאַנד און דער ציוניזם *

די אָפיציעלע דערקלערונג פונעם סאָוויעטישן פאַרטרעטער אויפן פאָרום פון די פאַראייניקטע נאַציעס וועגן דער ארץ־ישראל־פראַגע האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע סענסאַציע. צום ערשטן מאָל איז מצד דער סאָוויעטישער רעגירונג אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ פּאָזיטיווע מיינונג וועגן דעם ציוניזם און זיינע פאָדערונגען. דער אָפיציעלער פאַרטרעטער פון דער סאָוויעטישער רעגירונג האָט די דאָזיקע פּאָזיטיווע מיינונג פּרעציזירט בזה האופן: מען מוז די יידן דערלויבן אַ מלוכהשן קיום אין פּאַלעסטינע, אָדער אין פאָרם פון אַ בשותפותדיקער, יידיש־אַראַבישער מדינה, אָדער אין פאָרם פון אַ באַזונדערער ריין־יידישער מדינה דורך דער לאַנד־פאַרטיילונג. די דאָזיקע סאָוויעטישע מיינונג דעקט זיך מיט דער שטעלונג, וועלכע עס פאַרנעמען אין דער ארץ־ישראל־פראַגע געוויסע ציוניסטישע גרופּירונגען, סיי פון לינקס און סיי פון רעכטס. די פאָרגעשלאָגענע לייזונג קען נישט צופרידנשטעלן אונז, די מלוכהשע ציוניסטן, ווייל אונזער פאָדערונג איז, אַז אין גאַנץ ארץ־ישראל זאָל געשאַפן ווערן אַ יידישע מלוכה. די סאָוויעטישע רעגירונג וויל נישט אָדער קען נישט דערווייל זיין מער ציוניסטיש ווי עס זיינען די דערמאָנטע ציוניסטישע גרופּירונגען.

מיר מוזן פעסטשטעלן, אַז די היינטיקע דעקלאַראַציע פון סאָוויעט־רוסלאַנד וועגן דער ארץ־ישראל־פראַגע באַדייט אַ טיפן, ראַדיקאַלן איבערברוך אין אַ באַציאונג , וואָס דויערט שוין דרייסיק יאָר. זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דער שאַפונג פון דער ראַטן־מאַכט, איז די שטעלונג פון די קאָמוניסטן און דער סאָוויעטישער רעגירונג לגבי דעם ציוניזם געווען אַ פולשטענדיק־נעגאַטיווע, קעגנערישע און פיינטלעכע. די דאָזיקע שטעלונג האָט זיך באַזירט אויף צוויי פאָרויסזעצונגען, וואָס זיינען באַטראַכט געוואָרן ווי אומדערשיטערלעכע דאָגמעס. ערשטנס: דער ציוניזם איז אַ שאָוויניסטיש־רעאַקציאָנערע באַוועגונג פון דער יידישער בורזשואַזיע. צווייטענס: דער ציוניזם איז אויף אייביק פאַרבונדן מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם, אַלס זיין פּאָליטישער ווערקצייג. די דאָזיקע צוויי דאָגמעס, וואָס האָבן זיך געשטיצט איינזייטיק אויף געוויסע דערשיינונגען, זיינען געווען די ריכטליניעס פון דער סאָוויעטיש־קאָמוניסטישער פּאָליטיק לגבי דעם ציוניזם במשך לאַנגע יאָרן, און האָבן גורם געווען ערנסטע קאָנסעקווענצן סיי אין יידישן לעבן און סיי מחוץ דעם יידישן לעבן.

די היטלערישע וועלט־מלחמה און די פאַרניכטונג פון אייראָפּעישן יידנטום האָבן דערשיטערט און אונטערגעגראָבן די יסודות פון דער ערשטער אַנטי־ציוניסטישער דאָגמע. אין פאַראַנטוואָרטלעכע סאָוויעטיש־קאָמוניסטישע קרייזן האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די טיפקייט און די טראַגישקייט פון דעם יידישן פּראָבלעם. עס איז געוואַקסן דער ספק, צי די אַלטע דאָגמע וועגן דעם, אַז דער ציוניזם איז בלויז

* די דערקלערונג פון סאָוויעטישן פאָרשטייער ביי די פאַראייניקטע נאַציעס גראָמיקאָ לטובת אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל (מאַי 1947) האָט אַרויסגערופן אין ציוניסטישע קרייזן געוויסע אילוזיעס בנוגע אַ טיפער ענדערונג פון קאָמוניזם און פון דער סאָוויעטישער רעגירונג לגבי דעם ציוניזם און דער ציוניסטישער באַוועגונג. די דאָזיקע אילוזיעס האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס נישט־ריכטיקע. דער אַרטיקל: „סאָוויעט־רוסלאַנד און דער ציוניזם" איז אַ דאָקומענטאַרער באַווייז פאַר יענער תקופה און אירע פאַלשע אילוזיעס.

אַ בירגערלעך־רעאַקציאָנערע באַוועגונג, איז ריכטיק. די קאָמוניסטן, שטיצנדיק זיך אויף דער מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק, האָבן אין אַ סך פֿראַגן, אפֿילו פּרינציפּיעלע פֿראַגן, עלאַסטיש און ראַדיקאַל געענדערט זייער מיינונג און שטעלונג. מען האָט אַ סך רעווידירט בנוגע נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. ממילא איז מען שוין נוטה געווען צו פֿאַרשטיין אויך דעם ציוניזם טיפֿער און ערנסטער און אָפּצושאַצן אים אַלס די נאַציאָנאַל־שטאַטלעכע באַוועגונג פֿון יידישן פֿאָלק.

די נאָכמלחמהדיקע געשעענישן, דער פֿאַרצווייפֿלטער העראָישער קאַמף פֿון דעם ישוב און דעם ציוניזם קעגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם האָבן דערשיטערט אויך די צווייטע אַנטי־ציוניסטישע דאָגמע וועגן דער פֿאַרבונדקייט פֿון ציוניזם מיטן בריטישן אימפּעריאַליזם. און אַזוי איז אין די קאָמוניסטיש־סאָוויעטישע קרייזן רייף געוואָרן אַ געוויסע ענדערונג, סיי פּסיכאָלאָגיש, סיי פּאָליטיש, לגבי דעם ציוניזם. די דאָזיקע ענדערונג איז פֿאָרגעקומען נישט אויף איינמאָל, מען האָט זיך געקווענקלט, ס'איז נישט לייכט געווען גובר צו זיין לאַנג־יאָריקע פּסיכאָלאָגישע און פּאָליטישע געוווינהייטן. זינט אַ לענגערער צייט האָבן מיר געוווסט וועגן די פֿאַרענדערונגען, וואָס קומען פֿאָר אין קאָמוניסטיש־סאָוויעטישן לאַגער לגבי דעם ציוניזם, אָבער עס איז געווען שווער פֿעסטצושטעלן די נייע אָפּי־ציעלע שטעלונג. די לעצטע סאָוויעטישע דערקלערונג פֿאַר דעם פֿאָרום פֿון די פֿאַ־ראייניקטע נאַציעס האָט אַריינגעטראָגן קלאָרקייט אין דעם ענין, זי האָט אויסגעדריקט אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צום ציוניזם און מיט דעם איז איבערגעריסן געוואָרן אַ לאַנגע 30־יאָריקע פֿיינטלעכע טראַדיציע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף צוויי פֿאַלשע הנחות־דאָגמעס.

סאָוויעט־רוסלאַנד איז אַ גרויסע מלוכה. זי פֿירט אַ רעאַלע פּאָליטיק, וואָס רעכנט זיך קודם־כל מיט פֿאַקטן און מיט כוחות־רעאַליטעטן. דער אָריענט איז אַן אַראַבי־שער און אין דער דאָזיקער אַראַבישער וועלט מאַכן די פּאָליטיק די עפֿענדים. לויט איר אידעאָלאָגישער איינשטעלונג, וואָלט סאָוויעט־רוסלאַנד געדאַרפֿט ווי אַמשאַרפֿ־סטן באַקעמפֿן די היינטיקע אַראַבישע פּאָליטיק, וואָס ווערט אָנגעפֿירט פֿון די רע־אַקציאָנערסטע און אָפּגעשטאַנענסטע אַראַבישע כוחות. אָבער רעאַלע פּאָליטיק איז שטאַרקער פֿאַר אידעאָלאָגישע סענטימענטן און דאָס פֿירט סאָוויעט־רוסלאַנד צו זוכן אַ קאָמפּראָמיס מיט דער היינטיקער אַראַבישער פּאָליטיק, ווי רעאַקציאָנער זי זאָל נישט זיין, לויט איר סאָציאַלער אָפּשטאַמונג און פּאָליטישער טענדענץ.

אָבער אין דער גרויסער וועלט, וווּ עס פֿירט זיך היינט אַ געוויסע אַנטי־סאָוויע־טישע אַגיטאַציע, זיינען די סימפּאַטיעס פֿון יידנטום אויך אַ פּאָליטישער פֿאַקטאָר, מיט וועלכן אַ מאָדערנע מלוכה מוז זיך רעכענען. די היינטיקע אַראַבישע פּאָליטיק, דאָס איז איין רעאַליטעט, אָבער די סימפּאַטיעס פֿון וועלט־יידנטום זיינען אויך אַ רעאַליטעט. וואָס איז שטאַרקער און וואָס וועט מנצח זיין? מיר ווילן האָפֿן, אַז דער דרוק פֿון דער יידישער ווירקלעכקייט און פֿון דער ערלעכער וועלט־מיינונג וועט בקרוב ברענגען די פֿעלקער דערצו, אַז זיי וועלן אָנערקענען דאָס רעכט פֿון יידישן פֿאָלק אויף אַן אייגענע טעריטאָריע און מלוכה אין ארץ־ישראל, אין גאַנץ ארץ־ישראל. מיר ווילן גלויבן, אַז אויפֿן פֿאָרום פֿון פֿעלקער, וואָס וועלן בשלמות אָנער־קענען אונזערע נאַציאָנאַל־שטאַטלעכע רעכט אין ארץ־ישראל, וועט סאָוויעט־רוסלאַנד פֿאַרנעמען איינעם פֿון די ערשטע ערטער.

# “Hic Rhodus, hic salta!”

אַן אַלט לאַטייניש שפּריכוואָרט זאָגט: « Hic Rhodus, hic salta ! »
„דאָ איז ראָדוס, דאָ טאַנץ!” דאָס הייסט: דאָ ווייז וואָס דו קאָנסט!

אין דעם דאָזיקן משל פון די אַלטע רוימער דערמאָנען מיר זיך היינט, ווען גראַף בערנאַדאָט, דער פאַרטרעטער פון „אָנו”, האָט זיך מיט זיין שטאַב עטאַבלירט אויף דעם גריכישן אינזל ראָדאָס, וו ער דאַרף, לויט זיינע דערקלערונגען, ברענגען צו אַ הסכם און אַ שלום צווישן די אַראַבער און די יידן.

מיר ווייסן, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט נאָר וועגן אַ שלום צווישן אונז און די אַראַבישע מושלים. ליידער איז דאָס קליינע ארץ־ישראל געוואָרן דער ברען־פּונקט פון דער וועלט־פּאָליטיק. אין אונזער לאַנד און אויף אונזער חשבון ווערט אויס־געשפּילט דער קאַמף צווישן אָריענטאַציעס און מאַכט־פּאָזיציעס. צי וועט די „אָנו” און איר באַ־כוח בערנאַדאָט זיך אַן עצה געבן מיט דעם דאָזיקן קנויל פון אינטריגעס און קאָמבינאַציעס, וואָס באַדראָען דעם וועלט־שלום און שטעלן אין קאָן דעם אויטאָריטעט און די סאַמע עקזיסטענץ פון דער קערפּערשאַפט, וואָס רופט זיך „פאַראייניקטע נאַציעס”? די געשעענישן אין די לעצטע צוויי יאָרן און בפרט דער טרויע־ריקער שפּיל מיט־און־אַרום ארץ־ישראל, האָבן בולט דעמאָנסטרירט די שוואַכקייט און אומבאַהאָלפנקייט פון דער „אָנו”, וואָס קאָן ווערן אַ צווייטע אויפלאַגע פון דעם חרפּהדיק־פאַרשטאָרבענעם פעלקער־בונד. „דאָ איז ראָדאָס, דאָ טאַנץ”! : קיין שום פּאָליטישע דריידלעך און דעקלאַראַציעס וועלן נישט מער העלפן, די „אָנו” וועט איצט מוזן באַווייזן, צי האָט זי וועלכן ס'איז כוח און אויטאָריטעט אָדער איז זי בלויז אַ פיקציע. אין דער נאָענטסטער צייט וועט זיך אָנטשיידן נישט נאָר דער גורל פון אונזער ארץ־ישראל, נאָר אויך די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון דער „אָנו” בכלל!

און נישט נאָר די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון די „פאַראייניקטע פעלקער” שטייט אונטער אַ גרויסן פראַגע־צייכן. ס'גייט וועגן דער צוקונפט פון דער וועלט־מענטש־הייט און איר פּאָליטישער און מאָראַלישער עקזיסטענץ להבא. די יידישע פראַגע איז איצט, ווי אָפט שוין אין דער געשיכטע, געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, דער באַראָמעטער פאַר דער מאָראַל און געוויסן פון דער היינטיקער ציוויליזאַציע און קולטור. מיר יידן האָבן איבערגעלעבט אַ מוראדיק־בלוטיקע טראַגעדיע מיט 6 מיליאָן קרבנות. אַ קאַ־טאַסטראָפע, וועלכע די וועלט־געשיכטע האָט קיינמאָל נישט געזען. אונזער שארית

הפּליטה איז צעזייט און צעשפּרייט איבער לאַגערן און עמיגראַציע־פּונקטן. אונזער נויט און געשריי פּאַרפּילן די וועלט, אונזער העראָישער קאַמף אין ארץ־ישראל האָט געדאַרפט אויפטרייסלען דאָס געוויסן פון דער מענטשהייט, אויב אַזאַ געוויסן איז נאָך בכלל פאַראַן ? !

די דאָזיקע טראַגישע פראַגע האָט זיך פאַר אונז מיט איר גאַנצער אָנגעווייטיקטער שאַרפקייט היינט געשטעלט, ווען מיר זעען, מיט וועלכער גלייכגילטיקייט די וועלט קוקט זיך צו, ווי אַ קליינער יידישער ישוב ווערט מערדערלעך באַפאַלן דורך די אַראַבישע מלוכות, מיט דער הילף פון דער גרויסער אימפּעריע בריטאַניע. ווו זיינען זיי, די גייסטיקע פירער, די מאָראַלישע פּריידיקער, די אָפיציעלע און נישט־אָפיציעלע פאַרטרעטער פון דער קריסטלעכער קולטור און עטיק, די גאונים פון ליטעראַטור און קונסט ? צי האָט זיי נישט גערירט זייער געוויסן, זעענדיק ווי אַ קליין פאָלק, מיט אַ גרויסער פאַרגאַנגענהייט און מיט אַ פרישער מוראדיקער מאַרטיראָלאָגיע, ווערט פּשוט אויסגעליפערט צו אַ רוצחישן מעסער ? דאַקעגן, וויפיל בייזוויליקייט און פּשוט׳ע רשעות האָט אונז באַגעגנט אין די דאָזיקע טעג פון העראָיש־פאַרצווייפלטן קאַמף און גרויסן נסיון ! צי איז אונזער פּראָפּאַגאַנדע אַזוי שלעכט געווען אָדער איז דאָס געוויסן פון דער וועלט אַזוי געמיין און ברוטאַל געוואָרן ? מיר ווילן און קאָנען נישט פאַרלירן דעם לעצטן גלויבן אין דער מענטשהייט, אין איר קולטור און מאָראַל, און מיר רופן צו איר : איצט אָדער קיינמאָל האָט איר צו באַווייזן, צי די וועלט־מענטשהייט און איר געוויסן זיינען נאָך בנמצא אָדער אַלץ איז שקר וכזב, ס׳איז נישטאָ קיין מענטשהייט און ס׳איז נישטאָ קיין געוויסן !

דאָס יידישע בלוט שרייט צום הימל, די יידישע טראַגעדיע איז מוראדיק ערנסט, אונזערע ליידן און קאַמפן מוזן דערשיטערן די וועלט און אירע בעסטע, איידלסטע פירער ! דאָס אַלטע יידישע פאָלק מיט אַ געשיכטע פון כמעט 4000 יאָר, מיט אַ מאַרטיראָלאָגיע פון 2000 יאָר, דאָס פאָלק פון תנ״ך און אייביקער נביאים־מאָראַל ווענדט זיך איצט צו דער גאַנצער וועלט : גיט אונז דאָס שטיקל לאַנד ביים ים התיכון, די קליינטשקע מלוכה אין ארץ־ישראל ! זאָל שוין אַמאָל נעמען אַ סוף צו אונזערע אומדערהערטע ליידן, צו אונזערע דורות־לאַנגע פּייניקונגען, צו אונזערע טראַגישע וואַנדערונגען !

מיר ווילן זען, וואָס די וועלט וועט ענטפערן אויף אונזער וויי־געשריי. פון דעם דאָזיקן ענטפער וועט אָפּהענגיק זיין נישט נאָר אונזער גורל נאָר אויך דער גורל פון דער וועלט־מענטשהייט בכלל.



# על־אַלאַמעין און ווייטן סיביר

ס'איז נישט קיין געאָגראַפישער טעות, על־אַלאַמעין ליגט נישט אין סיביר. עס איז אַלגעמיין באַקאַנט, אַז על־אַלאַמעין איז אַן אָרטשאַפט נישט ווייט פון דער מצ־רישער גרענעץ און פון סועץ־קאַנאַל, און דאָרט איז פאָרגעקומען די באַרימטע שלאַכט, וואָס האָט אַנטשידן וועגן דעם גורל פון נאָענטן מזרח און קודם כל וועגן דעם גורל פון ארץ־ישראל.

אין יענער צייט, ווען ס'איז געגאַנגען דער לאַנגער און שווערער געראַנגל אין צפון־אַפריקע, פאַר און נאָך טאָברוק, זיינען מיר, אַ גרופּע יידן, פאַרשיקטע אין ווייטן סיביר, אין דער פאַרוואָרפענער יאַקוטסקאַיאַ טאַיגאַ, ביי דער סאַמע יאַפּאַני־שער גרענעץ, אַרומגעגאַנגען פאַרזאָרגט וועגן דעם גורל פון ארץ־ישראלדיקן ישוב, וואָס איז אין זיין עצם־קיום געפערלעך באַדראָט געווען צוליב דעם כסדרדיקן מאַרש פון ראָמעל, דעם באַרימטן דייטשן גענעראַל.

דער ווינטער הויבט זיך אָן אין דער סיבירער טאַיגע גאַנץ פרי. שוין ענדע אוי־גוסט איז אַלץ אַרום אונז געווען באַדעקט מיט אַ ים פון שניי, און דער פראָסט איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. אונז, די יידישע „לעסאָ־ראָבן" (וואַלד־אַרבעטער) פון פּוילן, האָבן דעמאָלט, פאַרשטענדלעך, נישט געפעלט קיין דאגות און צרות. די גע־דאַנקען זיינען אָפט געווען ביי די נאָענטסטע, וואָס פייניקן זיך אונטער היטלערס ממשלה, און דער זינדיקער גוף איז כסדר פאַרפרוירן געוואָרן אין דעם פאַרשנייטן און פון דער וועלט אָפּגעשניטענעם טאַיגע־וואַלד. אָבער צופעליק זיינען מיר אַלע געווען ציוניסטן. מיר פלעגן זיך, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, וואַרפן אויף אַ נומער פון „פּראַוודאַ", וואָס אונזער „דעסיאַטניק" פלעגט אונז פון צייט־צו־צייט ברענגען. „ווו האַלט ער שוין דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער דייטש, ראָמעל?" און „וואָס וועט ווערן פון אונזער ארץ־ישראל"? אָט די דאָזיקע זאָרגן האָבן ביי אונז פאַרנומען, ביי טאָג און ביי נאַכט, נישט דעם לעצטן פּלאַץ.

די דאָזיקע צייטן און איבערלעבענישן ווערן איצט ווידער אויפגעפרישט אין אונזער זכרון, בעת מיר לייענען אין אַ פּאַריזער צייטונג אַ סקיצע פון ז. סעגאַלאָ־וויטש א. נ. „אין די טעג פון על־אַלאַמעין". דער באַרימטער יידישער ראָמאַניסט, וועלכער האָט זיך בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה געראַטעוועט פון פּוילן קיין ארץ־ישראל, גיט איבער אויף זיין ספּעציפישן געפיל־און־טאַלאַנטפולן אופן די שטימונ־גען, וואָס האָבן אים און דעם גאַנצן ישוב, דעמאָלט באַהערשט: „עס האָט זיך דער־פילט אַ שווייגנדיקע פאַרלוירנקייט. פון איין זייט גייט דער ראָמעל און פון אַלע אי־בעריקע זייטן, איז מען אַרומגערינגלט מיט אַראַבער, מיט אַזאַ עלעמענט, וואָס וועט קיין איינעם פון אונז נישט דורכלאָזן לעבעדיקערהייט. ניין! פון ארץ־ישראל וועט מען נישט אַנטלויפן. מען איז פאַרמשפּט!"... „די אַראַבער האָבן גענומען צופיל שפּאַ־

צירן איבער תל־אביב. זיי האָבן געריסן די קעפּ צו די הויכקייטן פון מויערן, אַריינגעקוקט אין די פענסטער, זיי האָבן געשאַצט דאָס פאַרמעגן, וואָס דאַרף אַריינפאַלן צו זיי, ווי נאָר דער דייטש וועט אַריינקומען". דאָס שווייגן פון פאַרלוירענע, פון פאַרמשפּטע, האָט זיך מיט איר שווערער, שרעקלעכער אומעט געלייגט אויף די גאַסן פון דער זוניקער, תמיד־לוסטיקער און צאַפּלדיק־לעבעדיקער תל־אביב. וואָס איז איר נאָך געבליבן צו טון ביי דער דאָזיקער האָפנונג־לאָזער לאַגע? צו שטאַרבן מיט כבוד, ווייל: „דאָ וועט מען זיך נישט לאָזן שעכטן!" „נאָך גוט איז דאָס, וואָס מען וועט שטאַרבן אויף דער אייגענער ערד!", „מיין לעבן וועל איך לייכט נישט אָפּגעבן!".

„יעדע לעצטע האָפענונג איז שוין פאַרלוירן געגאַנגען. אויף די גאַסן פון תל־אביב האָט מען אַלץ מער געזען פּליטים פון מצרים און אַ סך ענגליש מיליטער, וואָס איז נישט געגאַנגען צום פראָנט, נאָר האָט זיך צוריקגעצויגן פון פראָנט. די ענגלענדער האָבן גענומען עוואַקואירן זייערע פרויען און קינדער. זיי האָבן אָוועקגעשיקט אַ סך באַאַמטע און געפּאַקט אין קאַסטנס די אַרכיוון. מען האָט עס געזען, מען האָט שוין געוווסט, עס דערנענטערט זיך דער חורבן, היטלער קומט אַהער. ער קומט פאַרלעשן אויך די זון פון פונדאַנען, די זון פון ארץ־ישראל".

דער דיכטער סעגאַלאָוויטש געפינט די צאַרטע, פיינע און אמתע אויסדרוקן פאַר דעם, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין דער נשמה פון ישוב. אַנדערע האָבן דאָס אָן ווערטער געפילט, זיי האָבן געשוויגן און געליטן. „מער פאַר אַלעמען האָבן געליטן די יעניקע, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז דאָ אין ארץ־ישראל איז מען שוין זיכער. אַ גאַנץ לעבן האָבן זיי גערופן צו די יידן פון אַלע לענדער: קומט אַהער! גלות איז אַן אייביקע סכנה, קומט קיין ארץ־ישראל!".

סעגאַלאָוויטש דערציילט ווייטער אין זיין סקיצע „אין די טעג פון על־אַלאַמעין", ווי בעת איינער פון די דאָזיקע האָפנונגסלאָזע, פינסטערע נעכט, ווען ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַלץ איז שוין פאַרלוירן, און מ'זיצט ביים טישל פון קאַפע־הויז ווי ביים בעט פון אַ גוססדיקן נאָענטן, איז דער באַוווסטער פּאָליטישער זשורנאַליסט ד"ר ע. קאַרלעבאַך געקומען מיט די לעצטע ידיעות פון ראַדיאָ: „די וועלט האַלט, אַז ארץ־ישראל איז פאַרלוירן, די ענגלענדער האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם גאַנצן מיטעלן מזרח, די דייטשן האָבן אָנגעזאַמלט ביי דער ארץ־ישראלדיקער גרענעץ גרויסע כוחות און אונז איז קיין האָפענונג נישט מער פאַרבליבן!".

דאָס איז געווען די לאָגישע שפּראַך פון טאַטזאַכן, דוכט זיך אַ מאַטעמאַטישע זיכערקייט. און דאָך עקזיסטירט אויסער דער מענטשלעכער לאָגיק פון טאַטזאַכן און מאַטעמאַטישע זיכערקייטן, אַן אומבאַקאַנטע און פאַר אונזער מענטשלעכן שכל אומפאַרשטענדלעכע זאַך, וואָס רופט זיך גורל, אַ געזעץ פון העכערער באַשטימונג אָדער, אויב איר ווילט, רופט עס השגחה עליונה.

דעמאָלט, ווען מיר האָבן, צענדליקער טויזנטער קילאָמעטער ווייט פון ארץ־ישראל, אין דער סיבירער טייגע, ביי אַ גרויסן פראָסט און קליינעם האָלץ־פייער, געכאַפּט אַ קוק אין דעם פרישן „פראַוודאַ"־נומער און ס'איז אונז פינסטער געוואָרן אויף דער פאַרגליווערטער נשמה צוליב די שלעכטע ידיעות, האָט איינער פון אונז פלוצלונג אויסגערופן:

„איר וועט זען, אַז די השגחה עליונה וועט נישט פאַרלאָזן אונזער ארץ־ישראל!"

און אַזוי איז עס טאַקע געשען. סעגאַלאָוויטש פאַרענדיקט זיין סקיצע מיט די

ווערטער „עפּעס און עמיצער האָט אונז געראַטעוועט. ווייזט עס אויס, אַז גרויסע און שטאַרקע אַרמייען קאָנען אויך צעבראָכן ווערן. און ניסים קאָנען געשען!".

ס'איז קלאָר, אַז בלויז מיט ניסים קאָן מען נישט לעבן. סיי דער יחיד און סיי דער כלל טאָרן זיך נישט פאַרלאָזן סתם אויף ניסים, נאָר מוזן בויען אויף רעאַלע, מאַטעריעלע כוחות און יסודות. אָבער אויסער די דאָזיקע קלאָרע און פאַרשטענדלעכע מאַטעריעלע עלעמענטן, עקזיסטירן נאָך אין לעבן, סיי אין דעם אינדיווידועלן און סיי אין דעם קאָלעקטיוון, העכערע, אָפט אומפאַרשטענדלעכע כוחות פון דעם, וואָס מיר רופן השגחה עליונה. דער קיום מוז זיך באַזירן אויף מאַטעריעלע יסודות, אָבער מ'טאָר נישט נעגירן די מיסטעריעזע, גייסטיקע און מאָראַלישע כוחות, וואָס דעצידירן אָפט וועגן דעם גורל פון א יחיד און כלל. פיזישער כוח איז א גרויסער פאַקטאָר אָבער אמונה און התלהבות שאַפן נישט איינמאָל וווּנדער.

דאָס מוז מען אונטערשטרייכן היינט, ווען פאַר אונזערע אויגן איז אויפגעשטאַנען, ממש דורך א נס, די באַנייטע יידישע מלוכה. א סך קלוגע יידן ווילן היינט געווי, לאָגיש און כמעט מאַטעמאַטיש באַרעכענען, ווו ס'איז בעסער און זיכערער צו פאָרן, קיין ישראל אָדער קיין אַמעריקע, צי אויסטראַליע. פאַרשטענדלעך, אַז זייער „שכל הישר" וועט זיי פּרוּוון צו איבערצייגן, אַז בעסער און זיכערער איז מעבר לאוקינוס. מוז מען די דאָזיקע יידן נאָך איינמאָל וואָרענען: געדענקט יידן, אַז נישט אַלץ איז אייער סוחרישער שכל און לאָגישע אויסרעכענונג, לערנט פון דער פאַרגאַנגענהייט! זאָלן אייך תמיד אין זכרון בלייבן די ווערטער אַרויסגעזאָגטע אין ווייטן סיבירער וואַלד:

„איר וועט זען, אַז די השגחה עליונה וועט נישט פאַרלאָזן אונזער ארץ־ישראל!"



ראָבערט שטריקער

# צום אָנדענק פון ראָבערט שטריקער

מיט א קורצער צייט צוריק איז אין לאָנדאָן דערשינען א בוך, געווידמעט דעם אָנדענק פון אומפארגעסלעכן מנהיג פון עסטרייכישן יידנטום און ציוניזם, ראָבערט שטריקער. דאָס בוך איז דערשינען אין ענגליש, אונטער דער רעדאקציע פון באַוווסטן ציוניסטישן שריפטשטעלער יוסף פרענקעל. פארשידענע עסקנים און זשורנאַליסטן, וואָס זענען נאָענט געשטאַנען צו ראָבערט שטריקער, שילדערן פאַר אונז די איידעלע און גלייכצייטיק קעמפערישע געשטאַלט פון דעם טראַגיש־אומגעקומענעם עסטרייכיש־ציוניסטישן מנהיג.

ראָבערט שטריקער האָט געהערט צו דער אַלטער און טרייער הערצל־גוואַרדיע. נאָך ערב דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, גלייך נאָך הערצלס מאָן־רוף צום יידישן פאָלק, האָט ער זיך געשטעלט בראש פון דער יידישער סטודענטנשאַפט אין דער עסטרייכישער פּראָווינץ, אַגיטירנדיק אין וואָרט און שריפט פאַר דער נייער ציון־באַוועגונג. דער מלוכהש־ציוניסטישער וועלט־אָנשויאונג איז שטריקער טריי געבליבן זיין גאַנץ לעבן און האָט איר געדינט מיט אַלע זיינע כוחות און טאַלאַנטן במשך א האַלבן יאָרהונדערט. דער סטודענט ראָבערט שטריקער איז שפּעטער געוואָרן א הויכער עסטרייכישער באַאַמטער און בארימטער פּאַרלאַמענטאַריער, יאָרצענטער זענען פאַרגאַנגען און זיינע שוואַרצע געדיכטע קאָפּ־ און באָרד־האָר זענען מיט ווייסקייט פאַרזילבערט געוואָרן, אָבער שטריקערס נשמה און האַרץ זענען געבליבן פריש און ענטוזיאַסטיש, ווי אין די ערשטע פלאַמיקע סטודענטן־יאָרן. מיט א יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט און פייערדיקער, געפילפולער עלאָקווענץ האָט ער מיטגעריסן און באַהערשט די ווינער יידן, וואָס פלעגן קומען אויף זיינע מאַסן־מיטינגען.

אויסערגעוויינלעך איז געווען שטריקערס אַרבעטס־קראַפט. ער איז אין דער תקופה נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה שעף־רעדאַקטאָר פון דעם גרויסן ציוניסטישן טאָגבלאַט „ווינער מאָרגענצייטונג”, פאַרטרעט די ווינער יידן אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אַלס דעפּוטאַט, איז אָנפירער און אומדערמידלעכער דערציער פון די עסטרייכישע ציוניסטן, אַרבעט אינטענסיוו פאַר די ציוניסטישע פאָנדן און קולטור־אינסטיטוציעס, קעמפט אומברחמנותדיק קעגן דער יאַהודיש־פּלוטאָקראַטישער הער־שאַפט אין דער ווינער קהילה און קעגן דער אַסימילאַטאָרישער ריכטונג פון די יידיש־עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אין זיינע אומצאָליקע רעדעס און אַרטיקלען, קעמפט שטריקער מיט אויפריכטיקן פּאַטאָס, מיט וווּנדערבאַרער ערלעכקייט, מיט יוגנטלעכן ענטוזיאַזם, מיט אָנערקענטן אויטאָריטעט און טאַלאַנט. זיינע ווערטער שפּרודלען מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט פאַרן נאַציאָנאַלן יידנטום און זיינע

אידעאַלן, און מיט קריטיק און צאָרן קעגן אַלע אונזערע שונאים, אויסערלעכע און אינערלעכע.

שטריקער באַטייליקט זיך כמעט אין אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן און יידישע וועלט־צוזאַמענפאָרן. ער ווערט געוויילט אַלס וויצע־פּרעזידענט פון ציוניסטישן אַק־ציאָנס־קאָמיטעט און איז אַ פּראָמינענטער פאָרשטייער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. זיין ערלעכער נאָמען און ציוניסטישער פּאַטריאָטיזם ווערן פון אַלע אָנערקענט און רעספּעקטירט. זיין שיטה אין ציוניזם איז געווען און געבליבן אַ הערצליאַנישע, אַ מלוכהש־ציוניסטישע. שטריקער האָט שאַרף באַקעמפט פּראָפ. ווייצמאַנס אידעאָ־לאָגישע און טאַקטישע פירונג און האָט אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן, אין אַק־ציאָנס־קאָמיטעט, אין דער ציוניסטישער פּרעסע און עפנטלעכקייט געקעמפט פאַר דעם קאָמפּראָמיסלאָזן, פולבלוטיקן פּאָליטישן ציוניזם און זיין יידנשטאַטלערישן פּראָגראַם. צוזאַמען מיט יצחק גרינבוים, נחום גאָלדמאַן און אַנדערע באַוווסטע ציוניסטישע עסקנים, גרינדעט שטריקער דעם „פאַרבאַנד פון ראַדיקאַלע ציוניסטן" (אין פּוילן באַקאַנט אַלס „על המשמר"), וואָס שטעלט זיך אַלס ציל צו קעמפן קעגן ווייצמאַנס אַפּמאַך מיט דער אַסימילירטער פּלוטאָקראַטיע וועגן אַ פאַרברייטערטער „אַגענץ" און קעגן דער אָפיציעלער נאָכגעבערישער טאַקטיק פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. ווען דער דאָזיקער פאַרבאַנד איז זיך צעפאַלן, פאַרייניקט זיך שטריקער מיט זאב זשאַבאָטינסקי'ס רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. אָבער ווען זשאַבאָטינסקי און די מערהייט פון די רעוויזיאָניסטן פאַרלאָזן די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע, בלייבט שטריקער טריי הערצלס שאַפונג און איז ממשיך אין די ראַמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זיין אָפּאָזיציאָנעלן קאַמף. מ'האָט שטריקערן פאָרגע־וואָרפן זיין אָפּט טוישן די פּאַרטיי־צוגעהעריקייט. אָבער דאָס איז נישט געווען זיין שולד. אַנדערע האָבן זיך געענדערט און נישט ער. ווייל שטריקער איז פון זיין אָנ־הויב ביז צו זיין טראַגישן סוף געבליבן טריי זיך און זיין ציוניסטיש־הערצליאַנישער וועלט־אַנשויאונג.

ראָבערט שטריקער האָט נישט געהערט צו די אַזוי־גערופענע „לייכטע מענטשן". ער האָט אַ סך פאַרלאַנגט פון זיך און פון אַנדערע. דער ציוניזם איז פאַר אים געווען און כל ימיו געבליבן אַ שווערע, הייליקע אויפגאַבע. ער האָט נישט אין ציוניזם געזוכט דעם באַקוועמען וועג פון כיבודים און הכנסות. סיי אין דער עסטרייכישער באַוועגונג און סיי אין וועלט־מאַסשטאַב האָט ער שאַרף באַקעמפט דעם מאַטעריאַ־ליסטישן און ביוראָקראַטישן סיסטעם, וועלכער האָט באַהערשט אַ גרויסן טייל פונם ציוניסטישן לאַגער. אויך אין דער דאָזיקער הינזיכט איז ראָבערט שטריקער געווען אַ טרייער יורש פון טעאָדאָר הערצלס לאָזונג וועגן דעם, אַז דער ציוניזם איז און מוז בלייבן אַן עטיש־ריינע באַוועגונג. הערצלס פּרינציפּ, אַז מ'דאַרף לעבן פאַרן ציוני־זם און נישט פון ציוניזם, איז פאַר שטריקערן געווען אַ הייליקער אימפּעראַטיוו. זיכער האָט זיין פּוריטאַניזם און ריקזיכטסלאָזער קאַמף פאַרשאַפט אים אַ סך קעגנ־ערשאַפטן און אומאָנגענעמלעכקייטן. אָבער אַלע האָבן רעספּעקטירט זיינע גוטע כוונות און אויפריכטיקע ערלעכקייט. ביז צו זיין לעצטער לעבנס־רגע איז שטריקער געבליבן דער סימבאָל פון דער פאַרגאַנגענער ראָמאַנטיש־העראָאישער תקופה אין ציוניזם, וועלכע איז פאַרבונדן און פאַראייביקט מיט דעם נאָמען פון טעאָדאָר הערצל, מאַקס נאָרדוי און פון דער פּלעיאַדע פון זייערע חברים און מיטקעמפער.

די לעצטע יאָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען באַזונדערס שווער געווען פאַר ראָבערט שטריקער. ער האָט געהאַט צו קעמפן אויף אַ עקספּאָנירטער פּאָזיציע, וועלכע איז מיט יעדן יאָר אַלץ מער באַדראָט געווען פון וואַקסנדיקן היטלערישן אַנטיסעמיטיזם. אויך דעם דאָזיקן קאַמף האָט שטריקער געפירט מוטיק און אויסגעהאַלטן ביז צו דער לעצטער רגע. ווען היטלערס חילות האָבן באַזעצט עסטערייך, האָט שטריקער נישט געוואָלט אַנטלויפן פון ווין, הגם ס'איז אים דאָס מעגלעך געווען. דער לאַנגיאָריקער מנהיג פון עסטרייכישן יידנטום און ציוניזם האָט באַשלאָסן צו בלייבן מיט די מאַסן פון זיינע יידישע ברידער, הגם ער האָט גוט געוווּסט, ווי פאַרהאַסט ער איז ביי די היטלעריסטן און אַז זיין נאָמען געפינט זיך אויף דער „שוואַרצער ליסטע" פון די היטלערישע סאַטראַפּן. צוזאַמען מיט צענער טויזנטער ווינער יידן, האָט שטריקער שפּעטער געליטן שווערע יסורים אין די לאַגערן פון דאַכוי, בוכענוואַלד און טערעזיענשטאַט. אָבער אויך דאָ, אין היטלעריסטישן גהינום, איז דער 65־יאָריקער מנהיג געבליבן שטאַרק און מוטיק. ער האָט געטרייסט זיינע אומגליקלעכע ברידער און געוועקט ביי זיי נייע האָפענונגען אויף אַ נאָענטער מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער דערלייזונג. אין אַ פאַרצווייפלטער אַטמאָספערע פון ליידן און בלוט, האָבן זיינע טרייסטווערטער געשטאַרקט דעם גלויבן און געוועקט די אמונה אין גאולת ציון און ירושלים. כמעט ביים סוף פון דער מלחמה איז שטריקער מיט זיין פרוי און מיט אַנדערע 3000 ווינער יידן אַריבערגעפירט געוואָרן קיין בירקענאַו, ווו זיי זענען פאַרגאַזט געוואָרן.

אַ גרויסע זאַך האָט געטון דער אַרויסגעבער־רעדאַקטאָר מיט זיין שטריקער־בוך. אין שווערן קאַמף פאַר מדינת ישראל און קיבוץ הגלויות ווערן אָפט פאַרגעסן נעמען פון ליכטיקע, הערואַישע געשטאַלטן, וואָס האָבן מיט זייער גאַנץ לעבן און טרייער, קרבנותפולער אַרבעט, מיטגעהאָלפן שאַפן די יסודות פאַר דער היינטיקער יידישער מלוכה און אירע דערגרייכונגען. איינער פון די ערשטע און בעסטע פון די דאָזיקע ציוניסטישע מנהיגים איז געווען ראָבערט שטריקער. זאָל דער יונגער ציוניסטישער דור לייענען דעם שטריקער־בוך און שעפּן פון אים נאַציאָנאַלע אמונה און אידעאַליסטישן כוח. די אַרטיקלען און זכרונות פון שטריקערס נאָענטע פריינט און מיטקעמפּער באַלייכטן פאַר אונז די געשטאַלט פון דעם דאָזיקן אומפאַרגעסלעכן מנהיג. ד"ר נחום גאָלדמאַן שרייבט צוו. אַנד.: „ער האָט פאַרמאָגט אַלע נאַטירלעכע אַטריבוטן פון אַ געבוירענעם פּאָלקספירער. איך האָב געהאַט דעם זכות צו קענען שטריקער אַלס אַ חבר. ס'איז געווען אוממעגלעך צו אַרבעטן מיט אים און נישט ווערן צוגעבונדן צו אים. אַזוי שטאַרק זענען געווען די האַרציקייט און דער חן, וואָס האָבן געשטראַלט פון זיין פּערזענלעכקייט". מאיר גראָסמאַן שילדערט אין זיין אַרטיקל די פּערזענלעכע, וווּנדערבאַרע מעלות פון שטריקערן, וועלכע האָבן באַגייסטערט און מיט זייער טיפער ערלעכקייט באַצוווּנגען אַלע, אויך אַזעלכע ציוניסטן, וואָס זענען אידעאָלאָגיש ווייט געשטאַנען פון שטריקערס שיטה. דער ציוניזם און זיין געשיכטע האָבן נישט צו פאַרצייכענען אַ סך אַזעלכע מענטשן פון שטריקערס קוואַליטעט. „איך האָב פיל געלערנט פון שטריקערן, און זיין זעלטענע געשטאַלט איז שטענדיק פאַר מיינע אויגן אַלס אַ מוסטער פון גוטס", שרייבט גראָסמאַן און פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „ראָבערט שטריקער, אַ מנהיג פון זיין פאָלק, האָט געלעבט מיט זיין פאָלק און פאַר זיין פאָלק. ער איז געשטאָרבן, אַזוי ווי עס זענען

געשטאָרבן מיליאָנען פון די יידן, פאַר וועמען זיין גאַנץ לעבן איז געווען געווידמעט. זיין נאָמען וועט דערמאָנט ווערן מיט דער באַגייסטערונג און מיט דער ליבע, וועלכע ער האָט פאַרדינט".

אין דעם זעלבן גייסט און שפּראַך פון באַוווּנדערונג און אַפּאָטעאָז זענען גע־שריבן אויך אַנדערע אָפּהאַנדלונגען אין שטריקער־בוך. זיכער איז דאָס אַן אָנהויב פון אַ גאַנצער ביכער־סעריע, וואָס וועט זיין געווידמעט דער ליכטיקער געשטאַלט פון אומפאַרגעסלעכן עסטרייכיש־ציוניסטישן מנהיג און זיין תקופה און סביבה. דער אָנהויב, וועלכן יוסף פרענקעל האָט געמאַכט, איז אַ געלונגענער, סיי לויט זיין אינהאַלט און סיי לויט זיין פאָרם.



אויף אַ באַזוך ביי הערצל'ס קבר (ווין, י. 1932)
פון לינקס: י. ראָזאָוו, מאיר גראָסמאַן, ז. זשאַבאָטינסקי און ד. שטריקער

# די נאַכט פֿון די לאַנגע מעסערס אין באַגדאַד

געווען איז דאָס אין יאָר 1942, אין סאַמע ברען פֿון דער היטלעריסטישער וועלט־מלחמה. די נאַציישע בעסטיע האָט פֿעסט געהאַלטן אין אירע בלוטיקע לאַפּעס אַ קאָלאָסאַלע אימפּעריע פֿון די פּירענייען ביז צום קאַווקאַז און פֿון די נאָרוועגישע פֿיאָרדן ביז צו די מצרישע מדבריות. היטלער האָט זיך געגרייט אָפּצושניידן ענגלאַנד פֿון זיין לעבנס־וועג קיין אינדיע און דער „גרויסער מופֿטי" פֿון ירושלים, אל הוסייני איז אין בערלין צוזאַמען מיט זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער און מיט באַהאַונטע אין אָריענט־ענינים, געסטאַפּאָ־ספּעציאַליסטן, געזעסן פֿלייסיק ביי די אויסשטודירטע פּלענער, וואָס האָבן געדאַרפֿט מאָביליזירן די גאַנצע אַראַביש־מוזולמענישע וועלט לטובת דעם אַנטשיידנדיקן קלאַפּ, וועלכן היטלער האָט צוגעגרייט קעגן דער וועלט־מענטשהייט, קעגן די לעצטע באַסטיאָנען פֿון דער ציוויליזאַציע.

אינעם האַרצן פֿון דער אַראַביש־מוזולמענישער וועלט, אין היינטיקן איראַק און אַמאָליקן ארם־נהרים, האָבן נאַציישע אַגענטן באַהערשט די רעגירונג. מיט עכט־פּרייסישער חוצפּה, זיינען דייטשע אָפּיצירן און געסטאַפּאָ־לייט אַרומגעגאַנגען און אַרומגעפּאָרן, אין לוקסוס־לימוזינעס, איבער די גאַסן פֿון דער איראַקישער הויפּטשטאָט באַגדאַד. די אַלטע, טויזנטער־יאָרן צייִלנדיקע שטאָט פֿון די אַמאָליקע אָריענטאַלישע מלכים און קאַליפֿן, איז מיט איר גאַנצער פֿאַנטאַסטישער פּראַכט און פֿאַרכּישופֿטער שיינקייט, געבליבן כּמעט־נישט־פֿאַרענדערט זינט יענער לעגענדאַרער תקופֿה פֿון גרויסן קאַליף האַרון־אַל־ראשיד און פֿון  די וווּנדערבאַרע דערציילונגען פֿון „טויזנט־און־איין־נאַכט".

באַגדאַד האָט אויף אירע אַלטע, פֿאַרצויבערטע געסלעך און עקזאָטיש־ברייטע, באַפּוצטע פּלעצער געזען, במשך איר לאַנגער היסטאָרישער פֿאַרגאַנגענהייט, פֿאַרשידענע דעראָבערישע מחנות, וואָס האָבן זיך דאָ אַריינגעריסן מיט אַ ווילדן אימפּעט און באַרבאַרישער גיריקייט, בכדי אַרויסצורויבן אירע פּאַלאַצן און מעטשעטן, אירע אָנגעזאַמלטע רייכטימער און אוצרות. צי האָט באַגדאַד פֿון יאָר 1943 תופס געווען, אַז אויף אירע גאַסן בושעווען די גרעסטע מערדער און די געמיינסטע רויבער, וועלכע די וועלט־געשיכטע האָט ווען עס איז געזען?

די איינציקע, וועלכע האָבן באַלד דאָס פֿאַרשטאַנען, זיינען געווען די אומגליקלעכע באַגדאַדער יידן. העכער 40 טויזנט יידישע נפשות האָבן דאָ געלעבט, זינט לאַנגע דורות, מיט גרויסע זכרונות און אייגנאַרטיקע טראַדיציעס. אַ טייל פֿון די באַגדאַדער יידן האָט גוט געלעבט און אַן אַנדערער טייל האָט שלעכט וועגעטירט. דער צווייטער טייל איז געווען דער רוב מנין ובנין פֿון דער באַגדאַדער קהילה. די אַראַבישע שכנים זיינען געווען פֿאַנאַטיש־געשטימט, זייערע אויגן האָבן מיט קנאה

און שנאה געקוקט אויף יעדן ביסן, וועלכן אַ ייד האָט אַראָפּגעשלונגען. די באַגדאַדער יידן האָבן אָפּט געחלומט וועגן ציון און ארץ־ישראל, וואָס וועט זיי דערלייזן פון דער פּרעמדער שקלאַפעריי, מ׳האָט גערוואַרט אויף משיחן און מיט אַ טיף געפיל דערוויל איבערגעחזרט די אַלטע תפילות פון „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים" און „לשנה הבאה בירושלים". (אַזוי ווי עס האָבן דאָס זעלבע געטון ווייטע, גאָר ווייטע אשכנזישע יידן אין זייערע מיליאָניקע ישובים, ביי זייערע אַנדערע מושלים און אַנדערע שונאי־ישראל).

צו אַנטלויפן איז שוין געווען צו שפּעט און ס׳איז אויך נישט געווען וווהין. די טויערן פון ארץ־ישראל זיינען געווען פעסט פאַרשלאָסן דורכן ענגלישן מאַנדאַטאָר־אפּוטרופּוס, און אויסערדעם איז דער וועג פון באַגדאַד קיין ירושלים געווען אַ ווייטער און אַ סכנות׳פולער. די נאַציישע אַגענטן האָבן כמעט בפרהסיא מאָביליזירט זייערע אַראַבישע ס. ס.־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך געגרייט צו פּאָגראָמירן די יידישע באַפעלקערונג אין באַגדאַד. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ צייכן צום פּראָ־דייטשן באַוואָפנטן אויפשטאַנד אינעם גאַנצן אַראַבישן אָריענט. דאָס בעסטיאַליש־פאַרגאָסענע יידיש בלוט, האָט געזאָלט צערייצן די ווילדעסטע אינסטינקטן פון מדבר־מענטש, און דאָס הפקרדיקע רויבן יידיש האָב־און־גוטס, האָט געדאַרפט געבן קוראַזש צו דער אַראַביש־נאַציישער „הייליקער מלחמה".

„די נאַכט פון די לאַנגע מעסערס", וואָס האָט זיך ביי היטלערס מאַכט־באַהערשונג אין יאָר 1933, אָנגעהויבן אין דייטשלאַנד, און איז שפּעטער מיטן קריגס־אויסברוך אין יאָר 1939, אַזוי מוראדיק־סאַדיסטיש דורכגעפירט געוואָרן איבער די שוצלאָזע יידישע ישובים אין מזרח און צענטראַל־אייראָפּע, האָט דאָ אויף די ברעגעס פון די אַלטע תנ״כישע טייכן פרת וחדקל, געפונען איר בלוטיקע קאָפּיע. במשך פון אַ פּאָר טעג און נעכט האָבן רוצחישע באַנדעס, אָנגעפירט פון דייטשע געסטאַפּאָ־אַגענטן, געמאָרדעט און גערויבעוועט די יידישע באַפעלקערונג אין באַגדאַד. טויזנטער יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, מיט קראַנקע און זקנים זיינען אויסגעקוילעט אָדער שווער פאַרוואונדעט געוואָרן, מען האָט לויט דעם נאַציישן שטייגער, געשניטן יידישע העלזער מיט מעסערס און מוראדיק געפּייניקט. ס׳איז נישט פאַרבליבן קיין איינציק יידיש הויז אין באַגדאַד, וועלכעס איז נישט פולשטענדיק באַרויבט געוואָרן.

דער אַראַביש־דייטשישער אויפשטאַנד־פּלאַן האָט זיך, צום גליק, נישט איינגעגעבן. ביי די טויערן פון סועץ און אויף די פעלדער פון סטאַלינגראַד איז צעשמעטערט געוואָרן דער חוט השדרה פון דער נאַציישער בעסטיע. דער היטלעריזם האָט געליטן אַ וויסטע מפּלה, דאָס פאַרברעכערישע דייטשלאַנד איז באַזיגט און באַזעצט געוואָרן פון די אַלירטע אַרמייען.

זעקס יאָר זיינען פאַרגאַנגען זינט יענער שרעקלעכער „נאַכט פון די לאַנגע מעסערס אין באַגדאַד". אָבער אין אַלע אַראַבישע לענדער, אין מצרים און סיריע, אין לבנון און איראַק, אין תימן און אין מאַראָקאָ, איז ביז היינט געבליבן אַזאַ מנהג, אַז ווי נאָר די אַראַבער הויבן אָן צו רעדן וועגן און קעגן די יידן, שרייען זיי פאַרביסן אויס:

„געדענקט יידן, וואָס מען האָט אייך געטון אין באַגדאַד!"

אַן ערך אַ מיליאָן יידן געפינען זיך היינט אין די אַראַבישע לענדער. אונזערע אומגליקלעכע ברידער ווערן דאָרט אומברחמנותדיק פאַרפאָלגט, געפּייניקט, אויסגע־

רויבט, מאָראַליש דערנידעריקט און פיזיש פאַרניכטעט. אַ מיליאָן מענטשן, אומשול־דיקע און שוצלאָזע, זיינען אויסגעליפערט הפקרדיק, מיט זייער לייב און לעבן צו די ערגסטע, ווילדסטע אינסטינקטן פון מדבר־מענטש. און די וועלט שווייגט! די דאָזיקע מכלומרשט קולטורעלע, ציוויליזירטע, קריסטלעכע וועלט, האָט זיך רואיק צוגעקוקט, ווען דער היטלעריסטישער רוצח האָט אויסגעקוילעט זעקס מיליאָן יידן! זי קוקט זיך היינט צו רואיק און געלאַסן, ווען איין מיליאָן אָריענטאַלישע יידן ווערן אומברחמנותדיק פאַרפייניקט דורך די היטלערישע יורשים אין די אַראַבישע לענדער. די קרבנות זיינען דאָך נאָר יידן, און יידיש בלוט איז דאָך הפקר! דאָס האַרץ און דאָס געוויסן פון דער וועלט־מענטשהייט בלייבן קאַלט און פּאַסיוו לגבי דער נייער יידן־שחיטה!

יאָ, זיי האָבן רחמנות און געפיל פאַר די אַראַבישע פּליטים פון ארץ־ישראל, וואָס האָבן געוואָלט אויסשעכטן און אויסראַבירן דעם יידישן ישוב און דער דאָזיקער „פיינער“ פּלאַן איז זיי נישט געלונגען. די אַראַבישע פּליטים פון ארץ־ישראל פייניקן זיך איצט צווישן זייערע אַראַבישע ברידער, וואָס פאַרמאָגן ריזיקע, ליידיקע ערד־שטחים, אייגענע 7 מלוכות, קאָלאָסאַלע נאַטירלעכע אוצרות און געלט־פאַרמעגנס. פאַר די דאָזיקע „אומגליקלעכע“ אַראַבישע פּליטים זאַמלט מען אין דער וועלט נדבות און מ׳שיקט טראַנספּאָרטן מיט קליידער און פּראָדוקטן. פאַר די אַראַבישע גויים האָט די קריסטלעכע קולטור־וועלט רחמנות, פאַר די אַראַבישע יידן, וואָס ווערן בלוטיק פאַרפייניקט, האָט מען נישט קיין ברעקל רחמנות אָדער געפיל!

בייזוויליקע פּראָפּאַגאַנדע פּרוווט צו דערקלערן די יידן־רדיפות אין די אַראַבישע לענדער, מיטן ציוניזם און זיינע מלוכהשע אַספּיראַציעס. מיט דורות צוריק, ווען ס׳איז נאָך נישט פאַראַן געווען קיין סימן פון אַ ציוניסטישער באַוועגונג און פון יידיש־מלוכהשע אַספּיראַציעס, זיינען יידן אין תימן און מאַראָקאָ, אין סיריע און איראַק באַהאַנדלט געוואָרן ווי שקלאַפן, זיינען בלוטיק פאַרפאָלגט געוואָרן. אין יאָר 1942 איז נאָך קיין יידישע מלוכה נישט געווען, אָבער אַ נאַכט פון די לאַנגע מעסערס אין באַגדאַד, איז יאָ געווען! די צאַריסטישע מושלים האָבן פאַר זייערע יידן־פּאָגראָמען געהאַט אַ פאַרטיקן תירוץ: די באַטייליקונג פון די יידן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אפילו דער צינישער מאַסן־מערדער היטלער האָט פאַר זיינע יידן־שחיטות געזוכט און געפונען אַ תירוץ. ווען מ׳וויל יידן מאָרדן און זייער פאַרמעגן רויבן, געפינט מען תמיד דעם נויטיקן אויסרייד!

אין דער אַראַבישער געשיכטע איז פאַראַן, מיט אַ טויזנט יאָר צוריק, אַ גלאַנץ־פּעריאָד פון גרויסער פריינטשאַפט צווישן אַראַבער און יידן. דאָס איז געווען די תקופה פון הערלעכער אַראַבישער מאַכט און קולטור, ווען ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע וועלט וועט דעראָבערט ווערן פון דעם אַראַביש־מוזולמענישן שווערט און גייסט. זינט דעמאָלט האָט זיך אַ סך, אַ סך געענדערט. די אַראַביש־מיליטערישע מאַכט איז געבראָכן געוואָרן, אירע גרויסע קולטור־אוצרות און גייסט־צענטערן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן דורך ווילדע מאָנגאָלישע איבערפאַלן. דער אַראַבישער כוח און גלאַנץ איז אַוועק, געבליבן איז נויט און פוסטקייט פון אַ מדבר.

נישט מיר, יידן, זיינען שולדיק אין דער דאָזיקער היסטאָרישער טראַגעדיע פון דער אַראַבישער אומה. נישט מיר קאָנען זיין דער שעיר לעזאזל פאַר זייערע געבראָכענע האָפענונגען און מאַטעריעל־גייסטיקן חורבן! נישט אויף אונזערע בידנע פּלייצעס טאָר זיך אויסלאָזן זייער כעס צוליב אייגענער מאַכטלאָזיקייט און ירידה.

אויף די ריזיקע אַראַבישע שטחים, וואָס זיינען אַזוי גרויס ווי הונדערטער ארץ־ישראלס, געפינען זיך ווייניק מענטשן און אַ סך פאַרלאָזטע מדבריות, אַמאָל רייכע און פרוכטבאַרע ישובים. די אַראַבישע אומה האָט געגוג, איבערגענוג פרייע פלעצער פאַר איר אַנטוויקלונג און עקספּאַנסיע. דערצו דאַרף מען אָבער האָבן כוח, שעפער־רישן כוח און אַרבעט. לייכטער איז שחטן יידן און רויבן יידיש פאַרמעגן!

אין די אַראַבישע לענדער הערשט נויט און עקספּלאָאַטאַציע. אַ פאַרפוילטער רעזשים פון פעאָדאַלע פריצים האַמעוועט און פאַראַליזירט די מאַטעריעלע און קול־טורעלע אַנטוויקלונג פון די אָריענט־לענדער. דאָס פאָלק הונגערט און ליידט, און זיינע מושלים באַמיען זיך צו קירעווען דעם פאָלקס־צאָרן קעגן די יידן. מיר קאָנען שוין צו גוט די דאָזיקע פאָליטיק און אירע פינסטערע וועגן, מיר ווילן און קאָנען נישט דערלויבן, אַז אַ מיליאָן אונזערע ברידער אין די אַראַבישע לענדער זאָל ווערן אַ קרבן, אַ שעיר לעזאזל פאַר פאַרלאָשענע אַמביציעס און פאַר פאַרסמטע פעאָדאַלע רעזשים־מאַכינאַציעס.

זאָל זי, די פאַלשע און ליגנערישע וועלט, פאַרגיסן רחמנות־טרערן אויפן גורל פון די „אומגליקלעכע אַראַבישע פליטים". מיר יידן, אין דער גאַנצער וועלט, בכל תפוצות ישראל, טאָרן נישט פאַרגעסן אונזערע באמת־אומגליקלעכע ברידער אין די אַראַבישע לענדער. זאָל תמיד אין אונזער זכרון בלייבן די לאָזונג פון די אַראַבישע פאָגראָמשטשיקעס: געדענקט יידן, וואָס מען האָט אייך געטון אין באַגדאַד!"

אין ניו־יאָרק איז איצט געשאַפן געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גע־שטעלט די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן די יידן אין די אַראַבישע לענדער. די אָרגאַ־ניזאַציע רופט זיך מיטן נאָמען: „קאָמיטעט פאַרן מיליאָן פאַרגעסענע", מיר ווייסן נישט גענויער, ווער עס זיינען די גרינדער און פירער פון דעם דאָזיקן „קאָמיטעט פאַרן מיליאָן פאַרגעסענע". מיר ווייסן אָבער, אַז דאָס בלוט פון אונזערע ברידער אין די אַראַבישע לענדער שרייט צום הימל וועגן הילף און רעטונג. עס מוז ענדלעך נע־מען אַ סוף צו דער נאַכט פון לאַנגע מעסערס אין באַגדאַד און קאַיראָ, אין דמשק און אין תימן!



# יידנטום און קריסטנטום

## (אויפן ראַנד פון שלום אַש׳ס ישו־ראָמאַנען)

די טעמאַטיק, וואָס רופט זיך „יידנטום און קריסטנטום" איז אַזוי אַלט, ווי אַלט ס׳איז דאָס קריסטנטום. ס׳איז אַ דבר ידוע, אַז דאָס קריסטנטום איז געבוירן געוואָרן נישט נאָר געאָגראַפיש אין דעם שטח פון יידנטום. אַלע היסטאָרישע און גייסטיקע קוואַלן פון אייגנטלעכן קריסטנטום פירן צוריק צום יידישן מקור. במשך פון די 2000 יאָר, וואָס האָבן געשאַפן די כראָנאָלאָגישע און געשיכטלעכע באַזע פאַר דער טעמאַטיק „יידנטום און קריסטנטום", זענען אָנגעזאַמלט געוואָרן אומצאָ־ליקע פאַקטן, אָפט זייער טרויעריקע און בלוטיקע, און עס זענען געשריבן געוואָרן אומצאָליקע ביכער, אָפט לײדנשאַפטלעכע און שנאה־פולע. פון דעם געדיכטן, דור־רות־לאַנגן קאָמפּלעקס יידיש־קריסטלעכע פּראָבלעמען, ווילן מיר דאָ אונטערשטרייכן און דערמאָנען בלויז אייניקע, ווייניקע, הגם וואָגיקע שטריכן, וואָס שטייען אין אַ דירעקטן צוזאַמענהאַנג מיט שלום אַשס ישו־ראָמאַנען.

קודם כל איז נויטיק אַ פעסטשטעלונג, וועלכע האָט סיי אין דער גאַנצער יידיש־קריסטלעכער טעמאַטיק און סיי לגבי שלום אַשס לעצטער ליטעראַרישער שאַפונג, אַ דעצידירנדיקע באַדייטונג. דאָס קריסטנטום איז קיינמאָל נישט געווען בנוגע צום יידנטום בלויז אַ ריין־רעליגיעזע, קאָנפעסיאָנעלע פראַגע. אונטער דער אויסערלע־כער פאָרם פון קריסטלעכע דאָגמען און געשיכטלעכע טענדענצן האָט געשטעקט און שטעקט ביז היינט אַ פּראַקטישער מהות פון פּאָליטישע און גייסטיקע פּאָסטולאַטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט און שטייען ביז היינט אין אַ בולטן, שאַרפן, אָפט בלו־טיקן, קאָנטראַסט צום יידנטום, אַלס אידייען־וועלט, און קודם כל צום יידנטום אַלס אַ נאַציאָנאַלע געמיינשאַפט פון לעבנס־אינטערעסן, פון פלייש און בלוט. פאַר אונז, מאָדערנע נאַציאָנאַלע יידן, איז דאָס קריסטנטום נישט קיין ענין פון קאָנפעסיאָ־נעלע דיספּוטן אָדער פון ליטעראַרישער פיינשמעקעריי לגבי סענטימענטאַלע אַלט־קריסטלעכע לעגענדעס. ס׳איז אַן ענין פון אונזער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט, פון אונזער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן קיום, פון אונזער אַלטער היסטאָרישער טראַדיציע און דערפאַרונג.

פּאַראַפראַזירנדיק דעם באַוווּסטן אויסדרוק „קונסט לשם קונסט", קאָן מען זאָגן, אַז מיר יידן קאָנען און טאָרן נישט באַהאַנדלען „דאָס קריסטנטום לשם קריסטנ־טום". סתם אַזוי זיך שטעלן לגבי דעם קריסטנטום, ווי ס׳וואָלט געווען עפּעס אַ ווייטע בודדישע אָדער בראַמאַנישע רעליגיעזע סעקטע מיט געוויסע אינטערעסאַנטע צערעמאָניעס, מיט אידעלע כוונות און עטישע פּרינציפּן און מיט עסטעטיש־פיינע,

ראָמאַנטיש־באַצויבערנדיקע לעגענדעס. אַזוי באַקוועם קאָן מען זיך די טעמאַטיק:
„יידנטום און קריסטנטום" נישט מאַכן!

צווישן אונז און דעם קריסטנטום ליגן צוויי טויזנט יאָר פון געשיכטע, לאַנגע דורות פון ביטערע קאַמפן און טרויעריקע דערפאַרונגען. און ווער קאָן מיט אַ לייכטן, בעלעטריסטישן טריט אַריבערשפּרינגען די דאָזיקע 2000 יאָר, ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען במשך דער דאָזיקער גאָר לאַנגער צייט, צווישן אונז און דעם קריסטנטום? וועמען קאָנען מיר דאָס דערלויבן צו טון, און זאָל עס זיין אפילו אַ באַרימטער יידישער שריפטשטעלער פון שלום אַשם מדרגה?

דאָס קריסטנטום איז געבוירן געוואָרן אין אַן אויסערגעוויינלעך־שווערער און טראַגישער תקופה פאַרן יידנטום. מ'איז געשטאַנען אין אַ פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן דער ברוטאַלער און מעכטיקער רוימישער אימפּעריע. דער נאַציאָנאַלער און מלו־כהשער קיום פון יידישן פאָלק איז געווען געפערלעך באַדראָט אין זיין יסוד, דורך אויסערלעכן געוואַלט און אינערלעכן דעפעטיזם. ראַטעווען פון דער גרעסטער נאַ־ציאָנאַלער סכנה און קאַטאַסטראָפע האָט געקאָנט בלויז די סאָלידאַרישע, געאייניק־טע, אויסגעהאַלטענע ווידערשטאַנדס־קראַפט פון דער גאַנצער יידישער אומה. אין יענעם מאָמענט פון אונזער טראַגישן קאַמף פאַרן קיום האומה און מלכות ישראל, איז דערשינען אינערהאַלב פון יידנטום, אויסגעהאָדעוועט צווישן דער פויערישער אָרעמקייט פון גליל און באַאיינפלוסט פון נזיר'שן גייסט פון די איסיים, דאָס קריסטנ־טום. וואָס האָט די נייע ריכטונג געהאַט צו זאָגן דעם פאַרפאָלגטן, פאַרצווייפלטן אין זיין קאַמף, יידישן פאָלק? די „באַרג־פּריידיקט" און אַנדערע עוואַנגעלישע דר־שות פון ישו און זיינע תלמידים האָבן געוואָרפן לאָזונגען, ווי „האָט ליב אייערע פיינט!" „אונזער מלכות איז נישט פון דער וועלט" וכדומה. לויטער אידעלע, פיי־נע, עכט־פּאַציפיסטישע און מענטשן־דערלייזערישע ווערטער, וועלכע האָבן אָבער געפּאַסט צום דאַמאָלסדיקן מצב פון יידישן פאָלק, צו זיינע נויטן און קאַמפן, ווי עס פּאַסט די באַוווסטע שטרויס־פּאָליטיק לגבי אַ געפערלעכער סכנה. דאָס קריסטנ־טום האָט אונז געהייסן פאַרשטעקן דעם קאָפּ צווישן פּוסטע חלומות און גלאַנצ־דיקע פראַזן, בכדי נישט צו זען די געפערלעכע טראַגישע לאַגע פון יידנטום און בכדי צו שטאַרבן אַ מיתה יפה. די פּראָסטע, אָרעמע, נאַאיווע אין זייער פּשטות און אמונה פּויערים און פישער פון גליל האָבן אויפגענומען ישום לערע מיט טרייסט און גלויבערישער רעזיגנאַציע, אָבער פאַר דעם ווייטערדיקן קיום האומה איז דאָס געווען סם המות. דאָס קריסטנטום האָט געפּריידיקט מלכות שמים, דעמאָלט ווען דער קאַמף איז געגאַנגען ווענן מלכות ישראל. געפּריידיקט זעלבסטמערדערישן פּאַ־ציפיזם דעמאָלט, ווען די בעסטע און טרייסטע זין פון פאָלק האָבן פאַרצווייפלט גע־זוכט וואָפן צום פאַרטיידיקן זיך. געפּריידיקט פולשטענדיקע פּאַסיוויטעט דעמאָלט ווען אַלע נאַציאָנאַלע ענערגיעס האָבן געמוזט מאָביליזירט ווערן.

דאָס לעבעדיקע, קעמפנדיקע, נאַציאָנאַלע יידנטום האָט געמוזט, בכדי ווייטער צו לעבן און צו קעמפן, אָפּשטויסן פון זיך דעם דאָזיקן זיסן, פאַרשיכורנדיקן, היי־פּער־גייסטיקן און היפּער־עטישן, אָבער פאַרן קיום האומה, געפערלעכן ישו־גלויבן. דאָס קריסטנטום איז געוואָרן ברוגז, ס'איז אַוועק פון יידישן מקור, ס'האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן יעדן סימן פון יידישער צוגעהעריקייט, ס'איז געוואָרן קאָסמאָפּאָלי־טיש, וועלט־דעראָבעריש, צוערשט בלויז אין גייסטיק־רעליגיעזער הינזיכט און דאַן,

מיט יעדן דור מער, אויך, און אפשר בעיקר, אין דעם פּשוטסטן, מאַטעריעלן זין. פון דער אָרעמער יידיש־איסייאישער סעקטע אין גליל איז געוואָרן די וועלט־מאַכט פון דער קאַטוילישער קירך. פון די אַמאָליקע איידעלע, מענטשן־דערלייזערישע אי־דייען איז קיין זכר נישט געבליבן. אין דער עוואַנגעליע איז געווען געשריבן ישום תורה וועגן ליב האָבן אפילו דעם שונא, אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָבן די פּעל־קער, וואָס זענען געוואָרן גלויביקע קריסטן, געקעמפט צווישן זיך מיט אַ טיפער שנאה און מיט בלוטיקע מלחמות, און אַלע צוזאַמען סאָלידאַריש, מיט דער ברכה פון קריסטלעכן קלער און פּויפּסט, האָבן דערנידעריקט און פאַרפאָלגט אויף יעדן שריט און טריט, מיט אַלע מיטלען און כוחות, דאָס צעזייטע און צעשפּרייטע נאָכן חורבן ירושלים, יידישע פאָלק. במשך דעם גאַנצן מיטלאַלטער און אפילו נייצייט, איז די טעמאַטיק „יידנטום און קריסטנטום" פול מיט אונזער בלוט און מיט אונ־זערע טרערן, פול מיט אונזערע צרות און רדיפות, וועלכע מיר האָבן געהאַט אויס־צושטיין פון קריסטנטום און אין נאָמען פון קריסטנטום. דאָס איז נישט קיין סתם ליטעראַרישע טעמאַטיק, נאָר אַ טראַגישע, טרויעריקע, בלוטיקע לעבנס־טעמאַטיק פון אונזערע אבות במשך לאַנגע דורות אין פאַרפּייניקטע, פאַרחושכטע געטאָס און מחוץ די געטאָס. דאָס פאַרגעסט זיך נישט אַזוי לייכט און טאָר זיך נישט פאַרגעסן ! אויך אַ גרויסער יידישער שרייבער, אויב ער איז באמת פאַרבונדן מיטן יידישן עבר און הוה, טאָר עס נישט פאַרגעסן!

מיר קאָנען און טאָרן נישט פאַרגעסן די חרפּה פון דער קריסטלעכער וועלט בימי היטלער י"ש, ווען די קריסטלעכע קירכן האָבן געקאָנט ראַטעווען אַ גרויסן טייל פון אונזערע ברידער און שוועסטער און האָבן עס נישט געטון. דער פּויפּסט האָט נישט פּראָטעסטירט קעגן די שווידערלעכע היטלערישע רציחות קעגן יידן, און די אין פּוילן מעכטיקע קאַטוילישע קירך, וועלכע האָט געקאָנט לייכט קומען אונז צו הילף, איז געבליבן לגמרי פּאַסיוו. וואָס פאַרא קאָלאָסאַלער, שרעקלעכער קאָנטראַסט צווישן דער ישו־לערע וועגן ליב האָבן פיינט און דער נעכטיקער און היינטיקער קריסטלעכער ווירקלעכקייט! אונזערע טענות צו דער דאָזיקער ווירקלעכקייט זענען נישט נאָר אַן אויסדרוק פון אונזער יידישער מאַרטיראָלאָגיע און מענטשלעכער גע־רעכטיקייט, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס די קריסטלעכע וועלט האָט די איידעלע קריסטלעכע פּרינציפּן, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן צווישן די גלילער בערג, אַזוי טיף פאַראַטן און אַזוי שענדלעך דערנידעריקט.

נאָך דער היטלערישער קאַטאַסטראָפע איז געקומען דער פאַרצווייפלטער, טראַ־גישער קאַמף פון אונזער שארית הפליטה, סיי אין ארץ ישראל און סיי אין די פאַר־בלוטיקטע אייראָפּעאישע לענדער. צי האָבן מיר געזעען, צי האָבן מיר געפילט די קריסטלעכע ליבע, דאָס קריסטלעכע מיטגעפיל? ווו איז געווען די קריסטלעכע וועלט, ווען יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן אין שוץ פון הייליקע ערטער אין ירושלים און ווען ווילדע אַראַבישע מחנות האָבן מיט ענגלאַנדס ברכה (פּרום־קריסטלעכער!) און וואָפן געוואָלט אונז פאַרניכטן און אַריינוואַרפן אין ים אַריין? יאָ, ווען ס'איז געקו־מען די געלעגנהייט צו העצן קעגן מדינת ישראל און אָפּצורייסן ירושלים האָבן זיך דערהערט די שטימען פון קריסטלעכן קלער, פון דער קאַטוילישער קירך, אָבער ווי־דער קעגן אונז.

מיר יידן, פריידיקן נישט קיין שנאה. אויך נישט לגבי דער קריסטלעכער וועלט

און דער קאטוילישער קירך. מיר גלויבן נישט, אַז זיי זאָלן פּלוצלונג אָנהויבן אונז ליב האָבן, מיר פאַרלאַנגען נישט קיין סך פון זיי. אײינס פאַרלאַנגען מיר פון דער קריסטלעכער וועלט: זאָלן זיי ענדלעך נאָך 2000 יאָר ווערן קריסטן לויט די אַלטע קריסטלעכע ישו־פּרינציפּן, און דאַן וועלן מיר שוין קאָנען לעבן בשלום מיט זיי אַלע צוזאַמען. דערוויייל איז נאָך ווייט דערפון! און אונזער איינציקער ווונטש איז: זאָל אונז די קריסטלעכע וועלט נישט שטערן, זאָל זי אונז לאָזן צורו אין דעם שווערן ראַנגלען זיך פאַר אונזער ווייטערדיקן נאַציאָנאַלן קיום און אויפבוי פון אונזער מדינה.

און זאָלן אונז געוויסע יידישע שרייבער און קינסטלער צורו לאָזן מיט דער קריסטלעכער טעמאַטיק. צו־פיל אונזער בלוט און טרערן שטעקט אין דעם! ס׳איז פאַראַן בשפע און געגוג הערויִשקייט און מאַרטיראָלאָגיע אין אונזער לאַנגער גע־שיכטע פאַר דער שעפערישקייט פון אונזערע שרייבער! מיר וועלן נישט אַריינקוקן, ווי עס טוען אַנדערע, אין דער נשמה פון שלום אַש און זוכן די כוונות פון זיינע ישו־ראָמאַנען. אָבער ס׳איז בלי ספק אַ גרויסע נאַציאָנאַלע עוולה, ווען אַזאַ פאַר־דינסטפולער און טאַלאַנטירטער שרייבער ווי שלום אַש, האָט נישט געפונען היינט, אין דער תקופה נאָך דער היטלער־קאַטאַסטראָפע און בעת דער שאַפונג פון מדינת ישראל, קיין אַנדערע טעמאַטיק, ווי גראָד די קריסטלעכע. ס׳איז נישט נאָר אַ גרויסע עוולה, נאָר אויך אַ גרויסער פעלער. און פריער אָדער שפּעטער, וועט זיך וועגן דעם איבערצייגן אויך שלום אַש.



סטעפאַן צווייג
(אַ בילד פון די לעצטע יאָרן)

# די טראַגעדיע פון אַ גרויסן שרייבער מיט אַ קליינער אמונה

עס זיינען איצט דערשינען, אין דער פראַנצויזישער שפּראַך, די מעמואַרן פון סטעפאַן צווייג, אונטער דעם טיטל: „די וועלט פון נעכטן, זכרונות פון אַן אייראָ־פּעער".

לאַנגזאַם ווערט פאַרגעסן, ווי אַלץ אין אונזער זינדיקער וועלט, דער נאָמען פון אַ גרויסן שרייבער, וועלכער האָט נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, באַצויבערט מיט זיין געניאַלן טאַלאַנט און פיינער, ראַפינירטער ליטעראַרישער קונסט, מיליאָנען לייענער פון אַלע ראַסן און געזעלשאַפטלעכע קלאַסן אין אַלע וועלט־טיילן. עס זאָגט זיך אַזוי לייכט, אַז גרויסע שרייבער בלייבן תמיד אומשטערבלעך. אָבער דאָך, ווי אָפט אי־בערחזרט זיך דער אַלטער אמת, וואָס ווערט אַזוי פּקחותדיק אויסגעדריקט אין אונ־זער פאָלקס־ווערטל: אַז וואָס די ערד דעקט צו, ווערט פאַרגעסן...

אפשר האָט דאָס ביי סטעפאַן צווייגן, באַזונדערס באַווירקט זיין אומגליקלעכער גורל, וועלכער האָט אים קיינמאָל נישט געצערטלט און צולעצט צוגעגרייט אַ טראַ־גישן סוף. דער גרויסער קינסטלער, פיינער עסטעטיקער, ערלעכער דענקער און מאָ־ראַליסט האָט געמוזט לעבן און שאַפן זיינע ווערק אין אַ צייט פון טיפע און שאַרפע קעגנזאַצן, ווען דער חורבן פון דער מערב־ציוויליזאַציע האָט שוין געוואָרפן זיינע טויט־שאָטנס אויף אַלץ און אַלע. אין דער דאָזיקער סתירות־פולער וועלט פון דע־גענעראַציע און קאָנווענציאָנעלע שקרים, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם סאַ־דיסטיש־בלוטיקן היטלערישן אויסברוך, איז אומברחמנותדיק צעריבן און פאַרניכ־טעט געוואָרן די איידעלע נשמה פון סטעפאַן צווייג.

געווען איז סטעפאַן צווייג אַן עסטרייכער, אַ ווינער ייד. זיינע יוגנט־חלומות און די ערשטע ליטעראַרישע שריט און דערפאָלגן האָט ער איבערגעלעבט אין דער דאָ־זיקער אידילישער מעטראָפּאָליע פון געמיטלעכער, ליבער קונסט, פון מוזיק, טעאַטער, דיכטונג און וויסן.

עס זיינען דעמאָלט געווען די ראָמאַנטישע צייטן פון „פען־דע־סיעקל", ביים סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען אין דער מלוכה פון פראַנץ יאָזעף האָט דער קאָמ־פּאָזיטאָר פראַנץ שובערט, אָדער דער יידישער דאָקטאָר און שרייבער אַרטור שניצ־לער, געהאַט מער באַדייטונג, ווי אַ סך קייזערלעכע פרינצן און מיניסטאָרן.

דער יונגער, ווייניק־דערפאַרענער און אין זיין ווינער וועלט בלינד־פאַרליבטער, ליטעראַרישער אָנפאַנגער סטעפאַן צווייג, האָט באַלד געפונען אַן איידעלן און מעכ־טיקן פּראָטעקטאָר. דאָס איז געווען טעאָדאָר הערצל, דער לייטער פון דער פעליעטאָן־אָפּטיילונג ביים גרויסן וועלט־בלאַט „די נייע פרייע פּרעסע". הערצל איז שוין דע־מאָלט געווען אַ באַרימטער שריפטשטעלער מיט אַ גרויסן איינפלוס און שטאַרקער

מאכט־שטעלונג. זיין פּראַקטיקציע האָט דעם יונגן, נישט־דערפאַרענעם און אומבאַ־קאַנטן ליטעראַרישן אָנפאַנגער, געעפנט ברייט די טויערן צו דער ליטעראַרישער פּרעסע.

טעאָדאָר הערצל האָט הויך אָפּגעשאַצט דעם טאַלאַנט פון זיין יונגן פריינט סטעפאַן צווייג. שעהנלאַנג פלעגן זיי, הערצל און צווייג, שפּאַצירן און שמועסן וועגן ליטעראַטור, פּאָליטיק און וועגן סתם לעבנס־פילאָזאָפיע. דער איינפלוסרייכער שריפט־שטעלער האָט דעם אָנפאַנגער געגעבן ממשותדיקע עצות, דער רייפער מענטש האָט דעם יונגערמאַן געוויזן פּראַקטישע דרכים, דער פיינער מענטשן־קענער און פילאָזאָף האָט דעם באַגייסטערטן, צאַפּלדיקן אָבער נאַיוון דיכטער־געמיט געזאָגט דבורים קלאָרע, אמתע און ערלעכע.

טעאָדאָר הערצל איז שוין דעמאָלט געווען דער גרויסער ציוניסטישער מנהיג. ער האָט אין זיין יונגן פריינט, סטעפאַן צווייג, געזען נישט נאָר דעם צוקונפטיקן ליטעראַרישן שטערן, נאָר אויך דעם ייד. בעת די לאַנגע געשפּרעך־שפּאַצירן איבער די ווינער פּאַרקן און אַלייען, האָט הערצל זיך באַמיט צו באַגייסטערן זיין יונגן פריינט מיט דער אידעע פון ציוניזם. ער האָט אָפט גערעדט מיט אים וועגן דער וואַקסנדי־קער אַנטיסעמישער סכנה און וועגן דעם איינציקן אויסוועג, וואָס פירט צום יידנ־שטאַט.

אָבער סטעפאַן צווייג האָט געהערט צו יענעם מין יידישע אינטעלעקטואַליסטן, וואָס מיט זייער מעכטיקן אינטעלעקט און מיט זייער הייסער נשמה, נעמען זיי ברייט־דערלעך און הארציק אַרום די גאַנצע וועלט, דעם גאַנצן קאָסמאָס, אָבער קיין געפיל און קיין פּלאַץ אין זייער הארצן פאַרבלייבט נישט פאַרן אייגנענעם פאָלק, פאַרן יידנ־טום. הערצלס פערזענלעכע השפּעה אויף צווייגן איז געווען גרויס, אָבער אַחוץ דעם יידנטום. צווייג האָט זיך געפילט אַלס אַ קאָסמאָפּאָליטישער בירגער, אַלס אַן איי־ראָפּעער, וואָס וויל נישט וויסן פון „סעפּעראַטיסטישע ענג־נאַציאָנאַלע מחיצות".

יאָרן, אַ סך יאָרן זיינען פאַרגאַנגען. שוין לאַנג זיינען אויף דעם דעבלינגער בית־עולם געלעגן די ביינער פון גרויסן ציוניסטישן מנהיג. זיין נבואה וועגן סטעפאַן צווייגן איז מקוים געוואָרן. דער יונגערמאַן, וועמענס ערשטן ליטעראַרישן פעליעטאָן טעאָדאָר הערצל האָט אָפּגעדרוקט אין דער „נייער פרייער פּרעסע", איז אויסגעוואַקסן צו אַ וועלט־באַרימטן שרייבער, זיינע ביכער האָט מען איבערזעצט אויף אַלע שפּראַכן, זיינע ווערק האָט מען אויפגעפירט אויף טעאַטער־בינעס און אין פילמען, זיין נאָמען איז געוואַקסן און גרויס געוואָרן.

אָבער אויך אַן אַנדערע נבואה פון טעאָדאָר הערצל איז מקוים געוואָרן. ליידער, מקוים געוואָרן. דער אַנטיסעמיטיזם איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר און האָט מיט זיין גיפט פאַרפּעסטעט די לופט. ס'איז שווער געוואָרן צו לעבן און צו אָטעמען אין אַזאַ אַטמאָספערע. אָבער סטעפאַן צווייג האָט דורכוים געוואָלט פאַרבלייבן דער קאָס־מאָפּאָליטישער בירגער, דער אייראָפּעישער גייסט.

ער האָט זיך פאַרמאַכט אין זיין עסטרייכישן שלאָס, צווישן די גרינע אַלפּן־בערג און די הוימישע פויערן. דאָ, ביי זיינע מאַנוסקריפּטן האָט ער געוואָלט נישט באַ־מערקן די בייזע ווינטן, וואָס בושעווען דרויסן. ביי בעטהאָווענס אָריגינעלע פּאַרטי־טורן און מאָצאַרטס האַר־לאָקן, וואָס זיינען געלעגן אויף זיין שרייב־טיש, האָט צווייג געוואָלט ראַטעווען זיין גלויבן אין דער מענטשהייט, אין זיין אייראָפּעישקייט.

אָבער די בייזע, אַנטיסעמיטישע ווינטן, פאַר וועלכע דער וועלט־באַרימטער שרייבער סטעפאַן צווייג, איז אַנטלאָפן אין זיין אַלפּן־שלאָס, זיינען געקומען צו גאַסט, געמיין און באַרבאַריש, צו אים אין שטוב אַריין. קוים מיטן לעבן איז סטעפאַן צווייג אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, בעת היטלערס האָרדן האָבן באַזעצט עסטרייך. אין זיין שלאָס האָבן געבושעוועט ווילדע היטלער־שטורמיסטן און די אָנגעזאַמלטע קונסט־קאָלעקציעס זיינען געלעגן צעטרעטן און ברוטאַל פאַרשעמט אין גאַסן־שטויב.

ערשט דעמאָלט, אַ 35 יאָר נאָך הערצלס טויט, האָט סטעפאַן צווייג דערזען דעם ביטערן, מוראדיקן אמת. זיין וועלט ,די אייראָפּעישע וועלט איז אים חרוב ונחרב געוואָרן. מיט 35 יאָר צוריק האָט ער נישט געפונען אין זיין נשמה קיין גלויבן פאַר הערצלס משיחישער דערלייזונג, און איצט אויף די חורבות פון זיין צעשטערטער אייראָפּעישער וועלט, האָט ער פאַרלוירן די אמונה אין דער רעטונג און אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט. אַ טיפע גייסטיקע דעפּרעסיע און האָפענונגסלאָזע מעלאַנכאָליע באַהערשן דעם גרויסן אייראָפּעער, אפשר דעם לעצטן אייראָפּעער, וועלכער האָט זיך אין זיין פינסטערן לאַנדאַנער גלות נישט־איינמאָל געשטעלט די פּיינפולע פראַגע פון י. ל. גאָרדאָן : „למי אני עמל ?״.

מסתמא האָט סטעפאַן צווייג דעם נאָמען פון גרויסן העברעישן דיכטער יהודה לייב גאָרדאָן קיינמאָל נישט געהערט. ער איז דאָך תמיד אינערלעך געווען ווייט און פרעמד צום יידנטום, און אַזוי איז ער געבליבן ביז צו זיין טראַגישן סוף. אַנדערע האָבן אויף די חורבות פון זייער אייראָפּעישן גלויבן, געפונען דעם וועג צו זייער אייגענעם פאָלק, צו אַ נייער נאַציאָנאַלער אמונה. סטעפאַן צווייג האָט דעם דאָזיקן וועג נישט געפונען, אפשר נישט געזוכט צו געפונען. ס'האָט אים אויסגעפעלט דער יידישער בטחון, די אייביקע יידישע אמונה.

סטעפאַן צווייג פּרוווט צו פאַרגעסן זיין מעלאַנכאָליע ביי דער אינטענסיווער אַרבעט אין דעם „בריטישן מוזיי״. אָבער ס'גייט נישט, די נשמה־ליידן פאַרגרעסערן זיך, די גאַנצע וועלט איז אַרומגענומען מיט דער מוראדיקער שרפה פון דער היטלער־מלחמה, ס'דוכט זיך, אַז עס האָט געשלאָגן די לעצטע פאַרניכטונגס־שעה פאַר דער מענטשהייט. סטעפאַן צווייג אַנטלויפט קיין אַמעריקע, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער אויך דאָ געפינט ער נישט קיין מנוחה. ער איז איינזאַם, פון גורל פאַרלאָזט, און פאַרפאָלגט דורך די מוראדיקע בילדער פון דער אייראָפּעישער אַגאָניע. ער פאָרט אַוועק ווייטער, קיין בועגאָס איירעס. אָפּגעזונדערט און אין געדאַנקען פאַרטיפט, זיצט ער אַזוי גאַנצע טעג אין זיין האָטעל־צימער. זיין בליק איז געוואָרן פינצטער, אַזוי ווי פינצטער איז אים געוואָרן זיין חרובע וועלט.

אייניקע טעג פאַרן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז סטעפאַן צווייג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. קיין שום אָפּשייד־בריוו האָט ער נישט צוריקגעלאָזט, נאָר אויף איינעם פון זיינע מאַנוסקריפּטן האָט ער פאַרנאָטירט :

„פאַר דעם צוקונפטיקן דור, בכדי ער זאָל דאָס פאַרשטיין !״

אפשר וועט דאָס פאַרשטיין דער צוקונפטיקער דור. דער היינטיקער דור, דער יידישער דור, קאָן נישט און וויל נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַזאַ געניאַלער שרייבער און גרויסער גייסט ווי סטעפאַן צווייג, האָט נישט געפונען אין זיך קיין כוח און אמונה צו לעבן און צו קעמפן פאַר זיין פאָלק, פאַר דער יידישער דערלייזונג.

# דער הערצלישער ציוניזם און זיינע ציוניסטישע קעגנער

קודם כל — א פרינציפיעלע פראגע: וואס איז דער אייגנטלעכער מהות פון דער ציוניסטישער אידעאלאגיע? מדינת ישראל צי קיבוץ הגלויות, נאציאנאלער צענטער אין ארץ ישראל צי שלילת הגלות? צי לאזט זיך פארבינדן די פארווירקלעכונג פון ציוניזם מיטן חיוב הגלות, און אויב נישט, ווי ווייט קאן און דארף גיין די נעגאציע פון דער דיאספארע? ווי מיר זעען, פון איין פרינציפיעלער פראגע ווערט א גאנצער של פון פראגן, ווען מיר רירן זיך בלויז צו צו דעם אידעאלאגישן יסוד פון ציוניזם.

אין קעגנזאץ צום מארקסיסטישן סאציאליזם, האט דער ציוניזם נישט פרעטענדירט אויף קיין וויסנשאפטלעך־טעארעטישע פעסטשטעלונג פון זיין פאליטישער און גייסטיקער ריכטונג. דער ציוניסטישער אני מאמין איז געווען באזירט בעיקר אויף עמאציאנעלע מאטיוון און געדאנקען. במשך לאנגע, פינסטערע גלות־יארהונדערטער, איז די ציוניסטישע פאלקס־אידעאלאגיע געקומען צום אויסדרוק אין א רעליגיעז־מיסטישער אמונה וועגן ביאת המשיח און שיבת ציון. די דאזיקע טיף־עמאציאנעלע השפעה האט שטארק געווירקט אויך שפעטער, אין דער מאדערנער צייט, ווען דער ציוניזם איז געווארן אן ארגאניזירטע פאליטישע, סאציאלע און גייסטיקע באוועגונג. אינם בלוט פונם ציוניזם איז געלעגן, אזוי צו זאגן, די מיסטיש־רעליגיעזע ירושה פון דורות, און זי האט זיך אויסגעווירקט, ביודעין אדער בלא יודעין, מיט הסכמה אדער קעגן אונזער ווילן, אין דער מאדערנער ציוניסטישער באוועגונג און ארגאניזאציע.

קיין פעסטגעשטעלט סטאבילן אידעאלאגישן פראגראם האט אויך דער מאדערנער ציוניזם נישט געשאפן. ס'איז אן איבעריקע דיסקוסיע וועגן דעם, צי און ווי ווייט די עמאציאנעלע ירושה פון אלטע, לאנגע דורות, טראגט דערין איר הויפט־שולד. אבער דער פאקט אליין לאזט זיך נישט אפלייקענען אדער פארווישן. „רוים און ירושלים" פון משה העס, געשריבן און פארעפנטלעכט מיט לערך ניינציק יאר צוריק, איז מער א פילאזאפישע אפהאנדלונג אין גייסט פון פראציוניסטישער ריכטונג ווי א פראגראמאטישע ארבעט. ד"ר לעאן פינסקערס „אויטאעמאנציפאציע", ארויסגעגעבן צוואנציק יאר שפעטער, איז א פרווו צו באגרינדן מיט לאגישע און היסטארישע ארגומענטן די נויטווענדיקייט פון נאציאנאלער זעלבסט־באפרייאונג דורך אן אייגן פאטערלאנד, אבער זי איז ווייט צו זיין א פראגראמאטישע באזע פאר דער ציוניסטישער אידעאלאגיע און באוועגונג. די חיבת־ציון־ארגאניזאציע אין די אכציקער און ניינציקער יארן פון פאריקן יארהונדערט און איר בארימטע קאטאוויצער קאנפערענץ (אין יאר 1884) האבן זיך אפילו נישט באמיט צו פרעציזירן

דעם ציל פון ציוניזם. מ'איז יוצא געווען מיט דער אַלטער סענטימענטאַל־מיסטישער שיבת־ציון־פאָדערונג, דערגענצט דורך אַ פּאָר מאָדערנע טענה וועגן אַנטיסעמיטיזם און נאַציאָנאַלער עמאַנציפּאַציע. בכלל, איז סיי דער פּאַקטישער און סיי דער אי־דעאָלאָגישער פאַרנעם פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג געווען זייער קליין און באַ־שרענקט, מיט מינימאַלע השגות און גאָר ענג־פאַרשלאָסענע האָריזאָנטן. פאַר דעם גרויסן רוב פון חובבי־ציון האָט זיך אויסגעדריקט זייער ציוניזם אין ח"י־פּרוטות־זאַמלונגען, וואָס האָבן געדאַרפט דערמעגלעכן די גרינדונג פון אַ פּאָר יידישע קאָ־לאָניעס אין ארץ ישראל. ווען מען פּירט דורך, ערב הערצלס דערשיינונג, אַ פּלע־ביסציט צווישן די מיטגלידער פון די חובבי־ציוניסטישע פאַריינען, וועגן מהות און ציל פון ציוניזם, וואָלט זיך באַקומען אַ מטושטש בילד פון אַלטער רעליגיעז־מיסטישער אמונה אין ביאת המשיח, באַפּוצט מיט אַ רעאַלן פאַרלאַנג נאָך מוס־טערהאַפטע יידישע פּויערן, פיינע מושבות און אַ פּאָר העברעאישע שולן. ווען אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט זיך געלאָזט הערן דער מעכטיקער און גראַנדיעזער רוף פון טעאָדאָר הערצלען וועגן אַ יידישער מלוכה, האָט זיך אַ גרויסער טייל פון די חובבי־ציון פּשוט דערשראָקן און צוריקגעצויגן, ווייל נישט אַזאַ ציוניזם זענען זיי אויסן געווען צו פאַרווירקלעכן.

עס דאַכט זיך אָפּט, אַז אחד העמס שיטה, וואָס איז צייטלעך צונויפגעפאַלן אין דער דורכגאַנגס־תקופה פון חובבי־ציון־באַוועגונג צום פּאָליטישן ציוניזם, איז געווען אַ געגנוי פאָרמולירטע און פעסטגעשטעלטע פּראַגראַמאַטישע ריכטונג מיט קלאָרע צילן און פאָדערונגען. אין דער ווירקלעכקייט, איז אויך דער אחד העמיסטי־שער „מרכז רוחני"־ציוניזם געווען ווייט פון קלאַרקייט און פּרעציזקייט, הגם די גאַנצע שיטה איז געווען לאָגיש באַגרינדעט און באַזירט. אחד העם פּראָקלאַמירט די לאָזונג פון שלילת הגלות, אָבער ער דערקלערט נישט גענוי אין וואָס זאָל זיך אויסדריקן די שלילת הגלות. צי זאָל דאָס הייסן, אַז אַלע יידן דאַרפן פאַרלאָזן די דיאַספּאָרע־לענדער און פאָרן קיין ארץ ישראל? דאָס זאָגט נישט אחד העם און ער קאָן דאָס נישט זאָגן, ווייל זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז נישט די צרת־היהודים, די יידן־נויט, נאָר די צרת היהדות, די יידנטום־נויט. דאָס הייסט, אַז נישט די יידן דאַרפן באַפרייט ווערן פון גלות, נאָר דער יידישער גייסט דאַרף זוכן אין ארץ ישראל זיין דערלייזונג, זיין נאַציאָנאַלע באַנייאונג, ווייל אין די גלות־לענדער מוז מנצח זיין די עבדות בתוך חרות, די אַסימילאַציע. פאַר אחד העמען איז נישט אַזוי שטאַרק וויכטיק וויפיל יידן עס וועלן זיין אין ארץ ישראל, פאַר אים איז בלויז וויכטיק, אַז דער יידישער גייסט זאָל דאָרט באַקומען זיין נאַציאָנאַלע פעסטונג. נישט דער באַגריף פון שלילת־הגלות דעצידירט אין אחד העמס שיטה, נאָר דער באַגריף פון מרכז רוחני. שוין אין דעם אויסדרוק מרכז רוחני איז קלאָרגעשטעלט די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע פון אחד העמען. ווייל אויב מרכז, צענטער, הייסט דאָס, אַז עס מוז זיין אַ פּעריפעריע, אַ וועלט־יידנטום, פאַר וועלכן ארץ ישראל דאַרף ווערן דער מרכז רוחני. אחד העם איז אַלזאָ ווייט פון געדאַנק וועגן קיבוץ הגלויות, וועגן צונויפברענגען אַלע יידן קיין ארץ ישראל. זאָל אונז דער אחד־העמיסטישער שלילת הגלות נישט אַריינפירן אין קיין טעות. דער שלילת הגלות איז נוגע בלויז דעם יידנטום, דעם יידישן גייסט, אָבער ער איז נישט נוגע די יידן, דער יידישער דיאַספּאָרע. ווער עס קען אחד העמס געדאַנקען־גאַנג, דער וועט פאַר־

שטיין, פאַרוואָס אחד העם מוז ווייט און פרעמד בלייבן צו קיבוץ הגלויות. זיין וועלט איז באַזירט אויף מלכות־הכוהנים, אויף דער גייסטיקער הערשאַפט פון די בעסטע און איידלסטע אין יידישן פאָלק. אַזוי איז אויפגעבויט זיין נאַציאָנאַלער אָרדן „בני משה", וועלכער האָט געדאַרפט זיין דער קערן פון דעם צוקונפטיקן מרכז רוחני אין ארץ ישראל. ווי פּלאַטאָן, האָט אחד העם געחלומט וועגן דער הער־שאַפט פון דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע און איז פרעמד געווען צו דעם וועלט־באַנעם פון די מאָדערנע דעמאָקראַטישע און סאָציאַלע שטרעמונגען. באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט, האָט זיך אחד העמס אַריסטאָקראַטישער עליטען־גייסט גע־מוזט אָפּטרייסלען פון דעם בלויזן געדאַנק וועגן קיבוץ הגלויות מיט אַלע זיינע פאַרדאָרבענע גלות־זיטן און אַסימילאַטאָרישע מנהגים. אין זיין שאַרפער פּאָלעמיק קעגן טעאָדאָר הערצל האָט אחד העם פאַראַטן זיין מורא פאַר דער פלעבעאישער אינוואַזיע אין ארץ־ישראל, וואָס איז עלול געווען צו צעשטערן דעם אויסגעחלומטן און שווער־רעאַליזירטן מרכז רוחני.

אָבער ווי געזאָגט, איז אחד העמס שיטה, ביי איר גאַנצער לאָגישקייט און סיסטעמאַטישן אויפבוי, ווייט נישט געווען פּראָגראַמאַטיש קלאָרגעשטעלט און פּרעציזירט. דאָס האָט, אין אַ גרויסער מאָס, גורם געווען, אַז שוין אין אחד העמס צייטן, און בעיקר נאָך זיין טויט, איז זיין שיטה פאַרשידנאַרטיק קאָמענטירט און פאַרשטאַנען געוואָרן. אחד העם האָט אָפט אויסגעלאַכט זיינע אָפּאָנענטן, וואָס ווילן אים דוקא צושרייבן געדאַנקען און באַגריפן, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט אַרויס־געזאָגט. אַ טייל קריטיקער און אפילו אָנהענגער פון אחד העמען האָבן געפּרואווט צו געבן דעם באַגריף פון מרכז רוחני אַ משונהדיקע, ממש קאַריקאַטוראַלע פאָרם. דער מרכז רוחני האָט, לויט זייער מיינונג, געדאַרפט זיין אַ מין מאָדערנער בית מדרש, וואו אַ געוויסע צאָל יידן־חכמים וועלן זיצן יומם ולילה, באַשעפטיקט בלויז מיט וויסנשאַפט און חכמת־היהדות. אחד העם האָט געמוזט דערקלערן אין אַ פּאָלע־מישן אַרטיקל, אַז אין דעם מרכז רוחני וועלן אויסער געלערנטע, לומדים און וויסנשאַפטלער, נויטיק זיין אויך פּשוטע פּויערן, בעלי־מלאכה, אַרבעטער, סוחרים, אינדוסטריעלער א. אז. וו.

ביי זיין לעבן, האָט אחד העם אָפט און שאַרף געמוזט ריכטיקשטעלן פאַלשע מיינונגען, וועלכע קעגנער און אָנהענגער האָבן פאַרשפּרייט וועגן זיין שיטה. ערגער און אַ סך געפערלעכער איז די זאַך געוואָרן שפּעטער, נאָך אחד העמס טויט, ווען פאַרשידענע תלמידים זיינע האָבן געפּרואווט אויסנוצן די שיטה פון מרכז רוחני, בכדי צו באַקעמפן יעדן געדאַנק וועגן יידישער מלוכהשקייט און אפילו וועגן אַ יידישער מערהייט אין ארץ ישראל. מיר געדענקען נאָך די צייטן, ווען די אָנפירער פון „ברית שלום" (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה) האָבן אין נאָמען פון אחד העם און זיין תורה פּראָפּאַגירט און רעאַליזירט פּאָליטישע שריט, וואָס זענען שעדלעך און אפילו געפערלעך געווען פון נאַציאָנאַלן, ציוניסטישן שטאַנדפּונקט. זיכער וואָלט זיך אחד העם, הערנדיק און זעענדיק די דאָזיקע זיינע תלמידים און זייערע געגנג, אָפּגעטרייסלט פון זיי און געזאָגט: „איך בין נישט קיין אחד העמיסט". (ווי עס האָט אַמאָל קאַרל מאַרקס לגבי אַ טייל פון זיינע תלמידים דערקלערט: „איך בין נישט קיין מאַרקסיסט!").

אחד העם האָט נישט געשטעלט דעם טראָפּ אויף דער יידישער מלוכה און

אויף דער יידישער מערהייט אין ארץ ישראל, ווי ער האָט אויך נישט אונטערגע־שטראָכן די נויטוועגדיקייט פון יידישער פיזישער ארבעט, פון מסחר און אינ־דוסטריע אינם צוקונפטיקן מרכז רוחני. ערשט ווען עס האָבן זיך געפונען פאַלשע קאָמענטאַטאָרן, וואָס האָבן צוגעשריבן זיין שיטה אבסורדאַלע מיינונגען, איז ער ארויס מיט אַ שאַרפער פּאָלעמיק, אויסלאַכנדיק זיינע קעגנער, וואָס פאַרשטייען נישט אַזאַ פּשוטע זאַך, אַז אין מרכז רוחני זענען נויטיק אויסער געלערנטע אויך פּויערן, אינדוסטריעלער און אַז. וו. אחד העם האָט נישט פּראָפּאַגאַנדירט אַ יידישע מלוכה און אַ יידישע מערהייט אין ארץ ישראל, אָבער ווען ס'איז רייף געוואָרן אין די יאָרן 1916—1917 די פּאָליטישע סיטואַציע, האָט ער מיטגעהאָלפן ביים דערגרייכן די באַלפור־דעקלאַראַציע. אָבער סיי די יידישע ארבעט, לאַנדווירטשאַפט און אינ־דוסטריע, און סיי די יידישע מלוכה און מערהייט אין ארץ ישראל, זענען פאַר אחד העמען געווען בלויז אינסטרומענטן פאַרן מרכז רוחני, בלויז דער גוף פאַר דער נשמה, פאַר דעם גייסט. אַ נשמה קען נישט לעבן אָן אַ גוף אָבער דער עיקר איז נישט דער גוף, נאָר די נשמה, דער גייסט פון דער אומה, זיין נאַציאָנאַלע קולטור, דאָס יהדות. קלאָר און סיסטעמאַטיש איז אויפגעבויט די אחד העמיסטישע אידעאָ־לאָגיע, ווען זי רעדט וועגן דעם עיקר, דער נשמה. זי איז אָבער ווייניק קלאָר און נישט־סיסטעמאַטיש בנוגע דעם גוף, דעם לעבעדיקן פאָלקס־אָרגאַניזם פון דער יידישער נאַציע. אין דעם איז באַשטאַנען דער היסטאָרישער פעלער פון אחד העמס שיטה, וועלכע האָט נישט גענומען אין באַטראַכט די נויטן פון אַ לעבעדיקן, ליידנ־דיקן און פאַר זיין קיום קעמפנדיקן פאָלק. די דאָזיקע סתירה האָט אינערלעך אויס־געלייזיקט אחד העמס שיטה און זי דערווייטערט פון דער יידישער ווירקלעכקייט. די אידעאָלאָגיע פון מרכז רוחני איז נישט געוואָרן און האָט נישט געקאָנט ווערן די פּראַגראַמאַטישע באַזע פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע און באַוועגונג.

טעאָדאָר הערצלס פּאָליטישער ציוניזם, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיטן „יידנשטאַט" (1896) און מיטן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל (1897), איז אין קעגנזאַץ צו די חובבי ציון, געווען אַ ברייט־פונדירטע, דעם גאַנצן יידישן פּראָבלעם ארומנעמענדיקע פאָלקס־באַוועגונג. ווייניקער ווי אַנדערע פרירעדיקע ציו־ניסטישע טעאָרעטיקער, איז טעאָדאָר הערצל באַאיינפלוסט געווען פון דער טראַדי־ציאָנעלער, דורות־אַלטער אמונה אין ביאת המשיח. ביי זיין גאַנצער נביאישער פאַ־טעטיק, האָט דער „יידנשטאַט" געדאַרפט אייגנטלעך זיין בלויז אַ זאַכלעכער, פּראַק־טישער פּראָיעקט פאַר דער לייזונג פון דער יידן־פּראַגע. הערצל האָט אין די ערשטע סימפּטאָמען פון מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם דערזען די וואַקסנדיקע פּאָטענציעלע געפאַר פאַר דעם פיזישן און ווירטשאַפטלעכן קיום פון זיין פאָלק. די אייביקע שנאת ישראל ווערט פאַר הערצלען דער אויסגאַנגס־פּונקט און דער לייטמאָטיוו פאַר זיין נייער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, וועלכע וויל לייזן ראַדיקאַל, איינמאָל פאַר אַלע צייטן, אויף אַ גראַנדיעזן אופן און אין אַ מלוכהשער פאָרם, דעם יידן־פּראָבלעם. זיין פּאָליטישער ציוניזם וויל גאָרנישט האָבן צו טון מיט מיסטיק און סענטימענטן. הערצל איז זיין גאַנץ לעבן, פון דער יונגסטער יוגנט אָן, געווען אַן ענטוזיאַסט פון טעכניק. אויך זיין צוגאַנג צו דער יידישער פּראַגע און איר לייזונג וויל זיין ממש אַ טעכנישער. ער שרייבט אין „יידנשטאַט" : „די לייזונג פון דער יידן־פּראַגע הענגט אָפּ פון דער טרייב־קראַפט. און וואָס איז די דאָזיקע קראַפט? די יידישע נויט. און

אַט באַהויפּט איך, אַז די דאָזיקע קראַפט, ווען זי זאָל ווערן ריכטיק באַנוצט, איז זי געניג שטאַרק, בכדי צו ברענגען אין באַוועגונג אַ גרויסע מאַשין, וואָס וועט אַריבערטראַנספּאָרטירן מענטשן און זייער באַזיץ".

די דאָזיקע טעכנישע אויפפאַסונג ווערט ביי הערצלען באַפעסטיקט דורך אַ פּאָליטישער הנחה, אַז די יידן־פראַגע איז נישט בלויז אַ צרת היהודים, נאָר זי איז גלייכצייטיק אויך אַ צרת הגויים. די נישט־יידישע וועלט איז פאַראינטערעסירט אין דער שלמותדיקער מלוכהשער לייזונג פון דער יידן־פראַגע, נישט ווייניקער, ווי די יידן גופא. פאַר הערצלען איז בכן קלאָר, ווי אַ מאַטעמאַטיש־פיזיקאַלישע אַקסיאָמע, אַז: „די יידישע מלוכה איז אַ וועלט־באַדערפעניש, זי וועט לכן מוזן אויפקומען!"

הערצלס נייע ציוניסטישע וועלט־אַנשויאונג איז גאָר אַן אַנדערע ווי די חובבי־ציוניסטישע און די אחד־העמיסטישע. זי איז לגמרי פריי פון מיסטיק און באַזירט אויף פּאָליטיק און טעכניק, זי וויל לייזן נישט אַ פראַגמענט פון יידישן קיום נאָר די גאַנצקייט, זי פּראָפּאַגירט נישט פּאַליאַטיוון נאָר אַ רעוואָלוציע, זי רעדט נישט וועגן פאַרגאַנגענהייט, נאָר וועגן דער צוקונפט, זי גייט אַריבער פון גייסטרייכן גריבלען־זיך צו מעשים, צו תיכפדיקער רעאַליזאַציע. הערצל האָט געפונען ענדלעך דעם אַרכימעדישן פונקט פון דער יידן־פראַגע: די יידן־נויט, און האָט נישט בדעה דעם כוח פון דעם דאָזיקן אויסגאַנגס־פונקט אָפּצושוואַכן און צו פאַרשמעלערן מיט אַנדערע צוגאָב־פונקטן, און זאָל דאָס אפילו זיין אַזאַ חשובער ענין ווי יידישער גייסט, יהדות.

פון דעם האָט זיך גענומען דער טיפער תהום און די שאַרפע קעגנערשאַפט צווישן אחד העמען און טעאָדאָר הערצלען. ביידע האָבן נעגירט דעם גלות און דאָך האָבן זיי נישט דאָס זעלבע געמיינט. ביידע זענען געווען טאַלענטירטע שריפט־שטעלער און גייסטרייכע אַנאַליטיקער, און דאָך האָבן זיי רעפּרעזענטירט אַנטקעגנגעזעצטע וועלט־אַנשויאונגען. עס קלינגט כמעט ווי אַ פּאַראַדאָקס, ווען מיר וועלן דאָ זאָגן, אַז דער ציוניזם פון אחד העם און דער ציוניזם פון טעאָדאָר הערצלען האָבן מיט זיך גאָרנישט געהאַט קיין געמיינזאַמעס אַ חוץ דעם וואָרט „ציון". זייערע אויסגאַנגס־פונקטן, מיטלען און וועגן צו פאַרווירקלעכן די ענד־צילן פון ציוניזם זענען געווען לגמרי פאַרשידענע און קעגנערישע. ביידע, ציוניסטן בלב ונפש, ביידע התלהבותדיקע יידן, און דאָך האָט איינער דעם אַנדערן נישט פאַרשטאַנען, נישט געקאָנט פאַרשטיין. „ווען צוויי זאָגן דאָסזעלבע, איז עס נישט דאָסזעלבע".

אחד העם האָט אָנגערופן הערצלס ציוניסטישע וועלט־אַנשויאונג אַ מעכאַנישע. אחד־העמיסטן, ווייניקער גייסטרייכע, ווי זייער „המורה", האָבן געשריבן, אַז די הערצלישע ציוניסטישע אידעאָלאָגיע איז פלאַך. אין דער ווירקלעכקייט, איז דער הערצליאַנישער ציוניזם ווייט נישט געווען קיין פלאַכער. ער איז געווען קלאָר און פשוט, ווי יעדער אמת און ווי יעדע נבואה. אויב פשטות און קלאָרקייט פאַרדינען דעם סינאָנים פון מעכאַנישקייט און פלאַכקייט, טאָ ווי זאָל מען למשל אָפּשאַצן די עשרת הדברות און די דברי־הנביאים, וועלכע זענען מוסטערן פון גע־דאַנקען־פשטות און שפּראַך־לאַקאָנישקייט. דער אמת און די ווירקלעכע נבואה זוכן נישט, און דאַרפן נישט האָבן, די קאָמפּליצירטקייט פון געדאַנק און די באַפוצונג פון שפּראַך. במשך פון לאַנגע דורות, האָט זיך דער יידישער אינטעלעקט

באַשעפטיקט אינטענסיוו ביים תּלמוד און רבנישער ליטעראַטור, און איז געוואָרן
גאָר פאַרטיפט, פאַרשאַרפט און קאָמפּליצירט, אַ סך מאָל אויפן חשבון פון אַנדערע,
נישט ווייניקער וויכטיקע פאַרן קיום פון יחיד און כּלל, גייסטיקע חושים. מ׳דאַרף
דאָ נישט מאריך זיין וועגן דער באַקאַנטער יידישער היפּערטראָפיע פון גייסט און
אינטעלעקט, וואָס האָט געפירט און פירט דערצו, אַז יעדער פּשוטער אמת, יעדער
לאָגישער געדאַנק ווערט ביי אונז ספּעציעל קאָמפּליצירט און פילאָזאָפיש אַזוי
פאַרטיפט, אַז אין שוואונג פון געדאַנקען און אין מבול פון ווערטער, גייט אָפט
פאַרלוירן דער אייגנטלעכער, פּשוטער אמת. דאָס דאָזיקע אַנטלויפן פון לאָגישער
פּשטות און לאַקאָנישער שפּראַך־פאָרם האָט ביי יידישע אינטעלעקטואַליסטן אַרויס־
גערופן אַ מין פּאַנישע שרעק פאַר „מעכאַנישקייט" און „פלאַכקייט". ס׳איז לכן
פאַרשטענדלעך, אַז דער ציוניזם פון מאַרטין בובער און פון ענלעכע יידישע דענ־
קער, מיט זייער געדאַנקען־קאָמפּליצירטקייט, סטיל־ און שפּראַך־באַפּוצונג, האָט
ביי די יידישע אינטעלעקטואַליסטן מער אויסגענומען ווי דער „מעכאַנישער" און
„פלאַכער" אינהאַלט פון „יידנשטאַט". ווייל סוף־כּל־סוף, האָט טעאָדאָר הערצל,
מיט פופציק יאָר צוריק, „בלויז" אַרויסגעזאָגט פּשוטע דבורים, וועלכע די געשיכטע
האָט סאַנקציאָנירט אַלס אַ הייליקע נבואה, בעת אונזערע גייסטרייכע און טיף־
דענקנדיקע אחד העמיסטן, פון בובערישער אָדער אַנדערער שיטה, האָבן אונז באַ־
רייכערט מיט נייע פילאָזאָפיש־רבנישע הקירות. קיינער איז נישט אויסן צו פאַר־
קלענערן דעם ווערט פון דער דאָזיקער מאָדערנער חכמת־ישראל, אָבער זאָל מען
זיך היטן צו רעדן וועגן הערצלס „מעכאַנישקייט" און „פלאַכקייט" דעמאָלט, ווען
פירנדיקע יידישע קרייזן, און די יידישע אינטעלעקטואַליסטן בתוכם (און אפשר
זיי קודם־כּל !), דאַרפן זיך שטאַרק שלאָגן על חטא צוליב דעם, וואָס מ׳האָט במשך
פון אַ האַלבן יאָרהונדערט נישט געראַטעוועט דעם קיום פון אונזער פאָלק לויט
דעם „מעכאַנישן" און „פלאַכן" פּלאַן פון טעאָדאָר הערצל, נאָר געזוכט אַנדערע,
„טיפערע" אויסוועגן.

הערצלס פּאָליטישער ציוניזם און זיינע דיפּלאָמאַטישע שריט ביי מלכים און
הערשער זענען אויך אָפט פאַלש און אומגערעכט אָפּגעשאַצט געוואָרן אין דער
יידישער און אפילו ציוניסטישער עפנטלעכקייט. כּמעט צוויי טויזנט יאָר האָט דאָס
יידישע פאָלק נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו פירן אַן אַקטיווע פּאָליטיק. מיר
זענען געוואָרן אַן אָביעקט פון מלוכות און נישט אַ סוביעקט, אַ טרעגער פון פּאָ־
ליטישע מעשים. אויב בנוגע אינטעלעקטועלער יכולת האָבן מיר געליטן פון היפּער־
טראָפיע, איז, צווישן אַנדערע פעאיקייטן, אויך די פּאָליטישע, ביי אונז אַטראָפירט
געוואָרן. בלויז טעאָרעטיש קאָן מען נישט די מלוכה־פירונג באַהערשן. מען מוז
האָבן און פירן אַן אייגענע מלוכהשקייט. טעאָדאָר הערצל האָט אינם יידישן פאָלק
באַנייט דאָס באַנעמען און לערנען פון מלוכה־פירונג, פון פּאָליטישער רייפקייט.
די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן „די יידישע מלוכה אונטערוועגס", וואו
הונדערטער עסקנים האָבן געמוזט זיך לערנען פּאָליטישע פירונג. דאָס איז נישט
לייכט געווען און נישט פון אַלע ריכטיק פאַרשטאַנען געוואָרן. מ׳האָט אָפט איראָ־
ניזירט איבער הערצלס פּאָליטישע אינטערווענצן און דיפּלאָמאַטישע שריט. גייסט־
רייכע קריטיקער האָבן ציטירט אחד העמס לאָזונג וועגן דעם, אַז די יידישע דער־
לייזונג וועט קומען פון נביאים און נישט פון דיפּלאָמאַטן. מען האָט זיך שטאַרק

אויפגערעגט וועגן הערצלס באזוך ביים רוסישן פרעמיער פלעווע (נאָכן קישינעווער פּאָגראָם), נישט פאַרשטייענדיק דעם א"ב פון פּאָליטישער פירונג, וועלכע צווינגט טיילמאָל צו פאַרהאַנדלען אפילו מיט נישט־סימפּאַטישע, פיינטלעכע פאָרשטייער פון א מלוכה־מאַכט.

הערצלס דיפּלאָמאַטישע טעטיקייט, וועלכע איז פאַר א סך איגנאָראַנטן געווען נישט מער ווי א שפּיל, האָט געהאַט דעם ציל, נישט נאָר צו באַקומען די מלוכהשע קאָנצעסיע, דעם טשאַרטער, אויף ארץ ישראל, זי איז אויך אויסן געווען צוצוגעבן דער ציוניסטישער באַוועגונג אויטאָריטעט און חשיבות, נישט אַזוי פיל אין די אויגן פון דער נישט־יידישער וועלט, ווי גראָד אין די אויגן פון די יידן גופא. דער גלות־דיקער בטול צו זיך אַליין, איז גורם, אַז יידן זוכן אַפּט א סמיכה ביי פרעמדע, ביי נישט־יידישע פּערזענלעכקייטן און הערשער. הערצל האָט גלענצנדיק פאַרשטאַנען די דאָזיקע פּסיכאָלאָגיע פון יידישן צבור, און דורך די באַגעגענישן מיט גרויסע פּאָליטישע און גייסטיקע פּערזענלעכקייטן, איז אים געלונגען זיך צו פאַרשאַפן ביי יידן דעם אויטאָריטעט, וועלכן קיינער האָט פאַר אים און נאָך אים זיך נישט קונה געווען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

עס וואָלט אונז צו ווייט געפירט, ווען מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן אויף אַלע אומגערעכטע און פאַלשע טענות און מענות, וועלכע מ'האָט פון דער אַלגעמיין־יידישער און ציוניסטישער זייט, אַנטקעגנגעשטעלט הערצלען און זיין טעטיקייט, פון דעם טאָג אָן, ווען דער „יידנשטאַט" איז דערשינען, ביז היינט. ערשט מיט א קורצער צייט צוריק האָט א גרויסער יידישער שרייבער, בעת זיין באַזוך אין פּאַריז, אַרויסגעזאָגט עפנטלעך א מיינונג, אַז הערצלס פּאָליטיש־דיפּלאָמאַטישע טעטיקייט האָט זיך געשטיצט אויף שתדלנות. דאָס איז לגמרי נישט ריכטיק, ווייל זעלטן איז א מיניסטער פון א גרויסמאַכט אויפגעטרעטן אַזוי מוטיק און שטאָלץ ווי הערצל. ער, דער פאַרטרעטער פון א קליינער, שוואַכער, אָפּט אויסגעלאַכטער און פאַראַכטער מינדערהייט פון יידישן פאָלק, האָט גערעדט און פאַרהאַנדלט מיט מעכטיקע מלכים און הערשער, ווי א גלייכער מיט גלייכע. נאָך לאַנגע דורות וועלן זיך יידישע פּאָלי־טיקער דאַרפן לערנען ביי הערצלען ווערדע און זעלבסט־באַוואוסטזיין!

גראָד טעאָדאָר הערצל האָט אין יידישן לעבן צעבראָכן און ליקווידירט די מאַכט פון שתדלנים און פון דער קהילות־אויטאָקראַטיע. הערצל האָט געוואָרפן די קאַמף־לאָזונג: „דעראָבערט די יידישע קהילות!" און איז געווען דער, וועלכער האָט דער דעמאָקראַטיע געעפנט דעם וועג אין דער יידישער גאַס.

די באַציאונג פון יידישן פאָלק לגבי זיינע נביאים איז אָפּט און שארף גע־טאַדלט געוואָרן. אויך לגבי טעאָדאָר הערצלען, דעם מאָדערנעם יידישן נביא, האָבן מיר א סך געזינדיקט און זינדיקן נאָך היינט.

אָבער ביי זיין גאַנצן קאָנסטרוקטיוון, פּלאַנמעסיקן און קלאָרן ציוניסטישן וועג, האָט אויך הערצל געווי נישט פעסטגעשטעלט די פּראָגראַמאַטישע יסודות פון פּאָליטישן ציוניזם. הערצל איז געווען דער מענטש פון טאַט, און האָט נישט ליב געהאַט דאָס טעאָרעטיזירן. די באַוועגונג איז ערשט געווען אין צושטאַנד פון אָר־גאַניזירן זיך, אַלץ האָט נאָך געטראָגן א פּראָוויזאָרישן כאַראַקטער, מען איז ווייט געווען פון סטאַבילקייט און סטאַטישקייט. דאָס האָט זיך אויך געמוזט אָפּרופן אויף

די טעאָרעטישע יסודות פון דער נייער ציוניסטיש־פּאָליטישער באַוועגונג און אָרגאַ־ניזאַציע.

ס'איז קלאָר, אַז דער פּרינציפּ פון שלילת הגלות איז דער הויפּט־יסוד פון הערצליאַניזם. אָבער צי פאַרלאַנגט הערצל, אַז אַלע יידן, פון אַלע לענדער, אָן אויסנאַם, זאָלן קאָנצענטרירט ווערן אין דער יידישער מדינה? צי איז דער קיבוץ הגלויות די הנחה פאַרן „יידנשטאַט"? צי דאַרף קיבוץ הגלויות פאַרשטאַנען ווערן אַלס פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון יעדן יידישן קיבוץ מחוץ ארץ ישראל? אויף די דאָזיקע און אַנדערע פראַגן, וואָס זענען נוגע דעם טעאָרעטישן יסוד פון ציוניזם, גיט נישט תמיד דער „יידנשטאַט" אַ פעסטגעזעצטע, גענוי־פאָרמולירטע תשובה.

נאָך אַ סך וויניקער קלאָר און פּרעציז איז געווען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל, בעת ער האָט באַשלאָסן דעם באַרימטן „באַזעלער פּראָגראַם", וועלכער זאָגט ווערטלעך: „דער ציוניזם שטרעבט צו באַשאַפן פאַרן יידישן פאָלק אַן עפנטלעך־רעכטלעך געזיכערטע היים אין ארץ ישראל". ס'איז אַ דבר ידוע, אַז אויף דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אַ לאַנגער ליידנשאַפט־לעכער וויכוח בנוגע דעם טעקסט פון באַזעלער פּראָגראַם. אַזוי פאַרשידנאַרטיק זענען געווען די אָנזיכטן בנוגע דעם תוכן און ציל פון ציוניזם. האָט מען לכן גע־מוזט, למען השלום, געפינען אַ קאָמפּראָמיס־פאָרמולע, וואָס זאָגט אַלץ און זאָגט גאָרנישט. די דיאַלעקטישע ראַמען פון „באַזעלער פּראָגראַם" קענען אַלץ פאַרטראָגן און פאַרטרעטן, פון פאַרגייסטיקטן אחד העמיסטישן מרכז רוחני ביז צו דער ברייטער מלוכהשקייט פון הערצליאַניזם.

דער „באַזעלער פּראָגראַם" האָט באַרואיקט די געמיטער. סוף כל סוף איז נישט וויכטיק געווען דער טעקסט פון „פּראָגראַם". נאָר די פּערזאָן, וואָס האָט אָנ־געפירט ביד רמה מיט דער באַוועגונג און מיט דער אָרגאַניזאַציע. און דאָס איז געווען טעאָדאָר הערצל, וועלכער האָט אָנגעצייכנט און אָנגעפירט די אינערלעכע און אויסערלעכע ציוניסטישע פּאָליטיק לויט זיין אויפפאַסונג און זיין אידעאָלאָגי־שער ריכטונג. די אינערלעכע קעגנזאַצן זענען אָבער מיט דעם נישט אָפּגעשאַפט און אפילו נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. זיי האָבן זיך כסדר פאַרשאַרפט און געדראָט מיט אַן אויסברוך.

דאָס איז טאַקע בולט געקומען צום אויסדרוק נאָך הערצלס טויט, ווען עס האָט פּלוצים אויסגעפעלט די צענטראַלע געשטאַלט פון גרויסן מנהיג. הערצלס נאָכ־פאָלגער, דוד וואָלפזאָן, דער נייער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַ־ניזאַציע, האָט זיך באַמיט צו גיין אין די הערצלישע דרכים און צו פירן די באַ־וועגונג ביד רמה. אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען. דאָס, וואָס מ'האָט מוחל געווען הערצלען, האָט מען נישט געוואָלט נאָכגעבן וואָלפזאָנען. אויסערדעם איז די צייט געוואָרן אַן אַנדערע. די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע (1904—1905) האָט טיף אויפגעטרייסלט די יידישע גאַס אין רוסלאַנד, וואו ס'האָט דעמאָלט געלעבט דער רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק. נייע פּאָליטישע און גייסטיקע שטרע־מונגען האָבן באַהערשט די יידישע פאָלקס־מאַסן. דער סאָציאַליזם איז געוואָרן אין דער יידישער ווירקלעכקייט אַ שטאַרקער פאַקטאָר. דער ציוניזם און זיין באַוועגונג זענען שטיין געבליבן פאַר נייע, גאָר שווערע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן געפאָדערט אַ תיכפדיקע, קלאָרע תשובה. די תשובה איז נישט געווען קיין איינהייטלעכע, ווייל

אויך די טעאָרעטישע יסודות פון ציוניזם זענען נישט געווען איינהייטלעך־פאָרמו־
לירט און פּראָפּאַגירט. באַלד זענען בולט געוואָרן די טיפע סתירות צווישן די באַ־
זונדערע ריכטונגען פון פּאָליטישע ציוניסטן, אחד העמיסטן און די אָנהענגער פון
דער רעאַלער, קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט אין ארץ־ישראל. קאָמפּליצירט האָט נאָך
די סיטואַציע דער קאַמף מיט די טעריטאָריאַליסטן און די נויטיקייט צו פירן אַ
לאַנדס־פּאָליטיק. ס'איז געוואַקסן אין דער ציוניסטישער מחנה דער פאַרלאַנג נאָך
אַן איינהייטלעכקייט פון סינטעטישן ציוניזם. נאָר די דאָזיקע עפּאָכע איז אַ טעמע
פאַר זיך.



דוד וואָלפזאָהן, מאַקס נאָרדוי, ט. הערצל און ד״ר מ. באָדענהיימער

# די יידישע קולטור אויף נייע וועגן

די יערלעכע קאָנווענשאָן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, וועלכע איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק פאָרגעקומען אין פּיטסבורג, האָט פּראָקלאַמירט אַ גראַנדיעזן קולטור־פּלאַן, וועלכער דאַרף ציוניזירן און העברעיזירן דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן באַשלוס און מיט דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, וועלכער פאַרזאַמלט זיך די טעג אין ניו־יאָרק, איז די פראַגע פון דער יידישער קולטור און אירע נייע וועגן להבא, געוואָרן אַקטועל אין דער יידישער עפנטלעכקייט. די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע, פראַנקרייך און אין אַנדערע יידישע צענטערן, דיסקוטירט זינט אַ געווויסער צייט, די פּראָבלעמאַטיק פון דער יידישער קולטור און אירע אויפגאַבן.

די דאָזיקע פּראָבלעמאַטיק איז פאַר דער יידישער און ציוניסטישער ווירקלעכקייט נישט קיין נייע, פריש־באַשאַפענע דערשיינונג. שוין אויף דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, איז די פראַגע וועגן דער יידישער קולטור געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג. במשך די 50 יאָר פון דער אָרגאַניזירטער עקזיסטענץ פון דער מאָדערנער ציוניסטישער באַוועגונג איז די יידישע קולטור־פּראָבלעמאַטיק, סיי טעאָרעטיש און סיי פּראַקטיש, געווען איינער פון די הויפּט־ענינים פון די ציוניסטישע ויכוחים און קאַמפן. געוויסע ציוניסטישע טעאָרעטיקער, עס איז גענוג דאָ צו דערמאָנען די נעמען פון אחד־העם און ד"ר מ. בובער, האָבן די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג געוואָלט פאַרוואַנדלען לגמרי אין אַ ווערקציג פון דער יידישער קולטור־אַרבעט. די גאַנצע יידישע טראַגעדיע פון היים־און־שטאַט־לאָזיקייט איז פון זיי אַוועקגעשטופּט געוואָרן אין אַ ווינקל.

פון דער אַנדערער זייט זיינען געוויסע ציוניסטישע פירער און טעאָרעטיקער דערגאַנגען אין זייער שלילת־הגלות־אידעאָלאָגיע ביז צו דער נעגאַציע פון דער יידישער ווירקלעכקייט מיט אירע מיליאָנען יידיש־רעדנדיקע מאַסן, און האָבן געוואָרפן די עקסטרעם־קנאישע לאָזונג: עברית או רוסית. ציוניסטישע עמיגראַציע־און־קאָלאָניזאַציע־ספּעציאַליסטן האָבן אָפּט בכלל אָפּגעלייגט די ענינים פון דער יידישער קולטור אויף בעסערע צייטן, לכשירחיב, ווען די יידישע נויט וועט זיין געלינדערט, און דער קאָפּ וועט פריי ווערן פאַר דעם „לוקסוס", וואָס רופט זיך יידישע קולטור. די זעלבע שטעלונג האָבן מייסטנס פאַרנומען אויך פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון „מזרחי", הגם זייערע מאָטיוון זיינען געווען נישט בלויז עקאָנאָמיש־פּאָליטישע נאָר בעיקר טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע.

ס'האָט גאַנץ לאַנג געדויערט, ביז אין דער ציוניסטישער מחנה האָט זיך גע־

שאַפֿן אַ מין סינטעזע פֿון די אַלע פֿאַרשידנסטע שטרעמונגען און מיינונגען מכּוח דער יידישער קולטור און אירע אויפֿגאַבן. די שעפֿערישע אַרבעט פֿון ציוניסטישע אינסטיטוציעס און טוער אויף דעם געביט פֿון העברעיִשן און יידישן שול־ווערק, אין דער יידישער פּרעסע־און־פֿאַרלאַגס־וועזן, אין דער העברעיִשער און יידישער ליטע־ראַטור און וויסנשאַפֿט א. א. וו. האָט דער יידישער קולטור געגעבן גלענצנדיקע אימפּולסן און אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן להבא. הגם די סינטעזע פֿון ציוניסטישער קולטור־אַרבעט אין דער גאַנצער יידישער וועלט, איז נישט תמיד און נישט איבע־ראַל געווען לגמרי קאָאָרדינירט און האַרמאָניזירט, איז זי דאָך געווען אויסערגע־וויינלעך אַקטיוו, שעפֿעריש, פֿאַרשידנאַרטיק און באַפֿרוכטנדיק אייגענע און אפֿילו קעגנערישע אַרבעטס־געביטן.

דער גרויסער היסטאָרישער איבערברוך אין דער יידישער געשיכטע, וועלכער איז אין די לעצטע יאָרן, פֿאַר אונזערע אויגן, פֿאָרגעקומען אין דער יידישער ווירק־לעכקייט, שטעלט אַוועק די יידישע קולטור און איר אַרבעט פֿאַר נייע צילן און אויפֿ־גאַבן. דער מוראַדיקער חורבן פֿון אַלטע, דורות־לאַנגע יידישע קולטור־צענטערן אין אייראָפּע, און די גלייכצייטיקע שאַפֿונג פֿון אַ נייעם מלוכהשן און קולטורעלן צענטער אין ארץ־ישראל, פֿירן היינט די יידישע קולטור־פּראָבלעמאַטיק צו גאָר נייע צילן און אויפֿגאַבן. ס׳איז נויטיק געוואָרן אין יידישן לעבן אַן אַלגעמיינע סינטעטישע פֿאַר־בינדונג און קאָאָרדינאַציע פֿון די פֿאַרשידנסטע קולטור־שטרעבונגען און אַרבעטס־געביטן. די צייטן פֿון קנאַישע דיספּוטן צווישן יידישיסטן און העברעיִסטן געהערן צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, זיי קלינגען היינט אָפֿט ווי ווייטע עכאָס פֿון אַ פֿאַרגעסענער תקופֿה. אַלגעמיין־יידישע קולטור־סאָלידאַריטעט, קאָאָרדינאַציע פֿון טאָג־טעגלעכער אַרבעט, און סינטעזע אין בשותּפֿותדיקער טעאָריע און פּראַקטיק, איז געוואָרן דער געבאָט פֿון אונזער נייער יידישער ווירקלעכקייט.

דאָס הייסט נישט, אַז די יידישע קולטור און איר אַרבעט דאַרפֿן ווערן אַ מין פֿאַרבנלאָזע און כאַראַקטערלאָזע באַשעפֿעניש, צוגעפּאַסט צום געשמאַק און פּאַרטיי־אישן פּראָגראַם פֿון אַלע יידישע גרופּן און פּאָליטישע שאַטירונגען. אַ נאַציאָנאַלע קולטור מוז האָבן אַן אידעאָלאָגישן פּרצוף! ס׳איז נישט פֿאַראַן אַזאַ זאַך, וואָס רופֿט זיך נישט־פּאָליטישע קולטור! דער באַגריף נאַציע באַדייט פּאָליטיק, דער קאַמף פֿאַר דעם מאַטעריעלן און גייסטיקן קיום פֿון אַ פֿאָלק — באַדייט פּאָליטיק. קולטור־פּראָבלעמאַטיק — איז פּאָליטיק! די נייע וועגן פֿון דער יידישער קולטור מוזן זיך שטיצן אויף צוויי הויפּט־זיילן: 1) יידישע מלוכהשקייט אין ארץ־ישראל; 2) קאַמף קעגן אַסימילאַציע. ס׳איז נישטאָ און ס׳קאָן היינט נישט זיין קיין יידיש־קייט אָן די דאָזיקע צוויי הויפּט־פּרינציפּן פֿון אונזער נאַציאָנאַלן קיום. די יחידים און גרופּן, וועלכע ווילן זיך אָפּזאָגן צו אָנערקענען די דאָזיקע צוויי עיקרדיקע יסו־דות פֿון אונזער היינטיקער יידישקייט, שטעלן זיך באַוווּסט אָדער אומבאַוווּסט מחוץ למחנה, ווערן אין יידישן לעבן אַ סעקטע, אַ מין מאָדערנע דערשיינונג פֿון פּורשים, קראָאים. נישט ווייל מיר ווילן אַזוי אין אונזער „פּאַרטייאישער קנאות״, נאָר ווייל אַזוי איז די לאָגיק פֿון דער יידישער געשיכטע!

דאָס מוז נעמען אין באַטראַכט דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, וועלכער פֿאַרזאַמלט זיך איצט אין ניו־יאָרק. לויט אונזער מיינונג, טאָר נישט קיין שום ריכטונג אין דער יידישער ווירקלעכקייט, וועלכע אָנערקענט די אויבן־דערמאָנטע

צוויי גרונט־פּרינציפּן פון אונזער היינטיקן נאַציאָנאַלן קיום, אויסגעשלאָסן אָדער געשטעלט ווערן מחוץ דער בשותפותדיקער קולטור־טעטיקייט. אַלע קולטור־כוחות פון יידישן פאָלק, בכל תפוצות ישראל, דאַרפן פאַרבונדן און קאָאָרדינירט ווערן פאַרן גרויסן ציל, וואָס פאַרלאַנגט קאַמף פאַר יידישער מלוכהשקייט און קאַמף קעגן אַסי־מילאַציע.

קאַמף פאַר דער יידישער מלוכהשקייט אין ארץ־ישראל איז היינט די היסטאָ־רישע אויפגאַבע פון אונזער דור. וועגן דעם קאָן נישט און טאָר נישט זיין קיין שום צווייפל. קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע אין אַלע דיאַספּאָרע־לענדער, מיט דער הילף פון אַלע שעפערישע כוחות אין יידיש און העברעיש קאָן נישט און טאָר נישט פירן צו אַ באַנייאונג פון אַלטע, אָפּגעלעבטע און פאַרגעסענע שפּראַך־דיספּוטן. ווען מנחם באָריישא שרייבט אין ניו־יאָרקער „טאָג", אין יולי 1948, אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דער יידישער קולטור־פּראָבלעמאַטיק און באַנייט אַלטע יידישיסטישע טענות צום ציוניזם מכוח יידיש און שלילת־הגלות, דוכט זיך אונז, אַז דער חשובער מחבר לעבט נאָך אין דער אַטמאָספער פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, מיט פערציק יאָר צוריק.

דער איצטיקער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס טאָר נישט און דאַרף נישט, אין דער הינזיכט זיין אַ המשך פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ. די דאָ־זיקע קאָנפערענץ האָט טאַקע אַ סך געלייסטעט און אויפגעטון, אָבער זי איז געווען אַ קאַמף־מאָביליזאַציע פון מיליטאַנטן יידישיזם. און די צייטן פון מיליטאַנטן יידי־שיזם געהערן שוין צום אַלטן עבר, אַזוי ווי די קנאַישע לאָזונג: „עברית או רוסית!"

לאָזט צורו די שאָטנס פון אַמאָליקן קאַמף צווישן יידישיסטן און העברעאיסטן! דאָס איז נישט מער היינט אַקטועל אין יידישן לעבן און דאָס געהערט שוין צו דער געשיכטע! צווישן יענער תקופה פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ און דער היינ־טיקער יידישער ווירקלעכקייט פון יאָר 1948, ליגט אַ ים פון יידיש בלוט, אַ תהום פון זעקס מיליאָן יידישע הרוגים. אונזער ווירקלעכקייט איז היינט אַן אַנדערע, ווי מיט פערציק יאָר צוריק און אויך די יידישע קולטור־פּראָבלעמאַטיק האָט היינט גאָר אַנדערע אויפגאַבן און צילן. ציוניזירונג און העברעאיזירונג פון גלות שטייט נישט אין קיין שום סתירה צו יידיש אַלס פאָלקס־שפּראַך, אַלס קולטור און ליטעראַטור־אינסטרומענט אין אונזער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן קיום. יידיש איז היינט אַ מעכטי־קער מויער, וואָס האַלט און דאַרף נאָך לאַנג אויפהאַלטן דעם שטורעם פון שפּראַכ־לעכער און קולטורעלער אַסימילאַציע אויף די יידישע ישובים אין דיאַספּאָרע. דאָס אנערקענט היינט פולשטענדיק דער ציוניזם. אָבער יידיש אָן העברעיש, אָן אַ פאַר־בינדונג מיטן היסטאָרישן עבר פון יידישן פאָלק און זיין קולטור, און אָן אַ גייסטי־קער און פּאָליטישער סינטעזע מיט דער היינטיקער יידישער מלוכהשקייט אין ארץ־ישראל, קאָן קיין קיום נישט האָבן! דאָס מוזן היינט אנערקענען אַלע, פאַר וועלכע יידיש איז מער ווי סתם אַ סעקטאַנטישער ברוגז און אַ להכעיסדיקער אויפטו.

נייע צייטן פאַרלאַנגען נייע וועגן. דאָס איז נוגע אויך דער יידישער קולטור און איר צוקונפט!

## „דער לעצטער עטאַפּ"

אין די הויפּט־שטעט פון אייראָפּע, ווערט איצט געוויזן אַ נייער פילם, פון פּויר־לישער פּראָדוקציע, אונטער דעם נאָמען: „דער לעצטער עטאַפּ". דער פילם האָט אַרויסגערופן אויפזעען, און ציט צו אַ ברייטן צושויער־עולם. די אַקטיאָרן, וועלכע שפּילן אין „דעם לעצטן עטאַפּ" זיינען נישט קיין באַרימטקייטן און די טעכניק פון פילם איז אַ גאַנץ באַשיידענע. ס'איז די טעמאַטיק, וועלכע דערשיטערט טיף און באַהערשט פולשטענדיק די נשמה פון דער צושויער־מאַסע.

און וואָס פאַר אַ שרעקלעכע, גרוילהאַפטע טעמאַטיק איז דאָס!!! די מוראַ־דיקע דייטשע מאָרד־פאַבריק אין די אויששוויץ־לאַגערן איז די סביבה, אין וועלכער עס אַנטוויקלט זיך די אַקציע פון פילם. דאָ איז דער לעצטער עטאַפּ פאַר מיליאָנען היטלערישע קרבנות. במשך פון לאַנגע דורות איז דער גיהנום, געשילדערט פון גע־ניאַלן איטאַליענישן דיכטער דאַנטע, געווען דאָס שרעקלעכסטע, וואָס דער מענטש־לעכער גייסט האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן אין זיין פאַנטאַזיע פון לידן און פּיין. „פאַרלאָזט די האָפענונג אַלע, וואָס איר גייט דאָ אַריין"!... איז געשטאַנען געשריבן אויף די טויערן פון דאַנטעס גיהנום. הימלערס קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן פאַר־שעמט און צום קינדער־שפּיל געמאַכט די השגות פון דער מיטלאַלטערלעכער פאַנ־טאַזיע.

---

אין צענטער פון פּאַריז, אויף דעם בולוואַר פון מאָנמאַרטר, אין אַ ריזיקן קינאָ־זאַל פון אַמאָליקן „מולען רוזש", רעקלאַמירן שרייענדיקע אַפישן די צאָל פון מיליאָ־נען קרבנות, וואָס זיינען אין אוישוויצער היטלער־גיהנום פאַרניכטעט געוואָרן. די פּאַטאָסן פון דעם פילם „דער לעצטער עטאַפּ", שרעקלעכע בילדער, ווערן רואיק און זאַכלעך קאָמענטירט פון דעם סטאַבילן ערב־רב־פּובליקום, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום צווישן די שכנותדיקע טאַנץ־און־נאַכט־לאָקאַלן און די רוישיקע קאַפע־הייזער. אַלץ איז דאָ פאַרמישט און צונויפגעגאָסן: דאָס הייליקע מאַרטירערטום פון די אויש־וויצער קרבנות און די ביליקע גאַסן־פרייד פון דעם מאָנמאַרטר, דער פּאַטאָס פון דער איבערמענטשלעכער מאָראַלישער גבורה און די געפאַלנקייט פון דער מענטש־לעכער נאַטור, די קדושה און להבדיל די טומאה, דאָס אויסערגעוויינלעכע און דאָס פּשוטע, טאָג־טעגלעכע. ווו איז די גרענעץ און ווו איז דער חילוק? דער פראַנצויז נעמט דאָס אַלץ אויף גאַנץ געלאַסן, מיט זיין ספּעציפיש־סקעפּטישן שמייכל: „סע לאַ ווי!": אַזוי איז דאָס לעבן און אַזוי איז די ווירקלעכקייט פון יאָר 1948.

דאָס שרעקלעכסטע דערביי איז, אַז היינט, דריי יאָר נאָך היטלערס מפּלה, קוקט מען נישט אויף „דעם לעצטן עטאַפּ" ווי אויף אַ זאַך פון אַ קאַשמאַרנעם מוזע־אום. להיפּוך, ס'איז די רעאַליטעט מיט וועלכער מ'אָטעמט נאָך און מיט וועלכער מ'קאָן זיך, חלילה, מאָרגן ווידער טרעפן פּנים־אל־פּנים. מ'לייענט יעדן טאָג אין דער

ציימונג וועגן די דאָזיקע רוצחישע פּייניקער פון אוישוויץ און אַנדערע לאַגערן און מ׳קריצט הילפלאָז מיט די ציין הערנדיק, ווי מ׳לאָזט זיי ווידער פריי און אומבאַ־שטראָפט פאַרסמען די לופט אַרום זיך, אין דייטשלאַנד און אין דער גאַנצער וועלט, מיט זייער חיהשן, זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם (זאָלן אָבער אונז די בידנע פיר־פיסיקע חיות מוחל זיין דעם פאַרגלייך מיט די דאָזיקע צוויי־פיסיקע רוצחים!).

צווישן דעם צושויער־פּובליקום ביים פילם „דער לעצטער עטאַפּ" איז גרויס די צאָל פון יידן. ס׳איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, זיי זיינען בעיקר געווען די אוישוויצער קרבנות. עס זאָגט זיך און שרייבט זיך אַזוי, אַז די קרבנות זיינען געווען פון אַלע פעלקער: פּאָליאַקן און פראַנצויזן, טשעכן און האָלענדער און אַזוי ווייטער און ווייטער. אָבער נישט וויכטיק זיינען געווען די מלוכהשע פּעסער פון די קרבנות, בעיקר זיינען דאָס געווען יידן פון אַלע לענדער און מלוכות.

צי פאַרשטייט די וועלט, זעענדיק אַזעלכע פילמען, ווי „דער לעצטער עטאַפּ", די גרויזאַמקייט פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע בעת היטלערס מערדערישער ממ־שלה? צי האָט זי אַ השגה, אַ בלאַסע אַנונג פון די שרעקלעכע יידישע נשמה־ליידן און די פּסיכישע דערשיטערונגען, וואָס זיינען געבליבן ביי אונז אַלע, ביי די על פּי נס געראַטעוועטע יידן? ס׳איז כמעט ווי אַ וווּנדער, וואָס אַ פאָלק, וואָס האָט דאָס אַלץ מיטגעמאַכט, פאַרלירט נישט זיין גלייכגעוויכט און קייקלט זיך נישט אַראָפּ צו דער מדרגה פון פּסיכאָפּאַטיע! ווייזט מיר אַ פאָלק אין דער וועלט, וואָס וואָלט אַזוי רואיק און באַהערשט איבערגעלעבט אַזאַ מאַרטיראָלאָגיע, ווי מיר יידן! ווען דאָס וואָלט געטראָפן מיט זיי, מיט די נישט־יידן, וואָלטן זיי לגמרי אַרויס פון גלייכגעוויכט, גע־וואָרן מאַסנהאַפט משוגעים אָדער מערדער. דאָס איז די לאָגיק, וועלכע עס לערנט דער יידישער באַזוכער פונעם פילם „דער לעצטער עטאַפּ".

מאַקס נאָרדוי האָט אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, געזאָגט: „לאָגיק איז אַ גרי־כישע קונסט, יידן האָבן זי פיינט. דער ייד לערנט נישט פון שכל, נאָר פון קאַטאַסט־ראָפעס. ווען כמאַרעס באַדעקן דעם הימל און ס׳איז לאָגיש, אַז ס׳וועט רעגענען, וועט דער ייד זיך נישט באַזאָרגן מיט אַ שירעם. ערשט ווען ער ווערט נאַס, פאַרקילט זיך און באַקומט אַ לונגן־אַנטצינדונג, ערשט דעמאָלט קויפט ער אַ שירעם".

אוודאי איז נאָרדוי געווען גערעכט מיט דער דאָזיקער אָפּשאַצונג. אָבער די השגה אין נאָרדויס צייטן וועגן יידישע קאַטאַסטראָפעס איז געווען אַזוי ווייט פון דער שפּעטערדיקער היטלערישער ווירקלעכקייט, ווי דער גיהנום פון דאַנטע צו דער אוישוויצער מאָרד־פאַבריק. נאָך אַזאַ „לעצטן עטאַפּ" דאַרף יעדער ייד סוף־כל־סוף פאַרשטיין, ווי ער האַלט אין דער וועלט, און אַז זיין פּערזענלעכע דערלייזונג איז אויף טויט און לעבן פאַרבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער דערלייזונג פון זיין פאָלק.



# עמיל לודוויג און זיין דור

אין זיין רייכער ווילע אין דער שווייץ, איז מיט א פּאָר טעג צוריק, געשטאָרבן דער באַרימטער דייטש־יידישער שריפטשטעלער עמיל לודוויג. ער איז שוין געווען כמעט א זיבעציק־יעריקער און זיינע לעצטע נאָכמלחמהדיקע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט ביים שרייבן מעמוארן. עמיל לודוויג האָט אין זיינע זיבן יאָרצענטער א סך מיטגע־מאַכט, א סך געזען און געהערט, און זיינע מעמוארן, וואָס גרייטן זיך איצט צום דרוק, וועלן זיכער זיין א שטיקל סענסאַציע אין דער וועלט־ליטעראַטור.

מיט עמיל לודוויג גייט אַראָפּ פון דער, אַזוי צו זאָגן, היסטאָרישער בינע, א גאַנצער דור, וועמענס פּראָמינענטעסטער און באַרימטסטער פאָרשטייער איז טאַקע געווען ער, עמיל לודוויג אליין, מיט זיין פּערזענלעכקייט און טעטיקייט. דאָס איז גע־ווען דער דור פון אַרבעטסזאַמע, געבילדעטע און טאַלאַנטירטע יידיש־דייטשע זשור־נאַליסטן און שרייבער. א גאַנצע פּלעיאַדע פון באַוווסטע נעמען און געשטאַלטן שטייען אויף תחית המתים פאַר אונזערע אויגן. ווו זיינען זיי אלע, די מאַכטהאָבער פון דער דייטשער פּרעסע און בוך־פאַרלאַגן, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין יידישע קולטוס־געמיינדן, אָבער געלעבט און געקעניגט האָבן זיי אין דער דייטשער קולטור און אין איר מעכטיקער פּרעסע־און־ביכער־מלוכה. ביד רמה האָבן זיי רעגירט, די דאָזיקע איינפלוס־און־געלט־רייכע יידישע פּרעסע־מאַגנאַטן אין דייטשלאַנד. ווו זיינען זיי, ווו איז זייער דור און זייער תקופה? דער דור פון א מאָריץ בענעדיקט, דעם אַרויסגעבער־רעדאַקטאָר פון דעם גרויסן וועלט־בלאַט „די נייע פרייע פּרעסע", דעם „פּרנסה־געבער" און אַנטאַגאָניסט פון טעאָדאָר הערצל! ווו איז אַהינגעקומען די תקופה פון א טעאָדאָר וואָלף, דעם רעדאַקטאָר פון מעכטיקן „בערלינער טאַגעבלאַט"?

געשטאָרבן איז יענער דור, פאַרשוווּנדן איז יענע תקופה און אָפּט דאַכט זיך, אַז דאָס זיינען גאָר אַלטע, כמעט פאַר־היסטאָרישע צייטן. עמיל לודוויגס טויט דער־מאָנט אין יענער פאַרפלאָסענער צייט, ווייל אפשר איז געווען דער איצט פאַרשטאָר־בענער שריפטשטעלער דער לעצטער מאָהיקאַנער פון דעם לאַנגן דור יידיש־דייטשע שרייבער און זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן מיט זייער טאַלאַנט און שפּעריש כוח באַהערשט דאָס, וואָס האָט זיך אַמאָל אַזוי שטאָלץ גערופן: „דייטשע גייסט־וועלט".

מיר יידן האָבן נישט קיין באַזונדערע סיבה, צוליב וועלכער מיר זאָלן זיך שטאַרק מצטער זיין נאָך יענעם פאַרשטאָרבענעם דור און נאָך יענער פאַרגאַנגענער תקופה. קיין גרויס נחת און קיין גרויסן נוצן האָבן מיר פון דער „מלוכהשאַפט" פון די יידיש־דייטשע פּרעסע־און־ליטעראַטור־מאַגנאַטן נישט געהאַט. ס'איז אָן אינטע־רעסאַנטע און זיכער דאַנקבאַרע טעמע פאַר יידישע היסטאָריקער אויסצופאָרשן, ווי ווייט די טעטיקייט פון די דאָזיקע יידיש־דייטשע „קולטור־מאַגנאַטן" האָט גורם גע־

ווען און צוגעהאָלפן, פאַרשטענדלעך אומבאַוווסט, צו היטלערס נצחון אין דייטש־לאַנד.

זייער גאַנץ לעבן זיינען זיי, די עמיל לודוויגס, די גרויסע, די קלענערע און די גאָר קליינע, אַנטלאָפן פאַר זייער יידישן שאָטן. זייער שמד־צעטל איז געווען בלויז אַ פראַגע פון לעבנס־טעכניק און געשמאַק־זאַך. ווייל מיט אַ שמד־צעטל צי אָן אַ שמד־צעטל, זיינען זיי קיין יידן נישט געווען, און בשום אופן נישט געוואָלט זיין. לודוויג איז געווען בלויז אַ פסעוודאָנים, אַ פרעמדער, צוגעטראַכטער נאָמען. געהייסן האָט ער באמת כהן. אָבער גיי זיי אַ דייטשער קולטור־טרעגער און שריפטשטעלער, האָבנדיק אַ נאָמען קאָהן! איז פון דעם יידיש־אַריסטאָקראַטישן כהן — געוואָרן לודוויג. אַביסל שווער געווען דעם פאַמיליע־נאָמען צו ענדערן, לייכטער איז געווען, פאַרשטענדלעך, גלייך ביים געבוירן ווערן צו באַקומען דעם עכט־גוישן פאָרנאָמען עמיל.

קיין טראַגעדיע האָט עמיל לודוויג צוליב זיין יידישקייט נישט איבערגעלעבט. נישט אין זיינע יוגנטלעכע און שטורעם־און־דראַנג־יאָרן, בעת ער איז געווען סטודענט אין היידעלבערג. נישט שפעטער, ווען ער האָט אַלס זשורנאַליסט און דראַמאַטורג, גע־מאַכט אַ שנעלע קאַריערע אין דייטשלאַנד, און נישט אין זיינע רייפקייט־יאָרן, ווען ער האָט סוף־כל־סוף געפונען זיין באַשטימונגס־וועג פון וועלט־באַרימטקייט, כבוד און עשירות, אַלס אויטאָר פון ביאָגראַפישע ווערק. און אויך נישט צו זיין לעבנס־עפּילאָג, ווען זיין דייטש־יידישער דור האָט דערזען דעם שרעקלעכן חורבן פון דייטשן און אייראָפּעישן יידנטום, דעם מוראדיקן צוזאַמענברוך פון דורות־לאַנגע גלויבנס און האָפענונגען.

זאָל ער אונז, דער פאַרשטאָרבענער עמיל לודוויג, מוחל זיין: קיין העלדישע אָדער טראַגישע געשטאַלט איז ער קיינמאָל נישט געווען. ער האָט נישט פּראָפּאַגירט קיין אידעאָלאָגיעס און נישט געקעמפט פאַר וועלט־אַנשויאונגען. ער האָט זיך נישט גע־בראָכן און נישט געליטן. קיין היינריך היינע אָדער אפילו סטעפאַן צווייג איז ער נישט געווען. היינע מיט זיין טויף־צעטל אין דער קעשענע, האָט זיך געוואָרפן מיט שמערצן און ליידן, מיט צער און בענקשאַפט, צווישן דעם עבר און דעם הווה, און האָט קיין מנוחה נישט געפונען, נישט געקאָנט געפונען. סטעפאַן צווייג איז פון יידנטום אַנטלאָפן, ווייל ער האָט באמונה שלמה געגלויבט אין זיין קאָסמאָפּאָליטישע אייראָפּעישקייט, וואָס דאַרף שטיין העכער איבער רעליגיעס און נאַציעס. און ווען זיין וועלט איז חרוב געוואָרן איז אויך סטעפאַן צווייג חרוב געוואָרן.

עמיל לודוויג האָט רעפּרעזענטירט יענעם דור דייטש־יידישע שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן, וואָס האָבן אַ סך טיכטיקייט, בילדונג און טאַלאַנט, אָבער פאַרמאָגן נישט דאָס פייער פון אַן אידעאָלאָגישער אמונה, די התלהבות צו גרויסע מעשים און קרבנות. און צוליב דעם האָט עמיל לודוויג נישט געהערט צו די „געטאָ־טרוימערס", ווי אַ מאַקס נאָרדוי אָדער ישראל זאַנגוויל. דער דאָזיקער דור פון דייטש־יידישע זשור־נאַליסטן און שרייבער, וועמענס פּראָמינענטסטער רעפּרעזענטאַנט איז געווען עמיל לודוויג, האָט תמיד געזוכט און געפונען דעם וועג פון צופּאַסן זיך. ער וואָלט זיך אפילו צוגעפּאַסט צו אַדאָלף היטלערן און זיין ממשלה, ווען נישט דער יידישער „געבורטס־פעלער", וועלכער האָט די דאָזיקע צופּאַסונג אַ פריאָרי אוממעגלעך גע־

מאכט. היטלער האָט נישט געוואָלט פאַרגעסן, אַז די עמיל לודוויגס זיינען אינדער־אמתן בלויז כהנ׳ס.

מיט אַ גרויסן טאַלאַנט, וויסן און שעפערישער אינטואיציע, האָט עמיל לודוויג געשריבן זיינע ביאָגראַפישע ווערק וועגן נאַפּאָלעאָן און ביסמאַרק, וועגן ישוע הנוצרי און געטהע, וועגן דעם גרויסן אַמעריקאַנער פּרעזידענט־מאַרטירער אברהם לינקאָלן און להבדיל וועגן הינדערבורגן. עמיל לודוויג האָט פאַרשטאַנען אַרויסצוגעפינען און בולט צו מאַכן אַלץ, וואָס איז געווען הערויִש און גרויס אין די היסטאָרישע געשטאַלטן, וועלכע ער האָט פאַר אונז אַזוי פאַרבנרייך געשילדערט. (ער האָט אויך ליב געהאַט, אַלס אַ נעבן־באַשעפטיקונג, צו מאָלן פּאָרטרעטן!). אָבער דאָס אַלץ איז געווען קונסט לשם קונסט. די הערויִשקייט פון זיינע ביאָגראַפישע העלדן, האָט עמיל לודוויגן גופא ווייניק, זייער ווייניק געענדערט.

עמיל לודוויגס אינטערוויוען מיט טאָמאַס מאַסאַריק, בעניטאָ מוסאָליני און יאָסיף סטאַלין, האָבן זיינער־צייט אַרויסגערופן אין דער גאַנצער וועלט־פּרעסע און עפנטלעכקייט אַ מין סענסאַציע, וועגן וועלכער מיליאָנען מענטשן האָבן געלייענט און גערעדט. די איידעלע געלערנטע און פילאָזאָפישע געשטאַלט פון טשעכאָסלאָוואַקישן מלוכה־פּרעזידענט האָט דורך עמיל לודוויגס פּובליקאַציע באַקומען אַ מעכטיקן אויסדרוק אַלס די ערלעכע און האַרציקע שטים פון דעמאָקראַטישן געוויסן. אָבער אויך דער איטאַליענישער דיקטאַטאָר האָט ביי עמיל לודוויגן באַקומען אַ גוטע אויפנאַמע, און זיין שילדערונג האָט גערעדט וועגן דעם אויטאָרס סימפּאַטיע פאַר דעם פאַשיסטישן פירער. מן הסתם וואָלט עמיל לודוויג געפונען אויך אַ וועג צו אַדאָלף היטלערן און וואָלט געדרוקט אַ וועלט־באַרימטן אינטערוויו, ווען נישט... דער דערמאָנטער יידישער געבורטס־פעלער. אין יאָר 1936 האָט לודוויג פאַרויסגעזען, און וועגן דעם עפנטלעך געשריבן, אַז די נייע וועלט־מלחמה וועט אויסברעכן אין צוויי־דריי יאָר אַרום. אָבער אַליין האָט ער פון זיין נבואה נישט געצויגן קיין קאָנסעקווענצן, ער איז געבליבן אין אייראָפּע, אין זיין באַקוועמער שווייצאַרישער ווילע, ערשט־ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז ער אַוועק פון דער שווייץ קיין אַמעריקע.

ער, עמיל לודוויג, האָט אין לעבן מער מזל געהאַט, ווי זיין גאַנצער יידיש־דייטשער דור. זייער וועלט איז חרוב ונחרב געוואָרן און אין דעם דאָזיקן חורבן איז אומגעקומען דער גרויסער רוב פון זיין יידיש־דייטשן דור. נאָך דער היטלערישער מפּלה, איז עמיל לודוויג צוריקגעקומען פון זיין „גלות־אַמעריקע" אין די שווייץ. מ׳האָט פון לודוויגן זינט דעמאָלט ווייניק געהערט און געלייענט. צי האָט די שרעקלעכע טראַגעדיע פון זיין יידיש־דייטשן דור, אויפגעטרייסלט עמיל לודוויגס נשמה? צי האָט דער מוראַדיקער טויט פון זעקס מיליאָן יידן, אַרויסגערופן ביי אים הרהורי־תשובה? מיר האָבן דאָס נישט געהערט און נישט געלייענט פון אים! ער איז, אויך אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן, געבליבן פרעמד און ווייט פון זיין אָפּשטאַם. זיין קול האָט זיך געדאַרפט הערן איבער דער גאַנצער קולטור־וועלט מיט אַ וויי־געשריי פון אַן עמיל זאָלאַ׳ס „ז׳שאַקיז!". מ׳האָט דאָס נישט געהערט פון אים, אפילו אין דער מאָס, אין וועלכער דער דייטשער גוי, טאָמאַס מאַן, האָט דאָס אויסגעדריקט. זיין פעדער האָט געדאַרפט אויפציטערן מיט אַ פרישן טאַלאַנט־אויסדרוק לכבוד דער נייגעשאַפענער יידישער מלוכה. מיר האָבן דאָס נישט געלייענט!

אין זיין ווילע אין אַסקאָנאַ, אין דער פּראַכטפולער, מאָלערישער סביבה פון

טעסינער שווייץ, האָט דער דייטשער ייד עמיל לודוויג געשריבן, אין די לעצטע לע־בנס־יאָרן, זיינע זכרונות. די שרעקלעכע, טראַגישע קעגנוואַרט פון זיין פאָלק איז צו אים נישט דערגאַנגען. ער איז געווען אַ גרויסער שרייבער און טאַלענטירטער מאָ־לער פאַר דער „קונסט לשם קונסט". זיין פּלאַץ איז געווען אין אַן אַנדערער צייט־תקופה און ביי אַן אַנדער פאָלק.

ער האָט געדאַרפט לעבן אין אַן אידילישער, רואיקער סביבה און ביי אַ רואיקן, זאַטן פאָלק. געלעבט האָט ער אין אַ שטורעם־בלוטיקער צייט און געשטאַמט האָט ער פון אַ טראַגיש־מאַרטירערישן פאָלק. נישט די צייט און נישט דער שווערער גורל פון אונזער פאָלק קאָנען זיך אָבער נישט פאַרגינען דעם לוקסוס פון קונסט־לשם־קונסט. אין דעם איז באַשטאַנען די טראַגישקייט פון עמיל לודוויג און זיין דור.



עמיל לודוויג

## „געברענטע טריט״ פון ז. סעגאלאוויטש

### ארויסגעגעבן דורכן פארבאנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע, בוענאס איירעס, 1948

(רעצענזיע)

מיטן חורבן פון גרויסן פויליש־יידישן ישוב איז אויך חרוב געווארן אן ערנסטער פאקטאר אינעם יידישן פארלאגס־וועזן. ס'איז נישט לייכט ארויסצוגעבן היינט א יידיש בוך. און צוליב דעם קומט דעם צענטראל־פארלאג פון די פוילישע יידן אין ארגענטינע א גרויסער יישר כוח, וואס ער באמיט זיך, אין א קליינעם אבער געלונגענעם מאסשטאב, ממשיך צו זיין די גאלדענע קייט פון אמאליקן יידיש־פוילישן פארלאגס־וועזן. דאס איז אין א גרויסער מאס צו פארדאנקען דעם באוווסטן יידישן זשורנאליסט און שרייבער מארק טורקאוו, וועמען דער קריגס־גורל האט פארטריבן מעבר לאוקינוס קיין ארגענטינע. די פאר צענדליק ביכער, וועלכע דער יידיש־פוילישער פארבאנד אין ארגענטינע האט ביז איצט ארויסגעגעבן, זיינען באמת א גרויסער אויפטו. בפרט, אז דאס איז נישט בלויז קוואנטיטעט נאר אויך קוואליטעט. צווישן די פארשידענע ביכער זיינען דא ווירקלעך ווערטפולע און אינטערעסאנטע פובליקאציעס, אויף וועלכע ס'איז כדאי זיך אפצושטעלן.

צו דער דאזיקער קאטעגאריע געהערט אויך דאס בוך פון ז. סעגאלאוויטש: „געברענטע טריט״. אייגנטלעך זיינען דאס נישט מער ווי „איינדרוקן און איבערלעבונגען פון א פליטים־וואנדערונג״ (ווי ס'איז אויפגעדרוקט אויף דעם שער־בלאט פון בוך), וועלכע מיליאנען יידישע מענטשן האבן דורכגעמאכט אין דער ערשט פארגאנגענער היטלער־מלחמה. קיין סענסאציעס אדער ספעציעל־וויכטיקע ענינים וועט איר אין סעגאלאוויטשעס בוך נישט געפינען. זיכער האבן די צענדליקער טויזנטער יידן אין די דייטשע מארד־לאגערן איבערגעלעבט א סך מער גרויזאמע און שוידערלעכע זאכן, ווי דער אויטאר פון „געברענטע טריט״. אבער סעגאלאוויטש האט זיין גורל־וואנדערונג בעת דעם בלוטיקן וועלט־שטורעם פון ווארשע, אין הארבסט 1939, ביז תל־אביב 1940, געקליידעט אין אן עכט־קינסטלערישן לבוש, פול מיט געפיל, טאלאנט און פילאזאפישער רעפלעקסיע. סעגאלאוויטש איז אין דער יידישער ליטעראטור, זייט יארצענטער, א באקאנטער נאוועליסט און ראמאן־שרייבער. אבער די שווערע מלחמה־יארן, די מוראדיקע טראגעדיע פון פוילישן יידנטום, צרת־היחיד און צרת־הכלל, האבן געהאט א טיפע און ערנסטע ווירקונג אויף סעגאלאוויטשן. כמעט אויף יעדן זייטל פון זיין בוך געפינט איר פילאזאפישע רעפלעקסיעס, סקעפטישע פארטיפונג אין א מעלאנכאליש־עלעגישן טאן. נישט וויכטיק זיינען די געשעענישן און פאסירונגען פון דיכטער אויף זיין קריגס־וואנדערונג פון ווארשע קיין תל־אביב, דורך

די פאַרשידענע לענדער און רעזשימען, וויכטיק זיינען די געפילן און געדאַנקען, וואָס דריקן אויס די נשמה־ליידן און די גייסטיקע ראַנגלענישן פון מיליאָנען יידישע פּלי־טים אויף די פאַרשידנסטע וועגן און אומוועגן פון זייער קאַמף, אומקום און רעטונג. אין דער דאָזיקער הינזיכט וועט דאָס בוך „געברענטע טריט" בלייבן אַ דאָקומענט פון אונזער דור, אַ מין פראַגמענט פון דער גראַנדיעזער פּליטים־עפּאָפּיי, וועלכע וואַרט נאָך אויף איר גרויסן און געניאַלן שילדערער.

אַז די דאָזיקע יידישע עפּאָפּיי פון אונזער דור האָט אַ טיף־מענטשלעכע און קינסטלערישע טעמאַטיק, דאָס באַווייזט בולט סעגאַלאָוויטשעס בוך, וואָס איז גע־שריבן אָן פּרעטענסיעס, אָן וועלכן ס'איז ליטעראַרישן פּאַטאָס, אָט אַזוי ווי מ'דער־ציילט פּשוט אינעם קרייז פון נאָענטע באַקאַנטע. גראָד צוליב דעם איז זיין ווירקונג אויף די לייענער אַ זייער שטאַרקע. אָט נעמט גלייך אין אָנהייב פון בוך דאָס בילדל: דאָנערשטיק אָוונט, שפּעט אין דער נאַכט, דער לעצטער נאַכט פאַר דעם קריגס־אויס־ברוך, אין באַקאַנטן יידישן רעסטאָראַן אין וואַרשע, אויף ביעלאַנסקע גאַס, „פּיקאַ־דילי", ווו אַ גרעסערע גרופּע יידישע שרייבער האָט מיט שפּאַנונג געוואַרט אויף די לעצטע ידיעות:

„די לעצטע געסט פון רעסטאָראַן האָבן שטאַרק געקוקט צו אונז, געמיינט, אַז מיר ווייסן עפּעס. מיר האָבן אָבער גאָרנישט געוווסט. מען האָט גערעדט און פון רעדן געדענק איך אַ פראַזע: „אַ מלחמה אין די געדיכטע יידישע ישובים וועט זיין דאָס גרעסטע אומגליק פאַר אונז יידן". שפּעטער איז אַריינגעלאָפן בערנאַרד זינגער. ער איז געקומען פון די פּוילישע זשורנאַליסטן. ער האָט אָפּגערופן שוואַלבען (דעם רע־דאַקטאָר פון יידיש־פּוילישן טאָג־בלאַט „נאַש פּזשעגלאָנד") און עפּעס גערעדט מיט אים. שוואַלבע איז געקומען צוריק צו אונזער טיש מיט איין פראַזע בלויז: „נישטאָ שוין קיין האָפענונג". ס'איז שטיל געוואָרן. אין דער שטילקייט האָט ער זיך אַרויס־גערוקט פון רעסטאָראַן. שפּעטער האָבן מיר זיך אויך אויפגעהויבן. שווער איז געווען אויפן האַרצן, אַזוי שווער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. אויף דער גאַס זיינען מיר געווען אַ גרעסערע גרופּע: מנחם קיפּניס, ד"ר גאָטליב, די צוויי באַרימטע אַרטיסטן פון קליין־טעאַטער — דזשיגאַן און שומאַכער, דער סעקרעטאַר פון „מאָמענט" פראָ־פּוס, עס זיינען געווען נאָך עטלעכע פּערזאָן. שטענדיק אין אַזאַ אָוונט האָט מען זיך געוויצלט, היינט האָבן אַלע געשוויגן. בלויז דזשיגאַן האָט אַקראָבאַטיש אַ שפּרונג געטון און אַרויסגעשריגן צו דער נאַכט: „און איך וועל זיך וועטן מיט דער גאַנצער וועלט, אַז קיין מלחמה וועט נישט זיין!" — „הלוואי" — האָט קיפּניס אונטערגע־כאַפּט. אין דעם איז אַ קאַץ דורכגעפלויגן, די קאַץ איז אַרונטערגעפאַלן אונטער אַן אויטאָמאָביל. נישט דערהרגעט געוואָרן, נאָר געבליבן ליגן אויפן מיטן פון דער גאַס. די קאַץ האָט שרעקלעך געקרעכצט. איך וואָלט נישט געגלייבט, אַז אַ קאַץ קאָן אַזוי האַרצרייסנדיק קרעכצן. „נישט קיין גוטער סימן", האָט קיפּניס ווידער אַ ברום געטון"..

מיר האָבן בכיוון דאָ געברענגט אַ גרעסערן ציטאַט פון סעגאַלאָוויטשעס בוך. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דער גייסטיקער קלימאַט פון דעם בוך. פּאָליטיק געמישט מיט פּאָעזיע, און האַרץ־געפיל מיט ברוטאַלער ווירקלעכקייט — שאַפן דעם מיליע, פון וועלכן סעגאַלאָוויטש דערציילט, אין פיינער און אינטערעסאַנטער פאָרם, דאָס אַלץ, וואָס מיר אַלע, יידישע פּליטים, האָבן איבערגעלעבט. מיט דעם דיכטער וואַנדערן

מיר אין טויט־געפאר צווישן שלאכטן און באמבעס, איבער יידישע שטעטלעך און גויישע דערפלעך, ביז מיר קומען צו דער פרידלעכער ווילנע, דער נייער הויפּט־שטאָט פון ליטע. די גלגולים פון דיכטער אין סאָוויעטישע אמטן, אין קאָוונע, מאָסק־ווע און אָדעס, זיינען אַן אָדיסיי, פאַרבנרייך און פאַרכאַפּנדיק. די נסיעה איבער קאָנסטאַנטינאָפּאָל און ימים, דערמאָנט כמעט אין די „נסיעות פון בנימין השלישי". ענדלעך איז סעגאַלאָוויטש אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, קיין תל־אביב.

דער דיכטער מיט לאַנגע בונדישע טראַדיציעס און אַנטי־ציוניסטישע סברות, איז באַגייסטערט מיט דעם יידישן לאַנד און מיט דער הערלעכער יידישער שטאָט. „אָבער די נשמה איז איבערגעלאָדן מיט דעם נעכטן". מיט דעם נעכטן, וואָס שטייט פאַר דעם חורבן.

סעגאַלאָוויטש איז נישט געוואָרן קיין ציוניסט, הגם ער איז אַ ספּעציפישער חובב־ציון. צווישן עבר, וואָס איז אַוועק און דעם עתיד, וואָס בויט זיך אין קאַמף און אַרבעט אין ארץ־ישראל, געפינט ער נישט קיין בריק. זיין נשמה איז צעריסן און זיין האַרץ איז צעוויי טיקט. אָבער אונזער יידישער צער האָט געגנוג געריסן קריעה און געוויי טיקט אויף פרעמדער ערד. מיר בויען דעם יידישן עתיד אין אַן אייגענער יידישער מלוכה און אונזערע דיכטער האָבן אַ נייע אויפגאַבע: די אויפגאַבע פון נאַציאָנאַלער אַרבעט און נאַציאָנאַלן קאַמף.



פון רעכטס צו לינקס:
דוד פרישמאַן, ז. סעגאַלאָוויטש און ח. נ. ביאַליק
(פאָטאָגראַפירט אין אָדעס, אין יאָר 1916)

## דער פּוילישער ציוניזם אין געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו

אָן קיין שום ספק, אַז די געשיכטע פון יידן אין פּוילן איז פאַרענ־דיקט. נישט וויכטיק איז, צי להבא וועלן אויף דער פּוילישער ערד וווינען 60 צי 30 טויזנט יידן. די היסטאָרישע תקופה פון פּוילישן יידנטום, וואָס האָט געדויערט כמעט 1000 יאָר, געהערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. די דאָזיקע תקופה איז גע־ווען אַ גלענצנדיקע, רומפולע עפּאָכע אין דער צוויטויזנט־יעריקער דיאַספּאָרע־וואַנ־דערונג פון יידישן פאָלק. זי איז נישט די איינציקע עפּאָכע אין אונזער גלות־גע־שיכטע, וועלכע איז טראַגיש אָפּגעשלאָסן געוואָרן, הגם קיינע פון די פאַריקע עפּאָ־כעס האָט זיך נישט פאַרענדיקט אויף אַזאַ מוראדיקן, בלוטיקן אופן. גענוג דאָ צו דערמאָנען די הערלעכע ספרדישע עפּאָכע, מיט איר גאַנצן מאַטעריעלן און גייסטיקן גלאַנץ.

ליידער, געהערט שוין אויך די פּוילישע תקופה צו אונזער היסטאָרישן עבר און קיין שום כוח איז מער נישט ביכולת צו באַנייען אויף דער פּוילישער ערד אונזער קיום, וועלכער איז אַזוי גרויזאַם אָפּגעשניטן געוואָרן. די רעשטלעך פון פּוי־לישן יידנטום, וואָס וועלן פאַרבלייבן נאָך וויטער אין דער פּוילישער מלוכה, וועלן אפשר נאָך אַ געוויסע צייט לעבן מיט די טראַדיציעס פון נאָענטן און מעכטיקן עבר, אָבער לאַנג קאָן דאָס נישט דויערן. אַזוי ווי למשל דאָס איטאַליענישע יידנטום מיט זיינע פאַר צענדליק טויזנט נפשות, האָט נישט געשפּילט און נישט געקאָנט שפּילן קיין שום ערנסטע ראָל אין מאָדערנעם יידנטום, הגם אויך אין אים זענען, אָן ספק, פאַרבליבן לעבעדיקע טראַדיציעס פון יענער היסטאָרישער צייט, ווען די איטאַליע־נישע יידן האָבן געשאַפן אַ שיינע תקופה און ווערטפולע עפּאָכע אין אונזער נאַציאָ־נאַלן קיום.

דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז געוואָרן אַ המשך פון אונזער דיאַס־פּאָרע־לעבן. די אַמעריקאַנער עפּאָכע וועט ווערן דער נייער רינג אין דער גאָלדע־נער קייט פון אונזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ מחוץ לארץ. לאָמיר האָפן, אַז די אַמעריקאַנער יידן, וואָס נעמען אַרום אַ גרויסע צאָל פון אונזערע פּוילישע ברידער, וועלן זיין ווערטפולע יורשים פון דעם אַמאָליקן גרויסן יידישן צענטער אין פּוילן. אויך די גרויסע צאָל פּוילישע יידן אין מדינת ישראל גיט אונז די גאַראַנטיע, אַז די הערלעכע, דורות־לאַנגע טראַדיציע פון פּוילישן יידנטום וועט געפינען איר המ־שך אין דער נייער יידישער מלוכה.

פאַר דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע איז איצט געקומען די צייט צו מאַכן אַ געשיכטלעכן בילאַנס פון דעם אַלעמען, וואָס רופט זיך די תקופה פון יידן און יידנ־טום אויף דער פּוילישער ערד. ס'איז ווי געזאָגט, אַן עפּאָכע פון אַן ערך 1000 יאָר, פול מיט עליות און ירידות, מיט נצחונות און מפּלות, מיט גרויסע דערגרייכונגען

און טראַגישע איבערלעבענישן. דער דאָזיקער בילאַנס איז אַ וויכטיקע, נאַציאָנאַלע און וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פאַר אַ גאַנצן דור פון יידישע היסטאָריקער. בעיקר, זענען דערצו באַרופן די יידישע היסטאָריקער, וואָס שטאַמען פון פּוילן. דאָס גרויסע און הערלעכע פּוילישע יידנטום מיט זיין רייכן, פאַרשידנאַרטיקן ווירטשאַפטלעכן, פּאָליטישן און גייסטיקן לעבן, וואָס איז אַזוי גרויזאַם חרוב געוואָרן, דאַרף ווידער אויפלעבן אין אַ מין ענציקלאָפּעדיע, וואָס זאָל זיין אַ טרייע און גענויע אָפּשפּיגלונג פון דעם פּוילישן יידנטום אין זיין דורות־לאַנגן אַנטוויקלונגס־גאַנג. די ענציקלאָפּעדיע דאַרף שטיין אויף דער אַנטשפּרעכנדיקער וויסנשאַפטלעכער און נאַציאָנאַלער הויך און דאַרף בלייבן פאַר דער יידישער און אַלגעמיינער מענטשהייט דער היסטאָרישער מאָנומענט פון אונזער עבר אויף דער פּוילישער ערד.

---

נישט דאָ איז דער פּלאַץ איצט אָפּצושטעלן זיך גענוי אויף דער פאָרם און אויף דעם אינהאַלט פון דער דאָזיקער ענציקלאָפּעדיע, וואָס דאַרף זיין אַלזייטיק און אויספירלעך באַאַרבעט. ווי דער טיטל פון מיין אַרטיקל ווייזט אָן, בין איך אויסן, זיך אָפּצושטעלן דאָ בלויז אויף דער דערשיינונג פון פּוילישן ציוניזם, און אויך וועגן דעם זיך בלויז אָפּשטעלן, ווייל די טעמאַטיק פון „פּוילישן ציוניזם אין געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו”, וועט מען דאַרפן אויספירלעך נאָך באַאַרבעטן, ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט. מיין כוונה דאָ איז בלויז צו געבן אַ פּאָר איניציאַטיוו־געדאַנקען.

וועגן דעם פּוילישן ציוניזם און זיין גרויסער באַדייטונג סיי פאַרן פּוילישן יידנטום און סיי פאַרן וועלט־יידנטום איז אַ סך געשריבן געוואָרן. די מאַטעריאַלן, סיי אין דער אַמאָליקער פּרעסע און סיי אין בוך־פאָרם, זיינען צאָלרייך און פאַרשידנאַרטיק. דאָס אַלץ איז אָבער געשריבן געוואָרן אַזוי־צו־זאָגן „אויף דער הייסער מינוט”, ווען דאָס לייזנשאַפטלעכע פּאָליטישע לעבן אין פּוילישן יידנטום האָט פאַרלאַנגט אַ שנעלע אַקטיוויטעט, סיפּעלט די געשיכטלעכע פּערספּעקטיוו. דאָס זענען מיינסטנס אַרכיוואַלע מאַטעריאַלן, וועלכע מען דאַרף ערשט גענוי סאָרטירן און באַאַרבעטן, בכדי עס זאָל זיך באַקומען דאָס ריכטיקע און טרייע בילד פון דער תקופה און אירע מנהיגים.

מיט אַ צוויי יאָר צוריק, האָב איך געפּרוווט שרייבן אַ סעריע אַרטיקלען אויף דער טעמע: „היסטאָרישע געשטאַלטן פון פּוילישן ציוניזם”. און הגם, די אַרטיקלען זענען געשריבן געוואָרן כלאחר־יד, כמעט אויסשליסלעך פון פּערזענלעכן זכרון, האָבן זיי דאָך אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג און אַנערקענונג. דאָס איז נישט אַזוי ווייט געווען מיין פאַרדינסט, ווי דער באַווייז, אַז טויזנטער פּוילישע יידן בכל תפוצות העולם לעבן נאָך היינט אין זייער וועלט פון דער פאַרגאַנגענהייט אויף דער פּוילישער ערד און זיי נעמען אויף מיט דער גרעסטער דאַנקבאַרקייט אַלץ, וואָס פּרווט צו באַנייען אין זייער זכרון די דאָזיקע פאַרגאַנגענהייט.

אַ ווערק וועגן דעם פּוילישן ציוניזם, לויט אַ געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו באַאַרבעט און צונויפגעשטעלט, און אין אַ פּאָפּולערער שפּראַך געשריבן, וואָלט געקאָנט רעכענען אויף אַ גרויסן דערפאָלג. צוויי דורות פון פּוילישן ציוניזם פול מיט גלאַנץ און התלהבות, פול מיט איבערגעגעבנקייט און טאַלאַנט, וואַרטן אויף זייער היסטאָריקער, וועלכער וועט שאַפן דאָס גראַנדיעזע בילד פון העראָישן געראַנגל, פון

פּרעכטיקע געשטאַלטן צווישן די אומצאָליקע ציוניסטישע מנהיגים און עסקנים אין אַמאָליקן פּוילן, פון גייסטיקן און פּאָליטישן קאַמף אין דער יידישער גאַס און אויף דער פּוילישער געזעלשאַפטלעכער אַרענע. אַזאַ ווערק וואָלט מיט שטאָלץ און מיט דער גרעסטער סאַטיספאַקציע אויפגענומען געוואָרן דורך צענדליקער טויזנטער פּויליש יידן אין דער גאַנצער וועלט, וואָס זענען אין זייער יוגנט, מער אָדער ווייניקער, גייסטיק און אָרגאַניזאַציאָנעל, געווען פאַרבונדן מיט דער אַמאָליקער ציוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן. איך מיין, אַז ס׳וועלן זיך געפינען די אינסטאַנצן און יחידים, וואָס וועלן שוין בקרוב צוטרעטן צו דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער אַרבעט, מיטן ציל איבערצולאָזן פאַר דער יידישער היסטאָריע להבא און פאַר דער יידישערווירקלעכקייט אין איצטיקן צייט־אָפּשניט, אַ געטרוי בילד וועגן דעם פּוילישן ציוניזם אין זיין געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו.



שאול ראַבינאָ: „דאָס אייביקע ליכט"

# „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום"

ד"ר מאַרק דוואָרזשעצקי, דער באַוווּסטער ציוניסטישער שרייבער און עסקן, איז איצט אויסגעצייכנט געוואָרן דורך דער אַרגענטינער אָפּטיילונג פון קולטור־קאָנגרעס מיט דער ליטעראַטור־פּרעמיע אויפן נאָמען פון פּנחס האַפּער און אברהם לייב. זיין בוך „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום" האָט באַקומען די ערשטע פּרעמיע.

וועגן מ. דוואָרזשעצקים בוך איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן, בעת ס'איז דערשינען אין אָנהויב יאָר 1948, און אויך שפּעטער. ס'איז אָבער אַ טעמאַטיק, וואָס איז און וועט נאָך לאַנג בלייבן, נעבן מדינת ישראל, דער הויפּט־מאָטיוו פון דער יידישער ליטעראַטור און איר גייסטיקער שאַפונג. די פאַרניכטונג פון 6 מיליאָן יידן, דעם בעסטן און שעפערישן טייל פון דיאַספּאָרע־יידנטום, איז געוואָרן אונזער גרעסטע און שרעקלעכסטע נאַציאָנאַלע טראַגעדיע זייט דעם חורבן ירושלים. דאָס דאָזיקע אומגליק איז אַזוי געוואַלדיק גרויס, אַז מיר זענען נאָך היינט, הגם עס זענען שוין פאַרגאַנגען אַ פּאָר יאָר, ווי צעטומלט און אומפעאיק צו מאַכן זיך אַ קלאָרן דין וחשבון פון דער בלוטיקער קאַטאַסטראָפע, וועלכע מיר האָבן דורכגעלעבט און צופעליק אויך איבערגעלעבט. די אַזוי־גערופענע חורבן־ליטעראַטור פאַרצייכנט די ערשטע רעפלעקסן און באַריכטן. און וועט זיכער וואַקסן און פאַרטיפן זיך פון יאָר צו יאָר. אין דער דאָזיקער ליטעראַטור פאַרנעמט און וועט מן הסתם נאָך לאַנג פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ דוואָרזשעצקים בוך וועגן דער פאַרניכטונג פון ווילנער יידנטום.

„ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום" איז אַ גרויס ווערק, ערנסט און פלייסיק באַאַרבעט. אין די איבער 500 זייטן פון גרויסן פאָרמאַט, האָט דער מחבר אַריינגעלייגט דעם טאַלאַנט פון זיין פּען און די טיכטיקייט פון אַ היסטאָריאָגראַף. בזה האופן איז זיין בוך געוואָרן אַ מין ענציקלאָפּעדיע פון ווילנער יידנטום און זיין גורל בעת דער היטלערישער אָקופּאַציע און אויסראָטונג. ד"ר דוואָרזשעצקי האָט פּערזענלעך איבערגעלעבט די מאַרטיראָלאָגיע פון ירושלים דליטא, פון דעם ערשטן טאָג ביז צום טראַגיש־בלוטיקן סוף, ער האָט מיט אייגענע אויגן געזען דעם שרעקלעכן חורבן פון זיין היימשטאָט און דעם טויט פון אַזויפיל נאָענטע און טייערע. זיין ווערק איז נישט בלויז אַ טרייע, היסטאָרישע שילדערונג, געשריבן מיט טאַלאַנט און וויסן, ס'איז אַ וויינעשריי פון אַ הייסן ייד און געבילדעטן קולטור־מענטש קעגן די ווילדע מעשים תעתועים פון דער דייטשער חיה רעה. אויב ס'וואָלט פון דער חורבן־ליטעראַטור גאָרנישט מער געבליבן, ווי דוואָרזשעצקים בוך, וואָלט דאָס אויך גענוג געווען, בכדי צו געבן די צוקונפטיקע דורות אַ בילד פון דער יידישער

מאַרטיראָלאָגיע און פון דער היטלערישער בעסטיאַלישקייט בעת דער פאַרגאַנגע־נער וועלט־מלחמה. „ירושלים דליטא איז קאַמף און אומקום" וועט אויף אייביק בלייבן אַ וויכטיקער ליטעראַריש־היסטאָרישער דאָקומענט.

דוואָרזשעצקי׳ס בוך וועגן דעם קאַמף און אונטערגאַנג פון ווילנער יידנטום, איז גלייכצייטיק אַן עדות פאַר דעם גרויסן גייסטיקן רייכטום און מאָראַלישן כוח פון מזרח־יידנטום, וואָס האָט אויך אין די כּוראַדיקע פאַרניכטונגס־באַדינגונגען פון די היטלערישע געטאָס פאַרשטאַנען צו קאָנטינוּאירן זיין דורות־לאַנגע שאַפונג און ווערטפולע יצירה. וועלכע אומה אין דער וועלט וואָלט געקאָנט ביי אַזעלכע שרעק־לעכע באַדינגונגען, וואָס איבערשטייגן הונדערטפאַך די גיהנום־פאָרשטעלונגען פון אַ דאַנטע, אַנטוויקלען איר שול־וועזן, פלעגן איר קונסט און ליטעראַטור, שפּינען ווייטער איר היסטאָרישע און טראַדיציאָנעלע לעבנס־פאָרמען, קאָנטינואירן איר פאָ־ליטיש־געזעלשאַפטלעכן און פאַרטייאישן שטייגער א. א. וו. ווי עס האָט עס געטון דאָס יידישע פאָלק, וואָס איז געווען אַריינגעקלעמט אין די סאַדיסטישע פאַרניכטונגס־מע־טאָדן פון דער היטלערישער מאָרד־מאַשין. דאָס בילד, וואָס דוואָרזשעצקי מאָלט אונז אין זיין בוך וועגן דעם גייסטיק־קולטורעלן לעבן אין ווילנער געטאָ, מוז אַרויסרופן דערשטוינונג און באַגייסטערונג. אַ פאָלק, וואָס איז פעאיק ביי אַזעלכע אומשטענדן צו אַנטוויקלען אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנעל־געזעלשאַפטלעכע און גייסטיק־קולטורעלע ענער־גיע, קאָן נישט באַזיגט ווערן אפילו דורך דעם גרויזאַמסטן, באַרבאַרישן מערדער, ווייל זיין לעבנס־כוח און חיונישקייט וועלן ממשיך זיין דעם נאַציאָנאַלן קיום, אפילו ווען די צאָל פון די געראַטעוועטע זאָל זיין זייער אַ קליינע.

דער דאָזיקער לעבנס־כוח און די וואונדערבאַרע וויטאַליטעט פון יידישן מענטשן און יידישן כלל, קומען בולט צום אויסדרוק אין דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג, וועל־כע אָרגאַניזירט זיך אין ווילנער געטאָ און וועלכע ווערט אין דוואָרזשעצקיס בוך באַהאַנדלט אין אַ באַזונדער קאַפּיטל. די דאָזיקע באַוועגונג וועט אויף אייביק בלייבן איינע פון די שענסטע און העראָישע דערשיינונגען נישט נאָר אין דער יידישער גע־שיכטע נאָר אויך אין דער אַלמענטשלעכער.

אויף דעם אופן איז דוואָרזשעצקיס בוך „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומ־קום" נישט בלויז די שילדערונג פון אַ שרעקלעכער מאַרטיראָלאָגיע, זי איז אויך די באַשרייבונג פון דער יידישער לעבנס־קראַפט און העראָישער גבורה. נישט פאַר־צווייפלונג און האָפנונגסלאָזן פּעסימיזם וועקט דוואָרזשעצקיס בוך ביים לייענער, נאָר געפילן פון נקמה קעגן אונזערע פּייניקער און פון קאַמף פאַר אונזער צוקונפט און נייעם נאַציאָנאַלן קיום. דאָס בוך „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום" מאָנט און רופט צו אַ טיפן חשבון הנפש און צו נייע נאַציאָנאַלע אימפּולסן און דערגרייכונגען. און צוליב דעם איז עס נישט נאָר דאָס בעסטע ווערק אין אונזער ביז־איצטיקער חורבן־ליטעראַטור, נאָר עס איז אויך איינס פון די בעסטע נאַציאָנאַלע ביכער, וועלכע זענען דערשינען אין דער יידישער ליטעראַטור במשך פון דער לעצ־טער תקופה.

# צי איז מעגלעך און נויטיק אַ נייער העלסינגפאָרסער פּראָגראַם?

די לאָזונג פון קיבוץ הגליות האָט נישט נאָר אין נישט־ציוניסטישן לאַגער אַרויסגערופן קריטישע און קעגנערישע מיינונגען. אויך אין דער ציוניסטישער מחנה, בעיקר אין אַמעריקע, האָבן זיך געלאָזט הערן שטימען, וואָס זענען ווייט, גאָר ווייט פון דער קיבוץ־הגליות־אידעאָלאָגיע. אפילו געוויסע פּראָמינענטע ציוניסטישע טוער און דענקער זאָגן לעצטנס אַרויס געדאַנקען, וואָס זענען מער צוגעפּאַסט צו חיוב־הגלות ווי צו דער שלילת־הגלות. צי איז באמת מעגלעך און נויטיק אַ נייער העלסינגפאָרסער פּראָגראַם?

ווי איז געווען די לאַגע פון יידישן פאָלק און פון אייראָפּעאישן יידנטום, ווען אין דעצעמבער 1906 האָבן זיך אין דער פינלענדישער הויפּטשטאָט העלסינגפאָרס פאַרזאַמלט די מנהיגים פון רוסישן ציוניזם, בכדי דאָ צו שאַפן די אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע באַזע פאַר דער ציוניסטישער קעגנוואַרטס־אַרבעט?

דער רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק, 7 מיליאָן נפשות, זענען דעמאָלט קאָנצענטרירט געווען אויף די טעריטאָריעס פון צאַריסטישן רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ רוב מנין ורוב בנין נישט נאָר אין נומערישער הינזיכט, נאָר אויך בנוגע דעם גייסטיק־קולטורעלן און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן מהות. אַלץ וואָס איז געווען יידיש אין גייסט און טראַדיציע, אין תורה און רעליגיע, אין השכלה און נאַציאָנאַלן שוווּנג, האָט דאָ, אין רוסישן, ליטווישן און פּוילישן יידנטום געפונען זיין מעכטיקן מאַסן־אויסדרוק. ס'איז געווען אַ געאייניקט, דורך שפּראַך און טראַדיציע, יידיש פאָלק, קאָנצענטרירט אין קאָמפּאַקטע, געשלאָסענע ישובים: אַ שטאַרקע, נאַציאָנאַל־באַוווסטע מינדערהייט, וואָס האָט לגבי די מערהייטס־פעלקער: רוסן, אוקראַאינער, פּאָליאַקן, ווייסרוסן און ליטווינער, געקאָנט פּרעציזירן די פאָדערונגען פון אַן אייגענער, ברייטער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

די אַנדערע יידישע ישובים: אין מערב־אייראָפּע, מעבר לאוקינוס און אין ארץ ישראל האָבן לגבי דעם מעכטיקן אין צאָל און באַדייטונג רוסישן יידנטום, געשפּילט אַ גאָר קליינע ראָל. אין מערב־אייראָפּע איז דאָס יידישע לעבן געווען דעמאָראַליזירט דורך דער אַסימילאַציע, אין אַמעריקע איז ערשט געגאַנגען דער פּראָצעס פון אַ מאַסן־עמיגראַציע, און אין ארץ ישראל האָבן די פּאָר צענדליק־טויזנט יידן, פון אַלטן און נייעם ישוב, געהאַט מער אַ ראָמאַנטיש־סימבאָלישע באַדייטונג ווי אַ ממשותדיקע. די 7 מיליאָן יידן פון דער רוסישער אימפּעריע האָבן דעמאָלט, אין יאָר 1906, געקאָנט זאָגן וועגן זיך, מיט אַ שטאָלצן זעלבסטבאַוווסטזיין: מיר זענען דער עיקר, דער יסוד, דער צענטער פון וועלט־יידנטום.

די רוסישע רעוואָלוציע פון יאָר 1905 האָט אַרויסגערופן גרויסע, אילוזאָרישע

האָפּנונגען ביים רוסישן יידנטום, בעיקר צווישן דער יוגנט און דער אינטעליגענץ. מ'האָט געהאָפט, אַז די צאַריסטישע אימפּעריע וועט איבערגעבויט ווערן אויף מאָדערנע, דעמאָקראַטישע יסודות פון פּאָליטישער גלייכקייט, סאָציאַלן יושר און נאַציאָנאַלער פרייהייט. די דאָזיקע גלאַנצנדיקע אילוזיעס פון יאָר 1905 האָבן פאַרשיכורט און מיטגעריסן אפילו אַלטע דערפאַרענע און אויסגעפּרוווטע ציוניסטן. אָן השפעה זענען געבליבן די ניכטערע וואָרענונגען פון אחד העם. שטאַרקער פאַר אַלץ איז געווען די הערשנדיקע אין דער יידישער גאַס שטימונג, וועלכע האָט געגלויבט באמונה שלמה אין דער נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער באַפרייאונג פון אַלע פעלקער אין רוסלאַנד, צווישן וועלכע יידן וועלן געפינען זייער גלייכבאַרעכטיקטן, אָנטשפּרעכנדיקן פּלאַץ. די בונדישע אַגיטאַציע האָט מיטגעריסן די יידישע מאַסן און שמעון דובנאָווס אויטאָנאָמיסטישע אידעאָלאָגיע האָט געוווּנען די הערצער און די מוחות פון דער יידישער אינטעליגענץ.

ביי דער דאָזיקער לאַגע און שטימונג, איז זיך צונויפגעקומען די ציוניסטישע קאָנפערענץ אין העלסינגפאָרס, וועלכע האָט אַקצעפּטירט אַן אויספירלעכן פּראָגראַם פאַר גלות־אַרבעט. אין דערווירקלעכקייט, איז דער דאָזיקער העלסינגפאָרסער פּראָגראַם געווען אַ ציוניסטישע קאַפּיטולאַציע פאַר דער יידישער גאַס און זיינע בונדישע און אויטאָנאָמיסטישע לאָזונגען. מ'האָט אויפגעגעבן די הערצליאַנישע טעזע וועגן שלילת הגלות, און מ'איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז די נייע ציוניסטישע נויטווענדיקייט און אַנטוויקלונגס־פאַזע. לגבי דער כוואַליע פון אָפּטימיזם, וואָס האָט באַהערשט די יידישע גאַס, האָבן די דעמאָלדיקע פירער פון רוסישן ציוניזם, נישט געהאַט דעם מוט און די איבערצייגונג צו בלייבן אויף די אַלטע, קאָנסעקווענטע פּאָזיציעס פון פּעסימיסטישן, קאַטאַסטראָפאַלן פּראָגנאָז פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע.

די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דעם האַלבן יאָרהונדערט האָט באַוויזן, (לײדער מיט אַזאַ שרעקלעכער, בלוטיקער ווירקלעכקייט, וועלכע דער שוואַרצסטער פּעסימיסט האָט נישט פאָרויסגעזען!), אַז די הנחות פון העלסינגפאָרסער פּראָגראַם זענען געווען פולשטענדיק־אילוזאָרישע און פאַלשע. אין וואָס איז באַשטאַנען זייער אילוזאָרישקייט און פאַלשקייט? בעת די שלילת־הגלות־טעזע פון ציוניזם האָט פאַרלאַנגט די שנעלסטע צוגרייטונג פאַר אַ גלות־ליקווידאַציע, האָבן די טעאָרעטיקער פון העלסינגפאָרסער פּראָגראַם געבויט זייער נייע ציוניסטישע תורה אויף אַן אילוזאָרישער, לגמרי פאַלשער טעזע, אַז דער אויפבוי פון ארץ ישראל וועט גיין פּאַראַלעל און גלייכצייטיק מיט דעם אויפבוי פון יידישע גלות־ישובים. אַלזאָ נישט אַ פּעסימיסטישער, קאַטאַסטראָפאַלער פּראָגנאָז לגבי דעם גלות, נישט אַ מאָניסטישע טעזע וועגן אויפבוי פון ארץ ישראל און חורבן פון גלות, נאָר אַ דואַליסטישע טעזע וועגן גלייכצייטיקער, האַרמאָנישער און בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג סיי אין גלות און סיי אין ארץ ישראל. אין דעם איז באַשטאַנען דער גרויסער און טראַגישער טעות פון העלסינגפאָרסער פּראָגראַם, פאַר וועלכן מיר האָבן טייער באַצאָלט. נאָכאַיינמאָל זאָל דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די גייסטיק־קולטורעלע און פּאָליטיש־ווירטשאַפטלעכע צוגרייטונג פון יידישע מאַסן אין פּראָצעס פון יציאת הגולה, איז געווען פאָרויסגעזען און באַגרינדעט דורך אַלע טעאָרעטיקער פון שלילת־הגלות־ציוניזם. אָבער דער העלסינגפאָרסער פּראָגראַם האָט די דאָזיקע שנעלע צוגרייטונג פאַרוואַנדלט אין

א סטאַבילקייט, שאַפנדיק אַ נייע סינטעזע צווישן דער ציוניסטישער שלילת־הגלות־טעזע און דער חיוב־הגלות־שטימונג. אין דער טעאָריע האָט זיך די דאָזיקע סינטעזע איינגעגעבן, אָבער אין דער יידישער ווירקלעכקייט האָט זי געליטן אַ מוראדיקן, טראַגישן דורכפאַל. אַנשטאָט צו קאָנצענטרירן אַלע ציוניסטישע כוחות אויף אָרגאַניזירן דעם שנעלסטן און בעסטן יציאת הגלות, האָט מען גאָר גענומען זיך בויען אַ באַקוועמע דירת קבע אויף דעם גלות־ווולקאַן.

ווען מיר שרייבן די דאָזיקע ווערטער וועגן אַ ווירקלעכקייט, וואָס האָט עקזיסטירט מיט פופציק־פערציק יאָר צוריק, דוכט זיך אונז, אַז מיר פּאָלעמיזירן מיט די הײנטיקע ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע קעגנער פון קבוץ הגלויות און פון שלילת הגלות. צי האָט זיך באמת גאָרנישט געענדערט במשך דעם דאָזיקן האַלבן יאָרהונדערט? צי האָט זיך דער דאָזיקער וויכוח צווישן חיוב הגלות און שלילת הגלות נישט געענדיקט מיט דעם שרעקלעכסטן חורבן און מיט דער בלוטיקסטער קאַטאַסטראָפע? צי טראַכטן טאַקע די קעגנער פון קיבוץ הגלויות וועגן דער מעגלעכקייט און נויטווענדיקייט פון אַ נייעם העלסינגפאָרסער פּראָגראַם?

די יידישע ווירקלעכקייט פון יאָר 1950 איז לגמרי אַן אַנדערע ווי ס'איז געווען די ווירקלעכקייט אין י. 1906. נאָך דעם היטלער־חורבן איז נישטאָ מער קיין זיכערקייט און נישטאָ מער קיין אילוזיעס! ס'איז נישט נויטיק ארויסצורופן קיין פּאַניק, בכדי צו פאַרענטפערן די פעסימיסטיש־קאַטאַסטראָפאַלע טעזע פון ציוניזם, וועלכע איז היינט אַזוי אמת ווי זי איז געווען מיט פערציק יאָר צוריק. פּאַניק רופט ארויס די יידישע ווירקלעכקייט און איר אַנטוויקלונג אין לעצטן האַלב־יאָרהונדערט. דער ציוניזם איז נישט מחויב ווידער מיטצומאַכן היינט די שטרויס־פויגל־פּאָליטיק פון די בלינדע אָפּטימיסטן, וועלכע האָט אונז סוגעסטירט בימי העלסינגפאָרסער קאָנפערענץ. אָנווייזן אויף די פּאָטענציעלע סכנות פון אַנטיסעמיטיזם און שרייען אויף טרעוואָגע, איז זיכער נישט קיין אַנגענעמע און פּאָפּולערע זאַך. דאָס איז געווען אַ פיינלעכע און טראַגישע אויפגאַבע דעמאָלט, מיט 40 יאָר צוריק, ווען די רוסישע רעוואָלוציע האָט פאַרכישופט די הערצער און די מוחות, און זי איז אויך היינט נישט לייכט, הגם אונזער דור האָט געזען דעם שרעקלעכן חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום. זאָלן אַנדערע, אַנטי־ציוניסטן און אַ־ציוניסטן בלייבן ביי זייערע אַלט־נייע אילוזיעס (אויב זיי האָבן נאָך גאָרנישט געלערנט פון דער מוראדיקער לעקציע!). מיר ציוניסטן האָבן אונזער אייביקן אמת וועגן שלילת הגלות און קיבוץ הגלות און קיינער פון אונז טאָר נישט, אפילו אויף קיין רגע נישט, פאַראַטן דעם דאָזיקן ציוניסטישן אמת.

מיר ווילן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַ פּלפּול, צי אונזער שלילת הגלות דאַרף גיין אין דער ריכטונג פון קיבוץ הגלויות אָדער בלויז פון קיבוץ גלויות, אָן ה' הידיעה. זיכער איז דער פּראָצעס פון טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע פון וועלטיידנטום אין ארץ־ישראל נישט קיין פראַגע פון איין יאָר אָדער יאָר־צענטליק. ס'איז נישטאָ, דוכט זיך, אויף דער וועלט, קיין שום נאַציע, וועמענס אַנגעהעריקע זאָלן אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט זיין ביי זיך, אין דער אייגענער מלוכה. אָבער, פון דער אַנדערער זייט, איז אויך נישטאָ קיין שום נאַציע, וועלכע האָט נישט מינדעסטנס די העלפט פון אירע אַנגעהעריקע קאָנצענטרירט אויף דער אייגענער נאַציאָנאַל־מלוכהשער טעריטאָריע. דערווייל האָבן מיר קוים צען פּראָצענט פון יידישן

פאָלק אין מדינת ישראל. ס׳איז אַן אויסערגעוויינלעך שווערע און ריזיקע אויפגאַבע צו דערגרייכן אַ מצב, אין וועלכן די העלפט פון יידישן פאָלק וועט זיך געפינען אין ארץ ישראל. דאָס וועט זיין מעגלעך ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג מצד דער ציוניסטישער מחנה. אַ ציוניסט, וועלכער שטעלט זיך היינט אַנטקעגן דער לאָזונג פון קיבוץ הגלויות (און טאָקע מיט אַ ה׳ הידיעה!) און פאַרשפּרייט אַלט־נייע אילוזיעס וועגן חיוב הגלות, שטערט און פּאַראַליזירט, ביוודעין אָדער בלא יודעין, אונזער נאַציאָנאַלע קאָנצענטראַציע אין ארץ ישראל. קיין נייער העלסינגפאָרסער פּראָגראַם איז נישט מעגלעך און נישט נויטיק! דאָס איראָפּעאישע יידנטום איז פאַרניכטעט און דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז נישט דאָס רוסישע יידנטום פון יאָר 1906.

זיכער וועלן יידישע ישובים מחוץ לארץ נאָך לאַנג עקזיסטירן, און מ׳מוז אַלץ טון, בכדי די דאָזיקע ישובים זאָלן בלייבן אַקטיוו און מיטבאַטייליקט אין אונזער נאַציאָנאַלן קאַמף. מיר מוזן זאָרגן, אַז די אַסימילאַציע זאָל אויפגעהאַלטן ווערן און אַז דער יונגער יידישער דור זאָל דערצויגן ווערן אין גייסט און קולטור פון מדינת ישראל. אָבער אונזער גאַנצע נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע ענערגיע אין די לענדער פון תפוצות ישראל מוז מאָביליזירט ווערן אין פּרינציפּ פון שלילת הגלות און אין דער ריכטונג פון קיבוץ הגלויות. מיר קאָנען נישט באַרעכענען, ווי לאַנג די עקזיסטענץ פון די דאָזיקע יידישע קיבוצים איז פאַרזיכערט, אָבער מיר קאָנען אַלץ טון, וואָס ס׳ליגט נאָר אין אונזערע מעגלעכקייטן, בכדי צו פאַרשנעלערן און פאַרגרעסערן דעם פּראָצעס פון קיבוץ הגלויות. נישט שאַפן נייע אילוזיעס וועגן דער צוקונפט פון יידישע ישובים מחוץ לארץ — איז די אויפגאַבע פון אַ ציוניסט אין דער היינטיקער תקופה. דאָס טוען שוין אַן אונז די פאַרשידנסטע אַנטי־ציוניסטן און אַ־ציוניסטן מכל המינים!

אין אַלע לענדער בכל תפוצות העולם דאַרפן זיך ציוניסטן באַטייליקן אין יעדער יידישער קולטור־גייסטיקער אוןווירטשאַפטלעך־פּאָליטישער טעטיקייט, וואָס שטאַרקט אונזער נאַציאָנאַלן קיום. אָבער גלייכצייטיק איז די פליכט פון יעדן ציוני־ניסט צו קעמפן קעגן דעם געפיל פון סטאַבילקייט און זיכערקייט פון אָרטיקן יידישן ישוב און פאַר זיין טאָג־טעגלעכער, אומדערמידלעכער מאָביליזאַציע לשם קיבוץ הגלויות. אַלץ, וואָס מיר טוען מחוץ לארץ, דאַרף געשען אין צייכן פון קיבוץ הגלויות און לשם מדינת ישראל. אומעטום מוז דער ציוניסט מיט זיך טראָגן דעם גייסט פון אומרו און די לאָזונג פון אַ ראַדיקאַלער, רעוואָלוציאָנערער ענדערונג פונעם יידישן לעבן לשם און פאַר קיבוץ הגלויות. קיין שום אָרטיקע פאַרגליווערונג און לאָקאַלע זעלבסט־צופרידנקייט טאָר נישט דורך אונז צוגעלאָזט ווערן. כסדר מאָנען און טרייבן צו אַ קיבוץ־הגלויות־צוגרייטונג איז די איינציקע אויפגאַבע פון ציוניסטישע יחידים און ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס בכל מקום שהם. קיין נייע העלסינגפאָרסער פּאָליטיק וועלן מיר נישט מאַכן. מיר האָבן צו טייער באַצאָלט פאַר דער אַלטער!

# יידיש, יידישיזם און יידישקייט

אין צוזאמענהאנג מיט דעם באזוך פון באוווסטן יידישן שרייבער און פאר־לעגער מארק טורקאָוו אין מדינת ישראל און אין איראָפּע, איז ווידער אַמאָל אויפ־געשווומען און עפנטלעך דיסקוטירט געוואָרן די אַנגעווייטיקטע און אָפט ליידנ־שאפטלעך־קאָמענטירטע פּראָבלעמאטיק וועגן יידיש, יידישיזם און יידישקייט.

אין זיין פאריזער רעדע, געהאלטן פאר יידישע שרייבער און קולטור־טוער, האָט מארק טורקאָוו געשילדערט די איצטיקע לאגע פון יידיש אין אַמעריקע און איראָפּע און איז געקומען צו גאָר פּעסימיסטישע אויספירונגען בנוגע דער צוקונפט פון דער יידישער שפראך און איר קולטור. פאר אַן אַקטיוון יידישן שרייבער און דערפאַלגרייכן פארלעגער, ווי ס׳איז טורקאָוו, איז דאָס געווען ממש אַ טראַגישע זאך, ארויסזאָגן פאר זיך און פאר אַנדערע אַזעלכע „אפיקורסישע״ און פּעסימיס־טישע געדאנקען. ווי עס זאָל נישט זיין, דאָס צו זאָגן, האָט מען געדאַרפט האָבן אַ סך מוט און דרייסטקייט!

אודאי, איז פאר זיך און אַנדערע אַנגענעמער צו הערן גוטע בשורות און אָפּטימיסטישע האָראָסקאָפּן. אַ סך מענטשן האלטן, אַז די לצרה בשעתה, מ׳דאַרף לעבן מיט דעם היינטיקן טאָג און נישט איבערנעמען זיך מיט דער צוקונפט. צו דעם דאָזיקן מין אַנהענגער פון שטרויס־פויגל־פּאָליטיק געהערן נאָך היינט געוויסע בונדיסטן און געשווווירענע יידישיסטן. אין דער הינזיכט זענען זיי געבליבן טרייע תלמידים און נאָכפאָלגער פון דער 50־יאָריקער טראַדיציע פון בונדיזם, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט צו באַרואיקן זיך און די יידישע פאָלקס־מאַסן מיט סקאָר־באָווע הבטחות און אָפּטימיסטישע שבועות, בעת דאָס יידישע לעבן האָט זיך דער־נענטערט מיט שנעלע טריט צו דעם מוראדיקן חורבן. ווי מיט 50 יאָר צוריק, ווען די בונדיסטן (דעמאָלט אַ מעכטיקע, איינפלוסרייכע אַרבעטער־באַוועגונג) האָבן פאַרשאָלטן הערצלס „שוואַרצע נבואות״, זענען אויך היינט, נאָך דעם גרויסן חורבן, געבליבן די לעצטע מאָהיקאַנער פון בונדיזם און יידישיזם פאַרעקשנטע אָפּטימיסטן און ווילן בשום אופן נישט זעען דאָס, וואָס פּאַסט זיך נישט אַריין אין זייער דאָג־מאַטישער שטרויספויגל־פּאָליטיק. עס דערמאָנט זיך דער באַרימטער וויציקער זאַץ וועגן דעם, אַז „אויב די טעאָריע שטימט נישט מיט דער ווירקלעכקייט, דאַן איז וויי צו דער ווירקלעכקייט!״

אָבער נישט לשם פּאָלעמיק איז דער דאָזיקער אַרטיקל געשריבן געוואָרן. עס האַנדלט זיך קודם כל וועגן דעם, אַז מיר ציוניסטן זאָלן צווישן זיך אַליין קלאָר און איינזיק ווערן וועגן דער פּראָבלעמאַטיק: „יידיש, יידישיזם און יידישקייט״. זיכער איז אין דער ציוניסטישער מחנה קיינמאָל נישט געווען אַ פעסטגעשטעלטע, געאייניקטע ליניע לגבי דעם יידישן לשון און דער באַוועגונג פון יידישיזם. ווען אין זומער 1908 איז צום ערשטן מאָל פאַרגעקומען דער מאָביליזאַציע־צוזאַמענפאָר פון די יידישיסטן אין טשערנאָוויץ, האָבן זיך אין אים באַטייליקט באַקאַנטע ציוניס־

טישע פּאַרטיי־טוער, ווי למשל, לייבל טויבעס, בעת פירנדיקע ציוניסטן, ווי מ. מ. אוסישקין און ז. זשאַבאָטינסקי האָבן, צו יענער צייט, פּראָפּאַגירט די לאָזונג: „עברית או רוסית". צווישן די דאָזיקע צוויי עקסטרעמען, אַ יידישיסטישער און אַ קעגנערישער צו יידיש, האָט זיך פּאַרטיילט דער ציוניסטישער לאַגער, און אומצאָליק איז געווען די ניואַנסן־פאַרשידנקייט אין דער באַציאונג לגבי יידיש, זיין לשון, ליטעראַטור און קולטור.

אַ גרויסע שולד אין דער דאָזיקער נעגאַטיווער באַציאונג לגבי יידיש מצד אַ סך ציוניסטן האָט אויף זיך גענומען די יידישיסטישע באַוועגונג גופא, וועלכע איז גלייך פון איר אָנהויב געוואָרן געשטימט אַנטי־ציוניסטיש און אַנטי־העברעאיש. דאָס איז געווען אַ פועל־יוצא דערפון, וואָס די מעכטיקע דעמאָלט (אין יידישן לעבן) בונדישע פּאַרטיי איז געוואָרן דער אייגנטלעכער אַפּוטראָפּוס פון יידיש און יידי־שיזם און ממילא האָט זי אויך איר אַלגעמיינע אַנטי־ציוניסטישע ליניע אַנגעוואָרפן דער באַוועגונג פאַר יידיש. עס איז אַזוי ווייט געקומען, אַז יידישיזם און בונדיזם זענען אָפט געווען אידענטישע באַגריפן. אויך דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל. די וואַקסנדיקע אין יידנטום און אין דער גאַנצער וועלט נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע האָט געצוווּנגען אויך דעם יידישן סאָציאַליזם צו זוכן אַ יידישן, נאַציאָנאַלן מהות פאַר זיין קיום און פאַר זיין קאַמף אין דער יידישער גאַס. די צייטן, ווען דער „בונד" האָט זיך געקאָנט דערלויבן צו פּראָפּאַגירן צווישן די יידישע פאָלקסמאַסן אַ „ניי־טראַלע" שטעלונג לגבי יידישקייט, זענען שוין לאַנג פאַרשוווּנדן. די יידישע גאַס איז געוואָרן נאַציאָנאַל, אונטער דער השפעה פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אויך דער „בונד" האָט געמוזט פאַר זיינע מאַסן שאַפן אַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם און אַ מאָדערנעם מהות פון יידישקייט. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע פאַר אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט אין איר פּראָגראַם און אין איר טאָג־טעגלעכער פּראַק־טיק באַקעמפט ארץ ישראל, דעם יידישן דת און זיין טראַדיציע, העברעאיש און דעם גאַנצן היסטאָרישן עבר פון יידישן פאָלק. ממילא, איז פאַר דער אַנטי־ציוניס־טישער יידישקייט פאַרבליבן איין־איינציקע זאַך: דער יידישער פאָלקס־לשון. פון דעם האָט זיך גענומען דער עקסטרעמער, ממש פאַנאַטישער אַפּאָטעאָז פון יידיש, אַלס דעם איינציקן יסוד פאַר אונזער נאַציאָנאַלן קיום.

דאָס איז ביז היינט געבליבן די קאַרדינאַלסטע, די אייגנטלעכסטע שיידונגס־ליניע צווישן דעם ציוניזם און דעם יידישיזם. בעת פאַרן ציוניזם איז יידיש מיט זיין לשון און קולטור נישט מער ווי אייגער פון די יסודות, אויף וועלכע עס שטיצט זיך און באַזירט אונזער יידישקייט, איז פאַר אַ סך יידישיסטן יידיש געווען און געבליבן דער איינציקער יסוד. ממילא מוז די דאָזיקע שטעלונג פון די יידישיסטן פירן צו אַן אַנטי־ציוניסטישן קאַמף און מוז כסדר באַנייען, אָפטמאָל קינסטלעך, דעם אַמאָליקן יידיש־העברעאישן קאָנפליקט, וועלכער האָט היינט, אין דער ממשות־דיקער יידישער ווירקלעכקייט פאַרלוירן יעדן זין און אינהאַלט. אפשר האָט דער דאָזיקער קאָנפליקט געהאַט, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, זיינע רעאַלע וואָרצ־לען. היינט איז ער נישט מער ווי אַן אַבסטראַקט־דאָגמאַטישע פאָרטזעצונג פון אַ פאַרגאַנגענהייט, וועלכע לעבט נישט מער.

אויך די נעגאַטיווע שטעלונג פון געוויסע ציוניסטן לגבי יידיש געהערט שוין היינט צו דער פאַרגאַנגענהייט. די גאַנצע ציוניסטישע מחנה שאַצט היינט אָפּ די

נאַציאָנאַלע באַדייטונג פון יידיש אין קאַמף קעגן אַסימילאַציע אין די גלות־לענדער. פאַרשטענדלעך, נישט יידיש אַלס אַ סעפּאַראַטיסטישע, אַנטי־ציוניסטישע אידעאָלאָגיע, נאָר יידיש אַלס אַ האַרמאָנישער באַשטאַנד־טייל פון דער מאָדערנער יידיש־נאַציאָנאַלער וועלט־אַנשויאונג, אין וועלכער נעבן יידיש האָבן זייער חשובע באַדייטונג און געזעלשאַפטלעכע פונקציע: די העברעאישע שפּראַך און קולטור, די רעליגיעזע טראַדיציע און קודם־כל די באַדינגונגסלאָזע און שלימותדיקע איבערגעגעבנקייט צו מדינת ישראל. אונזער פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידיש איז נישט אַ להכעיס־זאַך, נאָר אַ פועל־יוצא פון אונזער גאַנצער, האַרמאָנישער יידישקייט. אויך דער פאַרביסנסטער העברעאיסט פאַרשטייט היינט, אַז נישט יידיש איז דער קעגנער און די סכנה פאַר העברעאיש. מיר שעצן יידיש אַלס אַ וויכטיקן נאַציאָנאַלן פאַקטאָר אין אונזער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און אין אונזער היינטיקער יידישקייט. אָבער מיר איבערשאַצן נישט דעם דאָזיקן נאַציאָנאַלן פאַקטאָר און באַטראַכטן דעם פרווו פון געוויסע יידישיסטן צו באַגרענעצן און אידענטיפיצירן יידישקייט מיטן יידישן לשון, אַלס אַ שעדלעכע, אַנטי־נאַציאָנאַלע אילוזיע און דיווערסיע. די שטעלונג פון ציוניזם איז היינט קלאָר פאַר אַלע: פאַר יידיש אַלס שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור, קעגן יידישיזם אַלס דעם מיליטאַנטן קעגנער פון העברעאיש־היסטאָרישער טראַדיציע און פון ציוניזם.

די פּעסימיסטישע מיינונג פון מאַרק טורקאָוו בנוגע דער צוקונפט פון יידיש, איז נישט קיין פאַראיינצלטע שטימע. אַ סך יידישע שרייבער און קולטור־טוער זענען באַהערשט פון דעם זעלבן יאוש. נישט אַלע האָבן דעם מוט און דעם חשק עפנטלעך מיט דעם אויפצוטרעטן און ריזיקירן שאַרף אַטאַקירט צו ווערן פון דעם לאַגער, צו וועלכן מען געהערט זייט לאַנגע יאָרן. אָבער, אין פּערזענלעכע געשפּרעכן, אָן עדות און אָן פּרעסע־פאָרשטייער, זענען אַלע מודה, אַז די לאַגע פון יידיש ווערט מיט יעדן יאָר ערגער און האָפנונגסלאָזער. די לאַנד־שפּראַכן שלינגען איין אונזער דערוואַקסנדיקע יוגנט און רעדוצירן אומאויפהערלעך די צאָל פון יידיש־רעדנדיקע און יידיש־לייענענדיקע. די לאַגע ווערט נאָך טראַגישער צוליב דעם, וואָס עס זענען, נאָך דעם מוראדיקן חורבן, פאַרשוווּנדן די ריזיקע מאַסן־רעזערוון, וואָס האָבן עמיגרירנדיק, מיטגעברענגט מיט זיך דעם יידישן לשון און די צוגעבונדנקייט צו יידישער ליטעראַטור און שול. דאָס יידנטום מעבר לאָקינוס אַסימילירט זיך שפּראַכלעך. אויך די רעשטלעך פון אייראָפּעאישן יידנטום גייען דורך דעם זעלבן פּראָצעס. ס'האָט באמת נישט קיין זין אָפּצולייקענען די דאָזיקע טרויעריקע ווירקלעכקייט.

געוויסע יידישיסטן, און צו זיי געהערט אויך מאַרק טורקאָוו, זוכן אין זייער פאַרצווייפלונג, די צוקונפט פון יידיש אין מדינת ישראל. זיי, וואָס האָבן יאָרנלאַנג באַקעמפט דעם ציוניזם, ווילן איצט געהאָלפן ווערן פון דער יידישער מלוכה. קאָנען מיר זיי דאָס פאַרגינען פון גאַנצן האַרצן. אָבער מיר מוזן זיי וואָרענען: אויב זיי גלויבן אין יידיש און ווילן זיין קיום ראַטעווען, מוזן זיי דאָס טון מחוץ לארץ, אין די גלות־לענדער. ס'איז נישט קיין וואָרנונג צוליב ציוניסטישער עקשנות אָדער העברעאיסטישן פאַנאַטיזם! אַזוי ווי ס'איז געוואָרן אַ היסטאָרישער געזעץ, אַז דער יידישער קיבוץ־הגלויות גייט קיין ארץ ישראל (און נישט אין קיין אַנדער לאַנד!) אַזוי איז עס אויך אַ היסטאָריש געזעץ, אַז אַלע יידן אין מדינת ישראל פאַרייניקט און מוז תמיד פאַרייניקן איין שפּראַך, די העברעאישע. מיר האָבן דאָס

פאַרויסגעזאָגט מיט צוויי דורות צוריק, ווען אין ארץ ישראל איז די צאָל יידן געווען אַ לעכערלעך־קליינע און ווען די באַמיאונגען צו באַנייען העברעאיש אַלס אַ לעבע־דיקע שפּראַך האָבן אויסגעזען צו זיין אַ קאָמישער איינפאַל. זאָל מען אונז היינט גלויבן, ווען די יידישע מדינה און איר לעבעדיקע העברעאישע שפּראַך זענען גע־וואָרן אַן אַנטשיידנדיקע ווירקלעכקייט אין יידישן לעבן. די מאַסן־עמיגראַציע פון הונדערטער טויזנטע נייע עולים האָט אין מדינת ישראל געבראַכט אַ גרויסע צאָל פון יידיש־רעדנדיקע און לייענענדיקע. זיכער דאַרף מען זיי גאַראַנטירן די פרייהייט און מעגלעכקייט אויסצולעבן זיך אין זייער יידיש־לשון. אָבער מיר ווייסן און זעען, אַז די קינדער פון די יידיש־רעדנדיקע גייען אין העברעאישע שולן, און אַז דער נייער דור, דער גאַנצער נייער דור, וועט זיין אַ העברעאישער. נישט ווייל מיר ווילן אַזוי, נאָר ווייל עס קאָן אַנדערש נישט זיין! דאָס איז די היסטאָרישע לאָגיק פון קיבוץ הגלויות און קיין שום אילוזיעס אָדער טענות וועלן דאָ גאָרנישט העלפן!

שלעכט וועט עס אויסזעען מיט דער צוקונפט פון יידיש, ווען מ׳וועט אויפגעבן דעם קאַמף פאַר יידיש אין די גלות־לענדער און טרייסטן זיך מיט יידיש־רעדנדיקע אין מדינת ישראל. גראָד אין דעם קאַמף פאַר יידיש אין די גלות־לענדער איז די ציוניסטישע מחנה דער יסוד פון אַלע האָפענונגען און אויסזיכטן. ווייל נישט נאָר יידיש גייט אונטער אין די גלות־לענדער. עס גייט אונטער די גאַנצע יידישקייט, וואָס ווערט אָפּגעשוואַכט דורך דעם וואַקסנדיקן אַסימילאַציע־פּראָצעס. די רעלי־גיעזע און נאַציאָנאַלע טראַדיציעס, די קענטעענישן פון העברעאיש און פון אונזער היסטאָרישער ליטעראַטור און קולטור, פאַרשווינדן מיט דעם דור, וואָס שטאַרבט אָפּ. די 6 מיליאָנען יידן אין אייראָפּע, וואָס זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן, זענען געווען אַ ריזיקער, מעכטיקער רעזערוואַר נישט נאָר פאַרן יידישן לשון נאָר אויך פאַר יידישער תורה און חכמה, פאַר יידישער אמונה און העברעאישער וויסנשאַפט. די סכנה, וואָס באַדראָט יידיש, באַדראָט גלייכצייטיק די גאַנצע יידישקייט. און אויב די סכנה איז אַ בשותפותדיקע, און דער שונא איז דיזעלבע אַסימילאַציע, דאַן איז קלאָר דער געמיינזאַמער רעטונגס־וועג. בלויז יידיש אַליין וועט אונזער יוגנט אין אַמעריקע און אויסטראַליע, אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד נישט אָפּהאַלטן פון דער אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג. אָבער יידיש צוזאַמען מיט העב־רעאיש, מיט דער צוגעבונדנקייט צו יידיש־היסטאָרישער טראַדיציע און צוזאַמען מיט דער גרויסער ליבע צו מדינת ישראל קאָן און מוז באַגייסטערן און אָפּהיטן פאַר אַסימילאַציע דעם נייעם יידישן דור מחוץ לארץ. די וואַקסנדיקע גייסטיקע און פּאָליטישע השפעה פון מדינת ישראל קאָן אין דער דאָזיקער הינזיכט באמת אויפטון וואונדער.

ווער עס פּראָפּאַגירט היינט די אַלטע, סעפּאַראַטיסטישע לאָזונגען פון מילי־טאַנטן יידישיזם, דער שעדיקט די אינטערעסן פון נאַציאָנאַלן יידנטום אין זיין קאַמף קעגן אַסימילאַציע. און מיט דעם שעדיקט ער אויך, ביודעין אָדער בלא יודעין, די צוקונפט פון יידיש. דער אַנטי־ציוניסטישער און אַנטי־העברעאיסטישער יידישיזם איז געוואָרן אַן אַנאַכראָניזם. נישט ער העלפט דעם יידישן לשון, נאָר ער שטערט דאָס האַרמאָנישע, ברידערלעכע צונויפלעבן זיך פון יידיש מיט אַנדערע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס שאַפן די מאָדערנע יידישקייט, די יידיש־נאַציאָנאַלע וועלט־אָנשויאונג פון היינטיקן יידנטום.

# שמעון דובנאָוו און זיין לעבנס־ווערק

אין ניו־יאָרק ווערט איצט אַרויסגעגעבן אַ נייע אויפלאַגע פון שמעון דובנאָווס גרויסן ווערק: „די געשיכטע פון יידישן פאָלק". דאַרף מען ווידער, ביי דער גע־לעגנהייט, דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם גרעסטן יידישן היסטאָריקער און זיין לעבנס־ווערק.

דובנאָוו איז געווען, אָן צווייפל, איינע פון די וויכטיקסטע און טאַלענטירטסטע יידישע פּערזענלעכקייטן אין די לעצטע צוויי דורות. נישט נאָר אַלס גרויסער גע־לערנטער, נאָר אויך אַלס מענטש און ייד. שויז זיין אומדערמידלעכע שאַפונגס־קראַפט איז געווען ממש אַ פענאָמען. 81 יאָר איז דובנאָוו אַלט געווען, בעת ער איז, צווישן אַלע אַנדערע קדושים, אומגעקומען פון די רוצחישע היטלערישע הענט אין ריגער געטאָ. זעכציק יאָר האָט ער, דער גרעסטער יידישער היסטאָריקער, געשריבן און פאַרעפנטלעכט ביכער און ווערק פון אומפאַרגעסלעכן ווערט און באַדייטונג.

זיין גאַנץ לעבן האָט שמעון דובנאָוו געטראַכט און געגלויבט אין דער האַרמאָ־נישער פאַרבינדונג צווישן יהדות און אנושיות. דעם דאָזיקן גלויבן אין דער מענטש־הייט, אין דעם פּראָגרעס און פאַרווירקלעכונג פון זיינע איידעלסטע אידעאַלן, האָט ער אַוועקגעשענקט זיינע בעסטע יאָרן, זיין טאַלאַנט און נשמה. זיין ערשטער אַר־טיקל, וועלכן דובנאָוו האָט פאַרעפנטלעכט אין רוסיש, זייענדיק אַלט צוואַנציק יאָר, איז געווען אַן אויסדרוק פון דעם דאָזיקן לײדנשאַפטלעכן און גלייכצייטיק טיף־עטישן זוכן פון אַ נייעם וועג, וועלכער זאָל פאַרבינדן און האַרמאָניזירן יידישקייט מיט מענטשהייט. דעמאָלט, אין די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז דוב־נאָוו געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אָנהענגער און פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער השכלה־אידעאָלאָגיע. ער איז שאַרף אויפגעטרעטן קעגן דער „אַלטער, פאַרשימלטער" טראַ־דיציע, און זיין וועלט־אָנשויאונג האָט זיך געבויט אויף יסודות פון מאַטעריאַליס־טישער, פּאָזיטיוויסטישער פילאָזאָפיע, וואָס וואַרפט אָפּ יעדע מעטאַפיזיק און וויל אין דער מאָדערנער סאָציאָלאָגיע געפינען אַן ענטפער אויף אַלע סאָציאַלע און גע־זעלשאַפטלעכע פראַגן.

דובנאָווס ערשטע היסטאָרישע אַרבעט איז געווען וועגן „פראַנק און די פראַנ־קיסטן". דער יונגער ראַציאָנאַליסט און משכיל פאַרגלייכט די פראַנקיסטן מיט אַנדערע רעליגיעזע רעפאָרמאַציע־באַוועגונגען אין אייראָפּע און אַטאַקירט שאַרף פראַנקס קעגנער, די רבנים פון 18־טן יאָרהונדערט. צו יענער צייט פאַרעפנטלעכט ד"ר לעאָן פּינסקער זיין באַרימט־געוואָרענע בראָשור „אויטאָ־עמאַנציפּאַציע", וועל־כע פּראָקלאַמירט די ציוניסטישע וועלט־אָנשויאונג אויף דעם וועג פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַפרייאונג. דובנאָוו איז קעגן דעם אויפגעטראָטן מיט אַרטיקלען, אין

וועלכע ער שרייבט, אַז דער עיקר זענען די רעליגיעזע רעפאָרמען אין יידנטום און די „אויטאָעמאַנציפּאַציע" פון דער רבנישער הערשאַפט.

נאָר באַלד איז דובנאָווס יידישע וועלט־אָנשויאונג געוואָרן טיפער און ערנסטער. ער האָט זיך באַפרייט פון דער משכּילישער דאָגמאַטישקייט און האָט שפּעטער אַליין זייער קריטיש באַטראַכט זיין יוגנטלעכע „חטאת נעורים". די דאָזיקע ראַדיקאַלע ענדערונג איז ביי אים פאָרגעקומען אַ דאַנק דעם חסידיזם. דובנאָוו האָט געשטאַמט פון אַ מתנגדישער סביבה, און די חסידישע וועלט, מיט וועלכער ער האָט זיך שפּעטער באַקענט, איז פאַר אים געוואָרן די גרויסע אַנטפּלעקונג. אין די קרייזן פון דער רוסישער יוגנט איז דעמאָלט פּאָפּולער געוואָרן דאָס „נאַראָדניטשעסטוואָ", דאָס גיין צום פאָלק. דובנאָוו האָט, אַלס היסטאָריקער, אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם חסידיזם אַלס אַ מעכטיקע יידישע פאָלקס־באַוועגונג, פול מיט טיפער לעבנס־קראַפט און גייסטיקער התלהבות. וועגן חסידיזם האָט ער שפּעטער געשריבן אַ גרויס היסטאָריש ווערק, וואָס שפּרודלט מיט ערודיציע און סענטימענטן.

שטודירנדיק לאַנגע דורות פון יידישן קיום אין דיאַספּאָרע, איז דובנאָוו געקומען צו דער פעסטער איבערצייגונג, אַז דער כּוח פון יידן און יידישקייט אין אַ סביבה פון שונאים און רדיפות, איז באַשטאַנען אין דער אָרגאַניזירטקייט פון זיין אינערלעכן לעבן, אין דער אויטאָנאָמיע פון אויסלעבן זיך אין אייגענע פאָרמען און אינסטיטוציעס. דער „ועד ארבע הארצות" איז אין דובנאָווס אויגן אויסגעוואַקסן צו אַ מין סימבאָל פון יידישער אויטאָנאָמישקייט אין די גלות־לענדער. די שיטה פון אויטאָנאָמיזם איז געוואָרן זיין נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער אני־מאמין. פון דעם האָט זיך גענומען די סתירה צווישן דובנאָוון און דעם ציוניזם. דובנאָווס נאָמען און שיטה זענען געוואָרן די אידעאָלאָגישע כּלי־זיין פון נישט־ציוניסטישע פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי די „פאָלקיסטן" און די סאָציאַליסטישע „סיימיסטן". פאַרשטענדלעך, אַז דובנאָווס קאַמף קעגן ציוניסטישן שלילת־הגלות האָט זיך אַריינגעפּאַסט און געפונען חן אין די אויגן פון „בונד". נישט דאָ איז דער פּלאַץ אָפּצושטעלן זיך אויף דער פראַגע, פאַרוואָס גראָד די יידישע היסטאָריקער האָבן, אין די לעצטע צוויי דורות, אַזוי ווייניק אַרויסגעוויזן אינטואיציע פאַר אַנטוויקלונגס־טענדענצן פון דער יידישער ווירקלעכקייט. די הויפּט־סיבה דערפון איז אפשר געלעגן אין דעם, וואָס די יידישע היסטאָרישע וויסנשאַפט איז צו שטאַרק באַאיינפלוסט געווען פון ראַציאָנאַליסטישער חכמת היהדות און משכּיליסטישן פּאָזיטיוויזם. ליידער האָט זיך אויך דער גרעסטער יידישער היסטאָריקער, דובנאָוו, נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם דאָזיקן דאָמינירנדיקן איינפלוס.

אָבער נישט אין דער פּאָליטישער מענדעניץ און אידעאָלאָגישער ריכטונג, איז באַשטאַנען שמעון דובנאָווס גרויסקייט. זיין נאָמען איז געוואַקסן און אומשטערבלעך געוואָרן מיט זיין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און אַרבעט. זיין 10־בענדיקע „געשיכטע פון יידישן פאָלק" וועט נאָך לאַנג בלייבן דאָס הויפּט־ווערק פון יידישער היסטאָריאָגראַפיע. יידישע היסטאָריקער האָבן אַ סך געשריבן און אַ סך ביכער געדרוקט. אָבער זעלטן האָט אַ יידישער היסטאָריקער פאַראייניקט אין זיך אַלע מעלות, וועלכע מיר געפינען ביי דובנאָוון אין זיין לעבנס־ווערק. דאָס זענען ערודיציע און שיינער שפּראַך־סטיל, וועלט־בילדונג און אַ וואַרעם יידיש האַרץ, חכמת היהדות און געפיל פאַר פּאַטאָס, גייסטיקער שווונג און וויסנשאַפטלעכע סיסטעמאַ־

טישקייט, פשטות און טיפקייט צוגלייך, גלאַנץ אין פאָרם און אינהאַלט. פון אַלע יידישע היסטאָריקער איז ער געווען און געבליבן פאַר אונז דער נאָענטסטער, דער אַמייסטן יידישער. אויך דובנאָוו איז געווען אַ פּראָפעסאָר (אויף דעם קאָוונער אוניווערסיטעט) ווי אַנדערע באַרימטע יידישע היסטאָריקער. אָבער פאַר דעם יידישן עולם, פאַר דעם פאָלקס־מענטש, איז ער נישט געווען פּראָפעסאָר דובנאָוו נאָר פשוט שמעון דובנאָוו.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך דובנאָוו שטאַרק דערנענטערט צום ציוניזם. דער היטלעריזם האָט אים טיף דערשיטערט. זיינע אַלטע אויגן האָבן געזען דעם חורבן פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין ליטע, וואָס איז געווען דער שטאָלץ און די האָפענונג פון אַלע גלות־פּאָזיטיוויסטן. זיין הייסע יידישע נשמה האָט בשלמות גובר געווען די ראַציאָנאַליסטישע, השכליסטיש־סאָציאָלאָגישע דאָגמאַטישקייט פון שכל־דיקער בילדונג. די נייע ארץ ישראלדיקע ווירקלעכקייט האָט אים באַגייסטערט און מיטגעריסן מיט איר אימפּעט און התלהבות. דער אַלטער, באַרימטער לערער און היסטאָריקער האָט גענומען לערנען פון דער נייער יידישער ווירקלעכקייט. און לערנען איז נישט קיין חרפּה און קיינמאָל נישט צו שפּעט. פאַראַפראַזירנדיק דעם באַקאַנטן פּסוק קאָן מען זאָגן: „אין היסטאָריקער בבעל נסיון!"

ווען די היטלערישע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט די רויטע אַרמיי באַזעצט ריגע. ס'איז פאַראַן געווען די מעגלעכקייט אַרויסצוראַטעווען דובנאָוון אין אויסלאַנד. אָבער דער גרויסער געלערנטער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין סביבה. נאָך אין לעצטן יאָר פון זיין לעבן האָט ער געאַרבעט יעדן טאָג 10 ביז 12 שעה. דעם יידישן זשורנאַליסט י. האָניג, וועלכער איז ספּעציעל געקומען צו פליען מיט אַן אַעראָפּלאַן, בכדי אַרויסצוראַטעווען דובנאָוון קיין שטאָקהאָלם, האָט דער 80־יעריקער געלערנטער געענטפערט: „וואָס וועל איך אַנטלויפן? יידן זענען דאָ אין אַן עת צרה, פּונקט ווי אין גאַנץ אייראָפּע. ווי אַזוי קאָן איך לויפן און ראַטעווען מיין לעבן? ניין, וואָס עס וועט געשען מיט אַנדערע יידן, וועט געשען מיט מיר!"

ווען די היטלערישע מאָרד־באַנדעס זענען אַריין קיין ריגע, האָט זיך דובנאָוו געפונען אין געטאָ צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע געלערנטע און קינסטלער. ער האָט געוווינט אין אַ קעלער צוזאַמען מיט אַ פּופּציק פּערזאָן. הונגער און עלנט זענען געווען זיין גורל, זיין אויסזען איז געוואָרן שרעקלעך, היטלעריסטן האָבן אים געטריבן רייניקן קלאָזעטן. זיי האָבן שטאַרק אים געפּייניקט און אויסגעחוזקט. אין דער שיינער פאָרשטאָט קייזערוואַלד, ווו דובנאָוו האָט געהאַט זיין ווילע, איז ער ענדע יאָר 1941 דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשע בעסטיעס, צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידן.

דאָס איז געווען דער סוף פון דעם, וואָס איז געווען שטערבלעך אין דעם גרויסן געלערנטן שמעון דובנאָוו, אָבער אומשטערבלעך איז געבליבן זיין נאָמען און זיין לעבנס־ווערק, וואָס וועט איבערדויערן יאָרהונדערטער און וועט זיין זכרון אויף אייביק פאַרשרייבן מיט גלאַנץ און רום.

# צום טויט פון ד״ר י. ל. מאַגנעס

אין ניו־יאָרק איז פּלוצלונג געשטאָרבן אין עלטער פון 71 יאָר, ד״ר יהודה לעאָן מאַגנעס, דער פּרעזידענט פון דער ירושלימער אוניווערזיטעט.

דער פאַרשטאָרבענער איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער געלערנטער, ער איז אויך במשך פון אַ פּאָר יאָרצענטער טעטיק געווען אַלס ציוניסטישער טוער און פּאָ־ליטיקער. אָנגעהויבן האָט ד״ר מאַגנעס זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט מיט אַן ערך פערציק יאָר צוריק, ווען אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע האָט זיך פון איר שוואַכן חובבי־ציוניסטישן אָנהויב, אַנטוויקלט די מאָדערנע ציוניסטישע באַוועגונג. אין דער נייער באַוועגונג האָט ד״ר י. ל. מאַגנעס באַלד פאַרנומען איינעם פון די וויכטיקסטע פּלעצער, אַ דאַנק זיין אַרבעטס־אייפער און טאַלאַנט. ער איבער־נעמט דעם פּאָסטן פון גענעראַל־סעקרעטאַר נאָך סטיפן וויז און יעקב דע־האַאַז, דעם פּראָמינענטן הערצליאַנישן טוער און שרייבער. אויף זיין פּאָסטן אַלס גענע־ראַל־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, אַנטוויקלט ד״ר מאַגנעס אַן ענערגישע טעטיקייט. ער גרינדעט צו יענער צייט דעם ציוניסטישן אָרדן „בני־ציון״, וואָס האָט געדאַרפט אַרבעטן לויט דעם מוסטער פון אחד העמ׳ס אָרדן „בני־משה״, געגרינדעט און געפירט דורך דעם גרויסן העברעאישן שרייבער און דענקער מיט אַ 15 יאָר צוריק. כמעט גלייכצייטיק, צו יענער צייט, אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, גרינדעט ד״ר אבא הלל סילווער דעם ציוניסטישן „הערצל־קלוב״. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער בולט אַרויסגעוויזן, זענען די דאָזיקע צוויי באַזונדערע גרינדונגען נישט געווען בלויז קיין צופאַל. בעת ד״ר סילווער און זיינע חברים (צווישן זיי דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע ד״ר עמנואל ניומאַן) האָבן זיך דעקלאַרירט אַלס הערצלס תלמידים און קעמפער פאַרן פּאָליטישן ציוניזם, איז ד״ר מאַגנעס זיין גאַנץ לעבן געווען און געבליבן אַן אחד העמיסט.

אַ פּאָר ווערטער מוז מען דאָ, ביי דער געלעגנהייט, זאָגן וועגן אחד העמען און זיינע תלמידים. נישט דאָס ערשטע מאָל טרעפט זיך, אַז די תלמידים קאָמענטירן איינזייטיק און פאַלש די תורה פון זייער לערער. אָט למשל, האָט זיך קאַרל מאַרקס, שוין ביי זיין לעבן דערשראָקן פאַר געוויסע זיינע תלמידים און זייערע פּירושים לגבי דעם מאַרקסיזם, און האָט סאַרקאַסטיש דערקלערט, אַז ער, קאַרל מאַרקס, איז נישט קיין מאַרקסיסט. אַ סך תלמידים פון אחד העם, האָבן זיך שפּעטער באַמיט אַנט־קעגנצושטעלן דעם געדאַנק פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ ישראל, באַרופנדיק זיך דערביי אויף זייער גרויסן לערער און זיין אידעאָלאָגישע שיטה אין ציוניזם. פאַר־שטענדלעך, אַז דאָס איז געווען לגמרי פאַלש, און ווען אחד העם וואָלט נאָך גע־לעבט, וואָלט ער געדאַרפט, לויט קאַרל מאַרקס ביישפּיל דערקלערן: „איך בין נישט קיין אחד העמיסט!״

נישט דאָ איז דער פּלאַץ אָפּצושטעלן זיך באַריכות אויף דעם דאָזיקן פּראָבלעם. מיר מוזן נאָר פעסטשטעלן, אַז אחד העמס ציוניסטישע שיטה האָט קיינעם נישט

געגעבן קיין רעכט אויסצונוצן זי צום קאַמף קעגן דעם מלוכהשן ציוניזם. לײדער איז דאָס געשען, און צווישן די אחד העמיסטן, וואָס האָבן זײער וויסן און טאַלאַנט געשטעלט אין דינסט פון אַ פאַלשער, נישט־ציוניסטישער ריכטונג, מכלומרשט אין נאָמען פון אחד העם, האָט אײנעם פון די ערשטע פלעצער, פאַרנומען ד״ר י. ל. מאַגנעס.

דאָס איז זיכער געווען זײער צו באַדויערן, ווײל אַזאַ שטאַרקע און טאַלאַנטירטע פערזענלעכקײט, ווי ד״ר מאַגנעס, וואָלט געקאָנט אַ סך העלפן און נוצן דעם געדאַנק פון מלכות ישראל און זײן שנעלער רעאַליזאַציע. אפשר איז די הויפט־סיבה פון ד״ר מאַגנעסעס ספּעציפישער ציוניסטישער שיטה, געלעגן אין דעם, וואָס ער איז זײן גאַנץ לעבן געווען און געבליבן ווײט און פרעמד צו די ײדישע פאָלקסמאַסן, צו זײערע געפילן און נויטן. ער איז באַלד אַוועק פון זײן פּאָסטן אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, און האָט אײבערגענומען די הויכע שטעלונג פון אַ ראַבבײ אין דער אַריסטאָקראַטיש־רעפאָרמירטער שול „עמנואל״ אין ניו־יאָרק. דאָס איז נישט געווען די סביבה, וואָס האָט געקאָנט דערנענטערן אַ ציוניסטישן טוער צו דער ײדישער פאָלקס־מאַסע און אירע גײסטיקע און פּאָליטישע אימפּולסן. גראָד להיפּוך. אויך אַנדערע ציוניסטישע טוער זענען געשטעלט געוואָרן פאַר דעם דאָזיקן שווערן נסיון און זײ האָבן דאָך גובר געווען אַלע שוועריקײטן און געפונען דעם וועג צו דער ײדישער פאָלקס־נשמה, צו דער פאַרבינדונג מיט דער ײדישער און ציוניסטישער מאַסע. לײדער האָט ד״ר מאַגנעס צו זײ נישט געהערט! ס׳וואָלט אונז דאָ צו ווײט געפירט, ווען מיר וואָלטן איצט געפּרוווט מאַכן אַ פּסיכאָלאָגישע און פּאָליטישע אַנאַליזע, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי געשען. דערווײל מוז מען בלויז פעסטשטעלן די טאַטזאַך אַלײן.

אַ פּאָר יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ד״ר י. ל. מאַגנעס דערגרײכט זײן הויכן ציל, וועגן וועלכן ער האָט זיכער דאָס גאַנצע לעבן געטראַכט. ער איז געוואָרן אײנער פון די גרינדער און רעקטאָר פון דער נײ־געשאַפענער העברעאישער אוניווערזיטעט אין ירושלים. די אוניווערזיטעט אויפן הר־הצופים, וואָס איז אַזוי פײערלעך דערעפנט געוואָרן אין אַפּריל 1925, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע באַגײסטערונג און געוואַלדיקע האָפענונגען בכל תפוצות ישראל. מ׳האָט גערעכנט, אַז די ירושלימער אוניווערזיטעט וועט אין אירע הער־זאַלן און אינסטיטוטן געפונען פּלאַץ פאַר די טויזנטער ײדישע סטודענטן אין דער גאַנצער וועלט, וואָס ווערן גערודפט מיטן „נומערוס קלאַוזוס״ און אַנדערע אַנטיסעמיטישע גזרות. די דאָזיקע האָפענונגען זענען ביטער אַנטוישט געוואָרן: די אוניווערזיטעט אין ירושלים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין גײסטיק־אַריסטאָקראַטישן צענטער „מכון לחכמת היהדות״, אָפּגעשלאָסן, ווײט און פרעמד צו דעם ײדישן פאָלקס־לעבן. זיכער זענען די וויסנשאַפטלעכע לײסטונגען פון דעם דאָזיקן יודאאיסטישן אינסטיטוט אויפן הר הצופים געווען זײער וויכטיק, אָבער דאָס איז נישט געווען די פאַרווירקלעכונג פון די צילן און חלומות, וועלכע די ציוניסטישע פאָלקס־מאַסן האָבן פאַרבונדן מיט דער שאַפונג פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט.

כידוע, האָט זיך ד״ר י. ל. מאַגנעס נישט באַגנוגנט מיט זײן הויכן פּאָסטן, אַלס רעקטאָר און פּרעזידענט פון דער ירושלימער אוניווערזיטעט. ער איז געוואָרן אײנער פון די הויפּט־אָנפירער פון „ברית־שלום״, פון זײער פּרעסע־אָרגאַן „שאיפור־

תינו" און פון זייערע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אַקציעס. מיר ווייסן, אַז די אידעאָלאָגיע פון „ברית־שלום", וואָס האָט פּראָפּאַגירט דעם שלום מיט די אַראַבער פאַר יעדן פּרייז און דעם בי־נאַציאָנאַלן שטאַט אין ארץ ישראל, איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן קאַטעגאָריש דורך דער גרויסער מערהייט פון ישוב און פון דער ציוניסטישער מחנה. נישט־געקוקט דערויף, האָט די גרופּע פון „ברית־שלום" ווייטער ממשיך געווען איר טעטיקייט כלפּי פּנים און כלפּי חוץ. נישט דאָ און נישט היינט, ביים פרישן קבר פון ד"ר מאַגנעס, איז די צייט אַרויסצוגעבן וועגן דעם אַן אורטייל. אַ העכערער און קאָמפּעטענטער טריבונאַל, די יידישע געשיכטע, וועט וועגן דעם אַרויסגעבן זיין גערעכטן משפּט.

זיכער איז די כוונה פון די „ברית־שלום"־גרינדער געווען אַ גוטע לויט זייער השגה. זיי האָבן פאַרשטאַנען דעם ציוניזם אַלס די רעאַליזאַציע פון אַ באַשיידענעם מרכז רוחני מיט אַ מכון לחכמת היהדות אויף הר הצופים. צוליב דעם האָבן זיי אָפּגעוואָרפן דעם פּרינציפּ פון אַ יידישער מערהייט און אַ יידישער מלוכה אין ארץ ישראל. מיר האָבן געהאַלטן, אַז מען מוז די דאָזיקע ריכטונג באַקעמפן אַלס אַ פאַלשע און שעדלעכע פאַרן ציוניזם. נישט איינמאָל האָבן מיר באַדויערט, שטאַרק און אויפריכטיק, וואָס אַזאַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט, ווי ד"ר מאַגנעס ז"ל, שטעלט נישט זיין טאַלאַנט און ווילן, זיין נאָמען און פעאיקייט אין דינסט פון אונזער מלוכהשן, הערצליאַנישן ציוניזם.



ד"ר י. ל. מאַגנעס האַלט אַ רעדע בעת אַ פייערלעכער אויפנאַמע, אויף וועלכער פּראָפ. וויצמאַן האָט באַקומען דעם טיטל „דאָקטאָר האָנאָריס קאַוזאַ" פון דער ירושלימער אוניווערזיטעט (י. 1935)

# פון פערדינאַנד לאַסאַל ביז לעאָן בלום

## (צום סיום פון אַ הונדערט־יעריקער תקופה)

אין יאָר 1864 איז דערהרגעט געוואָרן, בעת אַ דועל מיט אַ רומענישן באָיאַר, דער באַרימטער דייטשער ייד און פירער פון דייטשן פּראָלעטאַריאַט פערדינאַנד לאַסאַל. ענדע מערץ 1950 איז געשטאָרבן לעאָן בלום. צווישן די דאָזיקעביידע דאַטן און פּערזענלעכקייטן, ליגט אַ הונדערט־יעריקע תקופה פון דריי דורות יידישע סאָציאַליסטן־פירער אין די פאַרשידנסטע לענדער און ביי די פאַרשידנסטע אומות העולם. ס'איז געווען אַ תקופה פול מיט גלאַנצנדיקע טאַלאַנטן און העראָאישן פּאַטאָס, פול מיט ראָמאַנטישן ענטוזיאַזם און אויסגעהאַלטענעם קאַמף, אין נאָמען פון יושר און מענטשלעכקייט. ס'איז געווען: ווייל די דאָזיקע תקופה געהערט שוין איצט צו דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט, און לעאָן בלומס טויט איז טאַקע דער אייגנטלעכער סיום פון דער אָפּגעשלאָסענער תקופה. ס'איז לכן געקומען דער מאָמענט, ווען מ'דאַרף אין אַ פּאָר קורצע ווערטער דערמאָנען און געזעגענען יענע עפּאָכע, וואָס איז איצט אַוועק און וועט שוין קיינמאָל נישט מער צוריקקומען.

פערדינאַנד לאַסאַל, דער מעכטיקער פּאָליטישער טריבון און פאָלקס־רעדנער, הויבט אָן, מיט הונדערט יאָר צוריק, די לאַנגע ריי פון יידישע אינטעלעקטואַליסטן, הויך־טאַלאַנטירטע און טיף־געבילדעטע, וואָס זענען פון אונז אַוועק, בכדי צו זיין מנהיגים ביי פרעמדע, רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונגען. זיי האָבן פאַר די דאָזיקע באַוועגונגען אַוועקגעגעבן בשלמות אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט: זייער האַרץ און זייער מוח, די עשירות פון זייערע גייסטיקע פעאיקייטן און אָפט אויך די מאַטעריעלע עשירות געירשנט פון רייכע עלטערן. לרוב זענען זיי דערצויגן געוואָרן אין יידישער סביבה מיט געוויסע, הגם שוין שוואַכע טראַדיציאָנעלע מנהגים, אויך אין זייער נשמה איז אָפט פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן דער איבערגענומענער פון לאַנגע דורות יידישקייט און דער פרעמדער קאָסמאָפּאָליטישער וועלט, וואָס האָט זיי פאַרכישופט און באַגייסטערט מיט הערלעכע הגם פאַלשע (שפּעטער האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן!) אילוזיעס.

דער יונגער לאַסאַל וויל זיין דער באַפרייער פון זיין יידישן פאָלק און ווי אַ מאָדערנער משה חלומט ער וועגן אַ נייעם יציאת מצרים. אפשר וואָלט ער דאָס באמת געוואָרן, ווען ער וואָלט געלעבט מיט אַ דור שפּעטער, ווען ס'איז רייף געוואָרן די צייט פאַר טעאָדאָר הערצלען. דערווייל איז די דעמאָלדיקע צייט געווען טרויעריק־האָפנונגסלאָז פאַרן יידנטום און פול מיט גלענצנדיקע, פאַלשע עמאַנציפּאַציע־קאָפענונגען פאַר יענע יידן, וואָס זענען ווי היינריך היינע, גרייט געווען מקריב צו

זיין זייער יידישקייט פֿאַר אַן „איינטריט־בילעט אין דער אייראָפּעאישער קולטור”. און אַזוי איז עס געשען, אַז לאַסאַל איז פֿון אונז אַוועק צו די דייטשע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און פּאָליטיש אויסבילדן צו אַ נייעם געזעלשאַפֿטלעכן קלאַס. סך הכל איז לאַסאַל אַלט געווען 40 יאָר, ווען ער איז געשטאָרבן, אָבער זיין לעבנס־ווערק איז געווען אַזוי רייך אין מעשים, אַז ווי אַ לעגענדע האָט עס אויסגעזען און געבליבן אין זכרון פֿון מיליאָנען דייטשע אַרבעטער, וואָס האָבן וועגן „זייער” לאַסאַל געזונגען במשך לאַנגע יאָרצענטער, אַז „אין ברעסלוי איין פֿרידהאָף, אַם פֿרידהאָף איין גראַב, דאָרט ליגט דעריעניגער, דער שווערטער אונז גאַב”. אויף דעם יידישן בית־עלמין אין ברעסלוי (וורראָצלאַוו) האָט לאַנגע יאָרן זיך געפֿונען דער קבר פֿון לאַסאַלן, באַזוכט פֿון מאַסן, באַפּוצט מיט בלומען־קראַנצן, באַזונגען מיט אַ לעגענדאַרער פּאָעזיע. ביז ער האָט זיך דערוואַרט די צייטן פֿון היטלערן און איז געשענדעט געוואָרן דורך די עכט־דייטשע, מערדערישע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן.

דאָס איז געווען די „דאַנקבאַרקייט”, מיט וועלכער דאָס דייטשע פֿאָלק האָט באַצאָלט פֿערדינאַנד לאַסאַלן און זיינע נאָכפֿאָלגער, די הונדערטער און אפֿשר טויזנטער פֿון די בעסטע און פֿעאיקסטע יידישע אינטעלעקטואַליסטן אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן זיך בשלמות איבערגעגעבן און מקריב געווען פֿאַר דער זאַך פֿון סאָציאַליזם און פֿאַר דער פּאָליטישער און סאָציאַלער באַפֿרייאונג פֿון דעם דייטשן אַרבעטער־קלאַס. ווער איז ביכולת בלויז אויסצורעכענען די נעמען פֿון יענער פּלעיאַדע יידישע סאָציאַליסטן־פֿירער אין דייטשלאַנד, וואָס איז זייט די צייטן פֿון פֿערדינאַנד לאַסאַל און קאַרל מאַרקס געשטאַנען אין די פֿאָדערשטע רייען פֿון סאָציאַליסטישן אַרבעטער־לאַגער, און האָט מיט וואָרט און שריפֿט, מיט אַזויפֿיל האַרץ און שכל, באַמיט זיך צו דערציען די דייטשע פֿאָלקס־מאַסן אין גייסט פֿון סאָציאַלער דעמאָקראַטיע און מאָדערנער מענטשלעכקייט? ווו זענען זיי, די דאָזיקע באַרימטע געשטאַלטן, וואָס האָבן אַמאָל אַזוי באַשיינט, מיט שטאָלצן קאַמף און מוט די דייטשע פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָרן און די קאָנגרעסן פֿון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל? ווער דערמאָנט היינט דעם בערלינער יידישן פֿאַבריקאַנט פּויל זינגער, וועלכער האָט זיין פֿאַרמעגן און זיינע פֿעאיקייטן אַוועקגעשאָנקען דעם דייטשן אַרבעטער־קלאַס, און איז במשך אַ גאַנצן דור געווען, צוזאַמען מיט בעבעל, דער אייגנטלעכער פֿירער פֿון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע? ווער געדענקט היינט וועגן עדואַרד בערנשטיין, איינעם פֿון די געבילדעטסטע דייטש־יידישע אינטעלעקטואַליסטן, דעם טעאָרעטיקער פֿון דער רעוויזיאָניסטישער ריכטונג אין מאַרקסיסטישן לאַגער, דעם לאַנגיאָריקן רעדאַקטאָר פֿון די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטס־העפֿטע”, דעם פֿאָרשנדיקן מחבר און אַנאַליטישן דענקער, וועלכער האָט מיט זיין פּאַטריאַרכאַליש־רבנישן אויסזען און מיט זיין שאַרפֿן גאונישן מוח דערמאָנט אונזערע אַמאָליקע גדולי הדור, די חכמי־וואָרמס און אשכנז?

אַ גאַנצע ביאָגראַפֿישע ענציקלאָפּעדיע פֿון טויזנטער נעמען וואָלט מען געקאָנט צונויפֿשטעלן צווישן דער פּלעיאַדע פֿון יידיש־סאָציאַליסטישע פֿירער און טוער, שרייבער און דענקער, וואָס האָבן זיך מיט רום און גלאַנץ פֿאַרשריבן אין דער געשיכטע פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דייטשלאַנד. און ווען מיר וועלן פֿון דאַנען אַריבער צום שכנותדיקן לאַנד, קיין עסטרייך, וועלן ווידער דערשיינען פֿאַר אונ־

זערע אויגן די פירנדיקע געשטאַלטן פון די עסטרייכישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־מנהיגים, לויט זייער אָפּשטאַם: יידן אָדער געוועזענע יידן. בראש פון זיי גייט ד״ר וויקטאָר אַדלער, אַ פּעאיקער אַרצט און אינטעלעקטואַליסט, פון אַ רייכער, מיוחס־דיקער ווינער יידישער משפחה, וועלכער האָט פאַרציכט אויף זיין פּראָפעסיאָנעלער און געזעלשאַפטלעכער קאַריערע, בכדי צו אָרגאַניזירן און אויסצובילדן די אָרעמסטע און די עלנטסטע פון פאָלק. ס׳איז געווען אַ לאַנגער און שווערער וועג, וואָס האָט וויקטאָר אַדלערן געפירט פון די האַלב־פאַרווילדעטע ציגל־אַרבעטער אין שוועכאַט צו דער הויכער מדרגה פון אַ פירער פון דער גרעסטער פּאָליטישער פּאַרטיי אין דער געזעלשאַפט און אין פּאַרלאַמענט פון עסטרייך. און ווען וויקטאָר אַדלער שטאַרבט אין טאָג, בעת אויף די חורבות פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע ווערט פּראָקלאַמירט די נייע דעמאָקראַטישע רעפּובליק, טרעטן אויף בראש פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין עסטרייך אַנדערע יידן: וויקטאָרס זון, פרידריך אַדלער און בעיקר ד״ר אָטטאָ בויער, איינער פון די געלערנטסטע און טיפסטע פּאָליטיקער אין אייראָפּע, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָטטאָ בויער, דער אייגנטלעכסטער שעפער פון דער סאָציאַליסטיש־סינטעטישער שיטה (וואָס אַ דאַנק אים האָט זי באַקומען דעם נאָמען „אויסטראָ־מאַרקסיזם") האָט מיט זיין טאַלאַנט און וויסן געקאָנט באַהערשן יעדן אוניווערזיטעט און יעדע רעגירונג פון אַ גרויסער מלוכה־מעטראָפּאָליע. דער דאָזיקער באַשיידענער, אויסערלעך זייער פּשוטער יונגער פּאָליטיקער, דער זון פון אַ רייכן טשעכיש־יידישן פאַבריקאַנט, איז באמת געווען אַ וועלט־עלוי. זיין פּערזענלעכקייט וואַרט נאָך אויף איר ביאָגראַף, וואָס זאָל קאָנען געבן אַ שילדערונג, אַ געטריי בילד פון דעם, וואָס אָטטאָ בויער איז געווען אין דערווירקלעכקייט. און ווידער וואָלט מען געקאָנט צונויפשטעלן דאָ אַ גאַנצן לעקסיקאָן פון די אַלע יידן, וואָס האָבן דער אַרבעטער־באַוועגונג אין עסטרייך (און אויך אין אונגאַרן) אַוועקגעגעבן זייער גאַנצן לעבן.

אָבער אונזער וועג פירט אונז שוין איצט צו די לענדער אין מזרח־אייראָפּע, דאָרט, וווּ עס האָבן געלעבט די גרויסע יידישע ישובים. מיר לאָזן היינט אין דער זייט די ספּעציפיש־יידישע אַרבעטער־באַוועגונגען („בונד", „פּועלי ציון" און אַנדערע), און באַגרענעצן זיך צו דער ראָל פון יידן אין דעם פרעמדן, אַלגעמיינעם סאָציאַליזם. אין פּוילן, אין דער פּ.פּ.ס. (פּאַרטיי פון פּוילישע סאָציאַליסטן) איז די גייסטיקע און פּאָליטישע השפּעה פון יידן געווען אַ גאָר שטאַרקע. אין גאַליציע זענען די יידישע יוריסטן הערמאַן דיאַמאַנד און הערמאַן ליבערמאַן די הויפּט־פירער פון דער פּאַרטיי, נעבן דעם פּאָלאַק דאַשינסקי. הונדערטער יידישע אינטעלעקטואַליסטן אין גאַליציע זענען די רעדאַקטאָרן, אָרגאַניזאַטאָרן און גייסטיקע פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין קאָנגרעס־פּוילן איז סטאַניסלאַוו מענדעלזאָן (דער שפּעטערדיקער נאַציאָנאַלער ייד), דער שעפער פון פּ.פּ.ס.־שן פּאַרטייפּראָגראַם, און דער זון פון אַ רבניש־וואַרשעווער פאַמיליע ד״ר פעליקס פּערל איז הויפּט־רעדאַקטאָר פון סאָציאַליסטישן צענטראַל־אָרגאַן „ראָבאָטניק". אויך דאָ איז די השפּעה פון יידן אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אַ גרויסע, בפרט אין דער לינקער, אַזוי גערופענער עס־דעקישער ריכטונג, וווּ ראָזאַ לוקסעמבורג, אַן אויסערגעוויינלעך־געבילדעטע און טאַלאַנטירטע פרוי, שפּילט די ערשטע און דעציזירנדיקע ראָל.

דער אנטייל פֿון יידישע טעאָרעטיקער און טוער אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, סיי ביי די באָלשעוויקעס און סיי ביי די מענשעוויקעס, איז גוט באַקאַנט און מיר דאַרפֿן וועגן דעם נישט קיין סך מאריך זיין. ס'איז גענוג דאָ צו דערמאָנען בלויז אַ פּאָר נעמען, וואָס קומען צופֿעליק אין זכרון: די מענשעוויקעס אַקסעלראָד און מאַרטאָוו, די באָלשעוויקעס טראָצקי, זינאָוויעוו, קאַמיעניעוו, ראַדעק און אַנדערע.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל פֿון דער הונדערט־יעריקער תקופֿה, וואָלט מען געקאָנט צונויפֿשטעלן אַ ליסטע פֿון צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס האָבן מיט זייער נאָמען און לעבן, זיך פֿאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די פֿאַרשידנסטע לענדער און פּאַרטייען. פֿאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן דאָ געקאָנט דערמאָנען בלויז איינצלנע, ווייניקע נעמען. גאַנצע ריכטונגען, ווי למשל די אַנאַרכיסטישע, זענען דאָ בכלל נישט דערמאָנט געוואָרן. דער יידישער גייסט, דער יידישער מוח און טאַלאַנט, האָבן אַוועקגעשאָנקען דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג אַ ריזיקן אוצר פֿון די בעסטע כּוחות און פֿעאיקייטן, וועלכע וואָלטן אין יידישן לעבן און פֿאַר דעם יידישן אויפֿלעבונגס־פּראָצעס, געקאָנט אויפֿטון ממש וווּנדער פֿון פּאָליטישער און אָרגאַניזאַטאָרישער באַדייטונג.

דאָס יידישע פֿאָלק האָט ווייניק נוצן געהאַט פֿון די אַלע גרויסע ייִדיש־סאָציאַליסטישע מנהיגים. זיי האָבן זיך געשעמט מיט זייער יידישקייט און נישט געוואָלט הערן וועגן יידישע ענינים. אין די איינצלנע לענדער האָבן זיי געפֿירט אַן אויסגעשפּראָכענע, סיסטעמאַטישע אַסימילאַטאָרישע פּאָליטיק, און אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן פֿאָרום האָבן זיי באַקעמפֿט אַלע פֿאָרשלאָגן וועגן יידישע רעכט און נאַציאָנאַלע פּאָסטולאַטן. לגבי דעם ציוניזם זענען זיי געווען און געבליבן די שאַרפֿסטע שונאים. נאָר געציילטע פֿון זיי האָבן געהאַט דעם מוט, זיך מודה צו זיין לסוף פֿון זייער לעבן, אין אייגענע טעותים און זינד לגבי דעם יידישן פֿאָלק, ווי עס האָט דאָס געטון דער פֿירער פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי הערמאַן דיאַמאַנד, וועלכער האָט אַ קורצע צייט פֿאַר זיין טויט דערקלערט: „זיי, די ציוניסטן, זענען דאָך גערעכט געווען!"

צוזאַמען מיט דער גלאַנץ־עפּאָכע פֿון אייראָפּעאישן יידנטום פֿאַרשווינדט אויך די 100־יעריקע תקופֿה, וועלכע מיר האָבן דאָ טיטולירט: „פֿון פֿערדינאַנד לאַסאַל ביז לעאָן בלום". ס'איז געווען אַ צייט פֿון גרויסע האָפֿענונגען און ריזיקע אילוזיעס, פֿון מעכטיקע מאַסן־באַוועגונגען און פּאַטעטישע פֿאָלקס־טריבונען. דער יידישער גייסט און דער יידישער טאַלאַנט האָבן געפֿונען די פֿולע מעגלעכקייט זיך אויסצוצייכענען און מיט גאָלדענע אותיות זיך צו פֿאַרשרייבן אין דער געשיכטע פֿון יענער צייט. אָבער דאָס אַלץ געהערט שוין צו דער היסטאָרישער פֿאַרגאַנגענהייט, וועלכע וועט נישט מער צוריקקומען. די היינטיקע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען זענען באַהערשט דורך פּאַרטיי־סעקרעטאַרן און פּאַרלאַמענטאַרישע טעכניקער. די צייטן פֿון גרויסע טריבונען און פֿון פּאַטעטישע לאָזונגען זענען פֿאַרביי. די אַנטיסעמיטישע אַטמאָספֿערע, וואָס איז אין אייראָפּע געבליבן אויך נאָך היטלערן, מאַכט שווער, זייער שווער, יעדע פּראָמינענטע טעטיקייט פֿון אַ ייד אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מדינת ישראל האָט פֿאַר טאַלאַנטירטע און באַגייסטערטע יידן געעפֿנט נייע, גאָר ליכטיקע האָריזאָנטן און מעגלעכקייטן.

ביים סוף פון דער באַשריבענער דאָ 100־יעריקער תקופה שטייט די ליכטיקע געשטאַלט פון לעאָן בלום. ס'איז דער ערשטער (און אפשר אויך דער לעצטער) יידיש־סאָציאַליסטישער מנהיג, וועלכער האָט געפונען דעם וועג צו זיין יידישן פאָלק און צום ציוניזם. אפשר איז דאָס נישט קיין צופאַל! ווער קאָן פאַרשטיין דעם סוד פון דער געשיכטע! אפשר האָט די 100־יעריקע תקופה געוואָלט אויסקויפן אירע זינד לגבי דעם יידישן פאָלק, ביי איר סיום און אַפשלוס, דורך דער איידעלער, יידישער געשטאַלט פון לעאָן בלום.



## לעאָן בלום

(מיט זיין זון ראָבערט. פאָטאָגראַפירט אין יאָר 1948)

# יידישע ליטעראַטור און איר געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלע ראָל

מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט די יידישע שרייבער־משפּחה אין פּאַריז געזעגנט אַ יונגן קאָלעגע, וועלכער איז עולה געווען קיין ישראל. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָבן מיר ווידער אין פּאַריז מקבל פּנים געווען אַ באַוווּסטן יידישן שריפטשטעלער פון ישראל, וועלכער איז אַהערגעקומען אויף אַ קורצן באַזוך. ביי דער און יענער געלעגנהייט האָט מען אַ סך גערעדט וועגן די אויפגאַבן, וועלכע דער יידישער שרייבער האָט צו דערפילן סיי אין ישראל און סיי מחוץ לארץ. די ליטעראַטור איז נישט בלויז אַן ענין פאַר די, וועלכע זענען פּראָפעסיאָנעל מיט דעם באַשעפטיקט, זי איז איינע פון די הויפּט־עלעמענטן פון נאַציאָנאַלן קיום. די אויפגאַבן פון יידישן שרייבער און די שליחות פון דער יידישער ליטעראַטור שאַפן כסדר אין אונזער גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס זענען נוגע דעם גאַנצן יידישן כלל און דאַרפן לכן קלאָר ווערן פאַר די ברייטסטע שיכטן פון יידישן לייענער־פּובליקום.

שוין אין די דאָזיקע פּאָר הקדמה־ווערטער ווערט אונטערגעשטראָכן אונזער מיינונג, אַז די ליטעראַטור איז נישט און טאָר נישט זיין אַ ריין־פּראָפעסיאָנעלער און ריין־פּריוואַטער ענין פון די שרייבער, וועלכע זענען מיט איר באַשעפטיקט. די שיטה „קונסט לשם קונסט" („ל'אַר פור ל'אַר!"), וועלכע איז לאַנג געווען אַ דאָמינירנדיקע אין דער איראָפּעאישער ליטעראַטור, געהערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. די דאָזיקע שיטה איז געווען אַן אויסדרוק פון יענער געשיכטלעכער תקופה, וואָס האָט אידעאַליזירט דעם יחיד און געפּריידיקט אַן עקסטרעמען אינדיווידואַליזם, נישט־נאָר אין גייסטיקן לעבן, נאָר אויך אין דער עקאָנאָמיק און פּאָליטיק. זייט יענע צייטן, זענען פאַרגאַנגען אַ סך יאָרן און די היינטיקע ליטעראַטור איז אַן אויסדרוק פון אונזער היינטיקער תקופה, וועלכע שטייט אין צייכן פון געזעלשאַפטלעכן צוגאַנג נישט־נאָר אין פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע פראַגן, נאָר אויך אין גייסטיק־קולטורעלע.

אויך דעמאָלט, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, האָבן זיך געקאָנט דערלויבן „קונסט לשם קונסט" בלויז יענע ליטעראַטורן, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן ביי רייכע און שטאַרקע אומות העולם. סיי די ענגלישע און סיי די פראַנצויזישע, און אויך די דייטשע ליטעראַטור, האָבן זיך געשטיצט אויף אַ ברייטער און סאָלידער באַזע פון אַ מעכטיקער אייגענער מלוכה און עקאָנאָמיק. דער אויסגעבויטער מלוכהשער און געזעלשאַפטלעכער אַפּאַראַט האָט דערפילט זיינע נאַציאָנאַלע פונקציעס און ממילא האָבן זיך די שרייבער געקאָנט דערלויבן אויף דעם גייסטיקן לוקסוס אויסצולעבן זיך אין זייער ריין־אינדיווידואַליסטישער שיטה פון „קונסט לשם קונסט". ביי קליינע, שוואַכע און אונטערדריקטע פעלקער איז די לאַגע געווען גאָר אַן אנדע־

רע. דאָ האָט די ליטעראַטור געמוזט איבערנעמען פליכטן און פונקציעס, וואָס האָבן אָפּט זיך באַלאַנגט צו דער מלוכה און צו דער געזעלשאַפט. די ליטעראַטור האָט גע־מוזט שאַפן די לעבעדיקע, נאַציאָנאַלע פאַרבינדונג צווישן די איינצלנע טיילן פון פאָלק, זי האָט געמוזט מאָנען און מאָביליזירן צום קאַמף די פאַרשלאָפענע אָדער אונטערדריקטע ענערגיעס פון דער אייגענער אומה, זי האָט געמוזט דערציען און אַנטוויקלען נישט נאָר אַ פאָלקס־בילדונג נאָר אויך דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און ווידערשטאַנדס־כוח. ס'איז דאָ גענוג צו דערמאָנען די ראָל פון דער פוילישער אָדער טשעכישער ליטעראַטור אין יענע ציטן, ווען דער נאַציאָנאַלער קיום פון די דאָזיקע פעלקער האָט פאַרלוירן זיין מלוכהשע באַזע און האָט געמוזט זוכן אינם גייסט, אין דער ליטעראַטור זיין הויפּט־יסוד.

ווי איז געווען אין דער יידישער ליטעראַטור? מיר מיינען דאָ די ליטעראַטור ביי יידן, וואָס איז געשריבן און געשאַפן געוואָרן אינם יידישן פאָלקס־לשון. נאָך אַ קורצער אנפאַנגס־תקופה, וואָס איז באַהערשט געווען פון השכלה־טענדענצן, איז די יידישע ליטעראַטור אין איר ראָמאַנטישער יוגנט־צייט, שטאַרק באַאיינפלוסט גע־וואָרן פון דער דעמאָלט דאָמינירנדיקער אייראָפּעאישער ריכטונג „קונסט לשם קונסט". די פּראַכט פון דער נאַטור, די נשמה־איבערלעבענישן פון יחיד, דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון דער סביבה, אַלץ געזען און געשילדערט דורכן פּריזמאַט פון קינסטלער — אָט דאָס זענען די הויפּט־מאָטיוון אין דער יידישער ליטעראַטור, מיט אַ דור און מיט צוויי דורות צוריק. עס פעלט דער ברייטער געזעלשאַפטלעכער און נאַציאָנאַלער צוגאַנג, עס זענען נישטאָ אין דער יידישער ליטעראַטור די קלאָרע לי־ניעס פון אַ יידישער אויפלעבונג, עס געפינען נישט אין איר זייער מעכטיקן ווידער־קול די גרויסע פאָלקסבאַוועגונגען, וואָס האָבן צו יענער צייט באַהערשט די יידישע גאַס. די יידישע ליטעראַטור וויל בלייבן אַ־פּאָליטיש, זי דערווייטערט זיך פון די לעבנס־פּראָבלעמען און געפינט איר תיקון אין דער אינדיווידואַליסטישער שיטה פון „קונסט לשם קונסט". בעת אין דער פוילישער ליטעראַטור אין פאַריקן יאָרהונ־דערט איז די פּאָעזיע, למשל, געוואָרן אַ מין נאַציאָנאַלע נבואה און גייסטיקער וועג־ווייזער פאַר דער פאַרצווייפלטער אומה, זענען ביי אונז די דיכטער געגאַנגען זייער אייגענעם אינדיווידואַליסטישן וועג, וואָס איז געלעגן ווייט פון די גרויסע נאַציאָ־נאַלע און סאָציאַלע שטרעבונגען אין אונזער מאַסן־לעבן.

זייט די 80־ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, ווען ס'האָט זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבן די ערשטע פּאָגראָמען־כוואַליע, איז די יידישע ווירקלעכקייט געשטאַנען אונטער דעם צייכן פון כסדר־וואַקסנדיקער געפאַר פאַר דעם נאַציאָנאַלן און אפילו פּשוטן פיזישן קיום פון יידנטום. נאָך דער ערשטער פּאָגראָמען־כוואַליע איז געקו־מען די צווייטע אין די ניינציקער יאָרן און דאַן, ביים אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונ־דערט, באַלד נאָך קישעניעוו, איז דער רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק אַריינגע־וואָרפן געוואָרן אין אַ תהום פון בלוטיקע צאַריסטישע רדיפות, וואָס האָבן טיף דערשיטערט דאָס וועלט־יידנטום און אַרויסגערופן ערנסטע פּחד־געפילן לגבי דעם עתיד. ציוניסטישע טעאָרעטיקער און מנהיגים האָבן געזוכט דעם אויסוועג פון דער טראַגישער לאַגע אין דעם קאַמף פאַר אַ נייער יידישער מלוכהשקייט אין ארץ־ישראל. אין דער זעלבער צייט האָבן די יידישע סאָציאַליסטן געפּריידיקט די רעוואָלוציע קעגן דעם צאַריזם אַלס די איינציקע לייזונג פון דער אָנגעווייטיקטער יידישער פראַגע.

ווי איז געווען די שטעלונג פון דער יידישער ליטעראַטור לגבי די אַלע לעבנס־פראַגן פון יידישן קיום? צי האָט, למשל, די יידישע פּאָעזיע, אַרויסגעוויזן אַ וועלכע ס'איז אינטואיציע לגבי דעם שרעקלעכן היסטאָרישן שטורעם, וואָס דערנענטערט זיך סיסטעמאַטיש און זאָגט אָן אַ מוראדיקן חורבן פון די מיליאָניקע יידישע ישובים? אפילו די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור האָבן זיך נישט באמת צו ווייזן די פאַרצווייפלטע יידישע פּאָלקסמאַסן אַן אויסוועג פון דער טראַגישער לאַגע. קיינער האָט נישט דאָס רעכט צו פאַרמינדערן דעם גרויסן נאַציאָנאַלן און קינסטלערישן ווערט פון מענדעלע מוכר ספרים אָדער שלום עליכם. אָבער צי געפינען מיר אין זייערע ווערק, וואָס זענען בעיקר שילדערונגען פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט, אַ תשובה אויף די פּראָבלעמען, וואָס האָבן געפּייניקט דעם יידישן מענטש, אַלס אַ יחיד און אַלס אַ כלל? צי האָבן זיי געוויזן אַן אידעאָלאָגישן אָדער פּראַקטישן אויסוועג פון דער קאַטאַסטראָפאַלער סיטואַציע, אין וועלכער דער רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק האָט זיך געפונען?

אפילו י. ל. פּרץ, וועלכער איז גאָר נאָענט געשטאַנען צו דער פּראָבלעמאַטיק פון יידישן לעבנס־קאַמף, איז אין זיין גייסטיקער און נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע באַהערשט געווען פון דיכטערישע, אינדיווידואַליסטישע שטימונגען. איינמאָל זענען דאָס ביי אים געווען משכיליש־אויפקלערערישע טענדענצן און דאַן ווידער חסידיש־ראָמאַנטישע סענטימענטן. איינמאָל אויפברויזנדיקע, רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און דאַן ווידער דער יאוש־פולער רעזיגנאַציע־רוף: צוריק אין שול אריין! — דער גרויסער דיכטער איז נישט מיטגעגאַנגען דעם גוזלשאפטלעך־נאַציאָנאַלן וועג פון יידישן פאָלק, נאָר האָט אין זיין אייגענער, איידעלער און געפילפולער נשמה, געזוכט אַ תשובה אויף די ליידן, וואָס האָבן געפּייניקט דעם יידישן קיום. אַרויסגעקומען זענען דערפון שטימונגען, אידעאַליסטישע אָבער אומפּרעסיאָניסטישע, נאַציאָנאַלע מאָטיוון, הייסע און אויפריכטיקע, אָבער אָן אַ קלאָרער אידעאָלאָגישער און געזעלשאַפטלעכער ריכטונג. עס האָט זיך גערוכט, אַז ש. אַנסקי, וועלכער איז צו דער יידישער ליטעראַטור געקומען מיט אַ שטאַרקן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועט ווערן דער וואָרטזאָגער פון די נייע סאָציאַלע און פּאָליטישע שטרעמונגען. אָבער אויך אַנסקי איז פאַרכשופט געוואָרן פון דער חסידישער ראָמאַנטיק, און זיין געזעלשאַפטלעכער אימפּעט האָט זיך לגמרי פאַרלוירן אין „דיבוק”. די שיטה „קונסט לשם קונסט” האָט אויך די בעסטע און שענסטע וואָרטזאָגער פון דער יידישער ליטעראַטור צוגעצויגן און גלייכצייטיק דערווייטערט, ביודעין אָדער בלא יודעין, פון דער געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלער אויפגאַבע.

אין דער דאָזיקער הינזיכט האָט זיך אין דער יידישער ליטעראַטור קיין סך נישט געענדערט אויך אין דער שפּעטערדיקער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות. דער מוראדיקער חורבן פון אוקראַאינישן יידנטום און די אומעטום וואַקסנדיקע כוואַליע פון פּאָגראָמיסטישן אַנטיסעמיטיזם האָבן נישט אויפגעטרייסלט די נשמה פון יידישן שרייבער. סיי דעם דיכטער און סיי דעם פּראָזאַאיקער האָט אויסגעפעלט די מינימאַלסטע אינטואיציע לגבי די געשעענישן, וואָס דערנענטערן זיך אומברחמנותדיק און סיסטעמאַטיש און ווערן כסדר באַלויכטן מיט פייערדיקע און בלוטיקע פּאָגראָם־צייכנס. די יידישע ווירקלעכקייט איז געשטאַנען ביים תהום פון אָפּגרונט און חורבן, אָבער די יידישע ליטעראַטור האָט נישט גערופן אויף טרעוואָגע. עפּעס אַ

מאָדנע רואיקייט, כמעט אַן אַלימפּישע, באַהערשט אונזערע פּאָעטן און פּראָזאַאיקער אין יענער גורל־שווערער און טראַגישער תקופה, ווען זיי האָבן געדאַרפט ממש רייסן דאָס פאָלקס־געוויסן און אַלאַרמירן זיין נשמה. ווען מ׳האַלט, אַז ליטעראַטור איז נישט מער ווי קונסט, דאַן קאָן מען צו דער יידישער ליטעראַטור, אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות, נישט האָבן קיין שום טענות. אָבער ווען מען גלויבט, אַזוי ווי מיר, אַז די ליטעראַטור דאַרף זיין אַ נאַציאָנאַלער וועגווייזער, אַ ווירקלעכע תורת החיים, דאַן קאָן מען נישט אַריבערגיין מיט שטילשווייגן און נישט דערמאָנען דעם דאָזיקן חטא פון דער יידישער ליטעראַטור. מ׳דאַרף דאָס טון נישט צוליב היסטאָרישע פּרעטענסיעס אָדער סתם צוליב טענות, נאָר בכדי צו לערנען פון די אַמאָליקע פעלערן און אויסצובעסערן אין הוה און אין עתיד דאָס, וואָס מ׳האָט פאַרנאַכלעסיקט אין עבר.

דער יידישער שרייבער מוז זיך ענדלעך און לגמרי באַפרייען פון דער באַקוועמער אָבער פאַלשער טראַדיציע פון „קונסט לשם קונסט״. די יידישע ליטעראַטור קאָן זיך נישט דערלויבן אויף דעם לוקסוס צו פאַרשליסן זיך אין די ד׳ אמות פון קינסטלערישן אינדיווידואַליזם. היינט נאָך ווייניקער ווי אַמאָל. מיר זענען אַ קליין און שוואַך פאָלק, פאַרהאַסט און פאַרפאָלגט אומעטום, באַגלייט מיט אַזאַ שרעקלעכער מאַרטיראָלאָגיע, וועלכע די וועלט־געשיכטע האָט קיינמאָל נישט געהאַט צו פאַרצייכענען. נישט פאַר אונז איז באַשאַפן „קונסט לשם קונסט!״ דער יידישער שרייבער און קינסטלער מוז זיך לגמרי באַהעפטן מיט דעם גמזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלן קאַמף פון יידישן פאָלק. אָפּהיטנדיק דעם עכטן קינסטלערישן ווערט, דאַרף אָבער די יידישע דיכטונג און פּראָזאַאיק שמידן די גייסטיקע וואָפן אין אונזער ראַנגלען זיך פאַר אַ שטאַרקער יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל און קעגן דער אַסימילאַציע־געפאַר אין די גלות־לענדער.

ס׳איז זיכער נוצלעך און נויטיק אָנצווייזן דאָ, אַז די איצטיקע „קריסטלעכע״ פּאַזע אין שלום אַש׳ס שאַפונג איז נישט קיין צופאַל. דער גרעסטער יידישער שרייבער האָט קיינמאָל נישט פאַרמאָגט אין זיין לאַנג־יעריקער ליטעראַרישער אַרבעט קיין אויסגעשפּראָכענע אידעאָלאָגישע ריכטונג. עס האָט אים געפעלט דער פעסטער נאַציאָנאַלער חוט השדרה, און זיין שאַפונג איז באַהערשט געווען פון אינדיווידואַליסטישע שטימונגס־מאָטיוון און ליטעראַרישע איינפאַלן. דער איצטיקער ביישפּיל פון שלום אַש ווייזט אונז, צו וואָס אַ יידישער שרייבער קאָן דערגיין, ווען ער שטעלט זיך אויפן שטאַנדפּונקט: „איך בין אַ שריפטשטעלער, איך שרייב דאָס, וואָס מיר געפעלט, און קיין שום געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע נויטן פון מיין פאָלק קאָנען ביי מיר נישט דעצידירן!״

דער מוראדיקער חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום און די נסים־פולע דעראָבערונג פון דער יידישער מלוכה, שטעלן די יידישע ליטעראַטור פאַר נייע וויכטיקע אויפגאַבן. ארץ ישראל איז שוין היינט דער „מרכז רוחני״ פון יידישן פאָלק בכל תפוצות הגולה. דאָס ווערט אונז קלאָר און בולט ביי יעדער צוזאַמענקונפט, בעת אַ יידישער שרייבער איז עולה קיין ישראל אָדער ווען אַ יידישער שרייבער פון ישראל קומט צו אונז אַלס גאַסט. דער יידישער שרייבער סיי אין ארץ ישראל און סיי מחוץ לארץ האָט איצט צו דערפילן אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות. אין וואָס באַשטייט די דאָזיקע שליחות? וועגן דעם וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין אַ באַזונדערן אַרטיקל.

# די שליחות פון דער יידישער ליטעראַטור

אין אונזער אַרטיקל וועגן דער יידישער ליטעראַטור און איר געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלער ראָל, האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז ביז־איצט זענען אונזערע דיכטער און פּראָזאַאיקער שטאַרק באַאיינפלוסט געווען פון דער ריכטונג „קונסט לשם קונסט", און דאָס האָט זיי, אין אַ גרויסער מאָס, געשטערט צו דערפילן בשלימות די געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער יידישער ליטעראַטור. די מוראדיקע קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעאישן יידנטום און די שאַפונג פון מדינת ישראל זענען געוואָרן דער גרעסטער, היסטאָרישער איבערברוך אינם לעבן פון יידישן פאָלק. זיי דאַרפן אויך איצט ווערן דער גרויסער איבערברוך אין דער יידישער ליטעראַטור. אין אונזער נאַציאָנאַלן ראַנגלען זיך פאַר נייע לעבנס־פאָרמען, האָט די שליחות פון יידישן שרייבער צו דערפילן ערשטקלאַסיקע, וויכטיקע אויפגאַבן.

מיט דעם חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום, זענען פאַרניכטעט געוואָרן די גרויסע מיליאָניקע יידישע ישובים, ווו אונזער נאַציאָנאַל און געזעלשאַפטלעך מאַסן־לעבן האָט פאַרמאָגט אירע טיפע וואָרצלען, און פון וועלכע די יידישע ליטעראַטור האָט ביז־איצט געצויגן איר גייסטיקע און מאַטעריעלע יניקה. די קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעאישן יידנטום האָט לגמרי צעבראָכן און דעמאָלירט די יסודות, אויף וועלכע די יידישע ליטעראַטור האָט זיך געשטיצט, און אויף וועלכע זי האָט געקאָנט באַזירן נאָך לאַנגע דורות. די שארית הפליטה פון יידישע שרייבער איז געבליבן שטייען ביי די חורבות פון גלענצנדיקן עבר, צעטומלט וועגן דעם שרעקלעכן הוה און נישט וויסנדיק ווו און ווי צו זוכן דעם נייעם עתיד. ס'איז געווען פולשטענדיק פאַרשטענדלעך, אַז די לעבנגעבליבענע יידישע דיכטער און פּראָזאַאיקער האָבן גענומען, קודם כל, רעפלעקטירן גייסטיק און פּסיכיש, דעם עבר, פון וועלכן זיי זענען געקומען און אין וועלכן זיי זענען טיף און שטאַרק געווען פאַרוואָרצלט.

נאָך דעם שרעקלעכן היטלערישן בלוט־מבול, וועלכער האָט פאַרשלונגען די ביז־איצטיקע היים און סביבה פון יידישן שרייבער, איז פאַר אַ סך פון אונז פאַרבליבן דער איינציקער אויסוועג: דאָס אויסלעבן זיך אין זכרונות און שילדערונגען פון פאַרשניטענעם עבר. אין דעם איז טאַקע באַשטאַנען און באַשטייט ווייטער די סכנה פאַר דער יידישער ליטעראַטור אין דער נאָכמלחמהדיקער תקופה. זיכער דאַרף דאָס יידישע לעבן פון די גרויסע מאַסן־ישובים אין אייראָפּע, ווי עס האָט אויסגעזען פאַר דער קאַטאַסטראָפע און אויך בעת דער קאַטאַסטראָפע גופא, געפינען איר געטרייע, שלמותדיקע אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער פּראָזע און פּאָעזיע. אָבער אַ ליטעראַטור פון אַ לעבעדיקן, קעמפנדיקן פאָלק קאָן נישט עקזיסטירן בלויז מיטן עבר. פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע האָט צוליב דער פלוצלונגער קאַטאַסטראָפע, פאַרלוירן איר ביז־איצטיקע דורות־לאַנגע עקזיסטענץ־באַזע, איז אַקטועל די סכנה, אַז זי וועט זיך בשלמות איבערגעבן דעם דאָזיקן עבר, בלויז אים שילדערן און פאַרהערלעכן. אָבער ווי געזאָגט, מוז אַ ליטעראַטור, וואָס פאַרדינט ערלעך דעם דאָזיקן שטאָלצן נאָמען, זיין אַ תורת חיים, אַ לעבעדיקע גייסטיקייט פון אַ לעבעדיקער אומה.

די יידישע ליטעראַטור טאָר זיך איצט נישט פאַרשליסן אין די ד׳ אמות פון פאַר־שניטענעם עבר (ווי וויכטיק דאָס זאָל נישט זיין פון היסטאָרישן און נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט!), זי מוז שאַפן אַ קעגנוואַרטס־טעמאַטיק, זי דאַרף בלייבן אין אַ כסדר־דיקן, שעפערישן קאָנטאַקט מיט דער היינטיקער ווירקלעכקייט פון יידישן פאָלק. בויען אַ גייסטיקע בריק צווישן דעם עבר און דעם הוה, פאַרבינדן דעם לעבנס־שטייגער וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן, מיט דער איצטיקער קעגנוואַרט, וואָס בויט זיך פון־דאָס־ניי, אָט דאָס איז די ערשטע שליחות פון יידישער ליטעראַטור אין דער היינטיקער תקופה.

יידישע קעגנוואַרט, וואָס איז זי און אין וואָס באַשטייט זי? מ׳דאַרף נישט זיין קיין פאַרטייאישער ציוניסט, בכדי מודה צו זיין, אַז די יידישע קעגנוואַרט באַשטייט היינט קודם כל אין פאַקט פון מדינת ישראל. די יידישע מלוכה אין ארץ ישראל איז אַ געשעענע טאַטזאַך. די פאָרמען פון דער מדינת ישראל זענען באַשאַפן געוואָרן פאַר אונזערע אויגן, אָבער דער אינהאַלט פון מדינת ישראל שאַפט זיך ערשט אין פאָ־ליטישער, עקאָנאָמישער, גייסטיקער, און בעיקר נומערישער הינזיכט. די עליה און די באַפעלקערונג פון דער יידישער מלוכה וואַקסן פון יאָר צו יאָר אין אַ שנעלן, ממש וואונדערבאַרן טעמפּאָ, און זיכער וועט דאָס אַזוי בלייבן נאָך לאַנגע יאָרן. די לאָזונג פון קבוץ הגלויות איז נישט קיין פאַנטאַזיע פון יחידים און נישט קיין אַגיטאַציע־פראַזע פון מאַקסימאַליסטישע ציוניסטן. די יידישע נויט, געטריבן אוו פאַרשאַרפט דורך דעם אַנטיסעמיטיזם, איז אַ רעאַלע, ממשותדיקע ווירקלעכקייט, היינט, ווי מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ווען טעאָדאָר הערצל האָט אין זיין „יידנשטאַט" גע־שריבן וועגן דער טרייבקראַפט, וואָס באַוועגט מיליאָנען יידישע עמיגראַנטן און פירט צו דער שאַפונג פון אַ יידישער מלוכה. במשך פון יאָרצענטער האָט מען אויס־געלאַכט דעם פּאָליטישן, מלוכהשן ציוניזם אַלס אַ פּוסטע פאַנטאַזיע פון ראָמאַנ־טישע טרוימער. די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק האָט באַוויזן (און נאָך ווי באַוויזן!), אַז די דאָזיקע „פּוסטע פאַנטאַזיע" איז אין דער ווירקלעכקייט געוועזן דאָס רעאַלסטע, ממשותדיקע אין יידישן לעבן. דער פּראָצעס פון קבוץ הגלו־יות גייט כסדר און וועט ווייטער גיין, ווייל ער איז, ווי די יידישע מלוכה, אַ היסטאָ־רישע נויטוועדיקייט.

מיר ווייסן נישט, צי דער דאָזיקער פּראָצעס פון קיבוץ הגלויות וועט קאָנ־צענטרירן אין ארץ ישראל 50 פּראָצענט פון וועלט־יידנטום, אָדער אפשר נאָך אַ סך מער. אָבער מיר ווייסן, אַז דאָס איז אַן אַנטוויקלונג, וואָס וועט זיכער פאַרלאַנגען יאָרצענטער אויב נישט יאָרהונדערטער. דערווייל עקזיסטירט אַ גרויס יידנטום מחוץ לארץ, אויסערהאַלב פון די גרענעצן פון מדינת ישראל, און מן הסתם וועט עס נאָך לאַנג עקזיסטירן. שאַפן אַ גייסטיקע בריק צווישן מדינת ישראל און חוץ לארץ, צווישן דער יידישער מלוכה און די יידישע גלות־צענטערן — דאָס איז די צווייטע שליחות פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער היינטיקער תקופה. דער יידישער פּראָזאַאיקער און דער יידישער דיכטער, בכל מקום שהם, מוזן אַרויסווייזן אַ טיפע גייסטיקע און זעלישע פאַרשטענדעניש פאַר דעם גרויסן געשיכטלעכן נס, וואָס רופט זיך מדינת ישראל, און פאַר דעם געוואַלטיקן היסטאָרישן פּראָצעס פון קיבוץ הגלו־יות, וועלכער קומט פאָר אין דער איצטיקער צייט און וועט כסדר וואַקסן. פאַר־בינדן די ווירקלעכקייט פון יידישן קיום בכל תפוצות ישראל מיט דעם היסטאָרישן

פּראָצעס פון מלוכהשן קיבוץ הגלויות אין ארץ ישראל, דאָס איז די גרויסע אויפגאַבע פון יידישן שרייבער, וועלכע מיר האָבן אָנגערופן זיין צווייטע שליחות.

אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז אין דער ציוניסטישער מחנה געגאַנגען אַ וויכוח, אָפט אַ לײדנשאַפטלעכער און אַ שאַרפער, צווישן די אחד העמיסטן, וואָס האָבן געפּריידיקט דעם מרכז רוחני, און די פּאָליטישע ציוניסטן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר הערצלס „יידנשטאַט". די ממשותדיקע ווירקלעכקייט און איר אַנטוויקלונג האָבן באַוויזן, אַז צווישן ביידע ציוניסטישע וועלט־אָנשויאונגען איז נישט פאַראַן קיין שום ניגוד און קיין שום סתירה. סיי אחד העמס מרכז רוחני און סיי הערצלס יידישע מלוכה זענען געוואָרן היינט אַ ווירקלעכקייט אין מדינת ישראל. קיינער וועט נישט מער לייקענען, אַז מדינת ישראל איז שוין היינט דער גייסטיקער צענטער פון וועלט־יידנטום. דער דאָזיקער גייסטיקער צענטער האָט זיך געשאַפן אין דער העברעאישער שפּראַך. דאָס איז ווידער אַ פאַקט, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּלייקענען. זיכער ברענגט איצט די עליה צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס רעדן יידיש און ווילן זיך אויסלעבן אין דעם יידישן פאָלקס־לשון. אָבער דאָס ענדערט נישט און קאָן נישט ענדערן די טאַטזאַך, אַז דער מרכז רוחני אין ארץ ישראל איז העברעאיש און וועט בלייבן העברעאיש. אַזוי ווי דער קיבוץ הגלויות קאָן נאָר פאָרקומען אין ארץ ישראל, אַזוי קאָן אויך די שפּראַך פון קבוץ הגלויות נישט זיין קיין אַנדערע, ווי די שפּראַך פון ישראל. דאָס איז אַ היסטאָרישע נויטוועַנדיקייט, וועלכע איז נישט אָפּהענגיק פון אונזערע אַרגומענטן און סענטימענטן. דער צווייטער דור פון די היינטיקע צענדליקער טויזנטער עולים, וואָס רעדן יידיש, וועט זיין אַ העברעאישער. אָבער דאָס איז אַ געשיכטלעכער פּראָצעס פון יאָרצענטער. דערווייל וועלן אויך אין ארץ ישראל לעבן צענדליקער טויזנטער יידן אויף זייער יידיש לשון. און מחוץ לארץ זענען דאָך פאַראַנען גרויסע יידישע ישובים, וווּ די יידישע שפּראַך און קולטור קעמפן פאַר אונזער נאַציאָנאַלן קיום. שאַפן אַ גייסטיקע בריק צווישן העברעאיש און יידיש, צווישן דעם העברעאישן מרכז הרוחני און די ישובים מיטן יידישן לשון, דאָס איז די דריטע שליחות פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער היינטיקער תקופה.

אַמאָל האָט די לאָזונג פון עקסטרעמע העבּרעאיסטן: „עברית או רוסית", און די טשערנאָוויצער פּראָגראַם־טאַקטיק פון די עקסטרעמע יידישיסטן, געשאַפן די פּראָבלעמאַטיק פון פאַרשאַרפטן, אינערלעכן שפּראַכן־קאַמף ביי יידן. די דאָזיקע תקופה געהערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. נישט יידיש איז אַ געפאַר פאַר העברעאיש און נישט העברעאיש שניידט אונטער די לעבנס־וואָרצלען פון יידיש! אַ געמיינזאַמער שונא, אַ געפערלעכער און מעכטיקער, באַדראָט דעם קיום סיי פון יידיש און סיי פון העברעאיש, אין די לענדער פון יידישע וועלט־ישובים. דאָס איז די אַסימילאַציע, די שפּראַכלעכע און די קולטורעלע. אונזער נאַציאָנאַלער שונא איז אַ געמיינזאַמער און דער קאַמף קעגן אים מוז זיין אַ געמיינזאַמער. העברעאיש מוז העלפן צום קיום פון יידיש און יידיש מוז העלפן צום קיום פון העברעאיש. יעדע באַנייאונג פון אַמאָליקע, נישט־מער אַקטועלע שפּראַך־סכסוכים צווישן העברעאיסטן און יידישיסטן קאָן דינען בלויז דעם געמיינזאַמען שונא, דער אַסימילאַציע, און אָפּשוואַכן די באַדראָטע פּאָזיציעס סיי פון העברעאיש און סיי פון יידיש. דעם דאָזיקן אימפּעראַטיוו פון דער היינטיקער יידישער ווירקלעכקייט, גייסטיק צו פּראָפּאַגירן און

בשותפותדיק צו רעאַליזירן, איז די אויפגאַבע, וועלכע מיר האָבן גערופן די דריטע שליחות פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער היינטיקער תקופה.

די דאָזיקע דריי שליחותן: 1) פאַרבינדן דעם עבר מיט דעם הוה. 2) שאַפן אַ גייסטיקע בריק צווישן מדינת ישראל און חוץ לארץ. 3) פאַרייניקן יידיש מיט העב־ בּרעאיש, דאַרפן ווערן דער אידייאישער מהות און דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון דעם יידישן שרייבער און זיין ליטעראַרישער שאַפונג אין אונזער תקופה. פאַר איין דור יידישע שרייבער איז דאָס אַ געגוג שווערע און וויכטיקע אויפגאַבע! און זאָלן די צוקונפטיקע דורות שטעלן די יידישע ליטעראַטור פאַר נאָך אַנדערע, גאָר נייע אויפגאַבן!



## ש. אַנסקי

אַלס פאָרשטייער פון דער רוסיש־יידישער הילפס־אַקציע, אין גאַליציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# דער סך־הכּל פֿון אַ האַלבן יאָרהונדערט

## (1950—1900)

אייגנטלעך שפּילט אַ האַלבער יאָרהונדערט אַ קליינע ראָל אין דער וועלט־געשיכטע, וואָס ציילט טויזנטער יאָרן. און דאָך קאָן מען מיט דער גאַנצער זיכערקייט באַהויפּטן, אַז די דאָזיקע תּקופֿה פֿון די לעצטע 50 יאָר, איז געווען איינע פֿון די אַמייסטן דינאַמישע און גלייכצייטיק טראַגישע עפּאָכן אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ביים סוף פֿון 19־טן יאָרהונדערט, האָט זיך די דאָזיקע, דאָ דערמאָנטע תּקופֿה, אָנגעהויבן מיט מערקווירדיקע סימנים און שטימונגען, וואָס האָבן אָנגעזאָגט גרויסע שנויים און געוואָרפֿן אַן אומהיימלעכן פּחד לגבי דער נאָענטער צוקונפֿט. עס זענען געווען די צייטן פֿון „פֿען דע סיעקל" (סוף פֿון יאָרהונדערט), ווען עפּעס אַ מאָדנע שוואַכקייט האָט באַהערשט די געמיטער, צעטומלט די קעפּ און באַאומרואיקט די נשמות. צי איז דאָס געווען דער מורא פֿאַר דעם יום הדין, ווען מ'וועט פֿון 19־טן יאָרהונדערט פֿאַרלאַנגען אַ דין וחשבון פֿון זיינע מעשׂים און חטאים, אָדער איז עס געווען אַן אינסטינקטיווער פּחד פֿאַר דעם וואָס דערנענטערט זיך אין דער נאָענטסטער צוקונפֿט, אין דער ערשטער העלפֿט פֿון נייעם, 20־טן יאָרהונדערט.

די דאָזיקע גייסטיקע צערודערונג, מיט 50 יאָר צוריק, האָט געפֿונען איר בולטן אויסדרוק אין דער דאַמאָלדיקער ליטעראַטור און קונסט. די דעקאַדענטישע און פֿוטוריסטישע ריכטונגען האָבן געוואָרפֿן זייערע ירידה־שטימונגען און מיט אַ טויטשאָטן אויסגעפּילט די געזעלשאַפֿטלעכע אַטמאָספֿערע. שאָפּענהויערס פּעסימיסטישע לעבנס־פֿילאָזאָפֿיע איז געוואָרן אַן אויסדרוק פֿאַר יענער צייט פֿון צווייפֿל און דעפּרעסיע. לחנם האָט דער וואָרט־זאָגער פֿון איבער־מענטשנטום ניטשע געפּרוווט מיט באָמבאַסטישע פֿראַזן צו באַהערשן די שוואַכקייט פֿון זיין דור און צו שאַפֿן אַ קינסטלעכע היפּנאָזע פֿון כּוח. אין דער גייסטיקער און געזעלשאַפֿטלעכער לופֿט האָט זיך געפֿילט דער עיפּוש פֿון אַ פֿאַרבאָרגענער פֿאַרדאָרבנקייט און צעפֿוילטקייט. אָבער זעלטן ווער האָט געפֿונען דעם מוט אַראָפּצורייסן די מאַסקעס און אויפֿצודעקן די אייטערדיקע ווונדן פֿון דער ציוויליזאַציע, וואָס האָט געבלישטשעט מיט אַן אויסערלעכער פּראַכט און פֿאַרדעקט מיט קאָנווענציאָנעלע שקרים די אינערלעכע פֿאַלשקייט און געבראָכנקייט. נאָר אונזער גרויסער מאַקס נאָרדוי האָט אין זיך געפֿונען דעם נביאישן פּאַטאָס און מוט, בכדי צו וואַרפֿן דער דאַמאָלדיקער שטאָלצער אייראָפּעאישער קולטור און ציוויליזאַציע, די ביטערע און שאַרפֿע ווערטער וועגן דעם אָפּגרונט, צו וועלכן עס דערנענטערט זיך די מענטשהייט.

דער דעקאַדענטישער ירידה־גייסט פֿון פּעסימיזם און סקעפּטיציזם, איז אָבער באַלד ביים אָנהויב פֿון דעם 20־טן יאָרהונדערט באַהערשט און באַזיגט געוואָרן

דורך די שטאַרקע, כסדר־וואַקסנדיקע אידעאָלאָגישע און געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס האָבן זייער זיגערישן אימפּעט פאַרבונדן מיטן סאָציאַלן און פּאָליטישן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. דער סאָציאַליזם, סיי אין זיין מאַרקסיסטישן לבוש און סיי אין זיינע אַנדערע געשטאַלטונגען, האָט פאַר דעם מידן, צעטומלטן דור צוגעשטעלט נייע מעכטיקע און פרישע קוואַלן פון אמונה און ענטוזיאַזם. די פריידיקער און גלויביקער פון דער נייער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג האָבן זיך און אַנדערע געטרייסט, אַז די דעקאַדענטישע שטימונגען פון פּעסימיזם און ירידה זענען נישט מער ווי אַן אויסדרוק פאַר דעם היסטאָרישן צעפאַלונגס־פּראָצעס פון דעם קאַפּיטאַליזם און זיין הערשנדיקן קלאַס, דער בורזשואַזיע. מיט דעם נייעם קלאַס, דעם פּראָלעטאַריאַט, האָבן זיי באַהויפּטעט, הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה פאַר דער מענטשהייט, וואָס וועט אין דעם סאָציאַליזם געפינען איר דערלייזונג.

דער נייער, 20־טער יאָרהונדערט, האָט זיך אָנגעהויבן אונטער דעם צייכן פון מלחמות און רעוואָלוציעס, און די דאָזיקע דערשיינונגען האָבן באַגלייט דעם 20־טן יאָרהונדערט ביז צום היינטיקן טאָג. די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה (1904), און די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע, וועלכע איז באַלד אויסגעבראָכן, האָבן בולט באַוויזן, אַז דער נייער יאָרהונדערט וועט האָבן צו טון מיט פרישע פּאָליטישע און סאָציאַלע מאַכט־פאַקטאָרן, פון וועלכע די פריערדיקע צייטן האָבן גאָרנישט אָדער ווייניק געוווּסט. צום ערשטן מאָל האָט זיך אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּאָליטישן פאָרום באַוויזן אַ נייע, נישט־אייראָפּעאישע קראַפט, די יאַפּאַנישע מלוכה. די עפּאָכע פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, אָנגעפירט פון לאָרד דיזראַעלי־ביקאָנספילד, האָט דורכגעמאַכט זיין נצחון־מאַרש אין דער גאַנצער וועלט, איז געווען פאַרענדיקט. אויב דער פאָריקער, 19־טער יאָרהונדערט, איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון אויפוועקן זיך פון די קליינע פעלקער אין אייראָפּע און זייער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער פרייהייט און מלוכהשער זעלבסטשטענדיקייט, טאָ איז דער נייער, 20־טער יאָרהונדערט געוואָרן די צייט פאַרן אויפוועקן זיך פון די קאָלאָניאַלע פעלקער און זייער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט.

עס זענען נאָך נישט רייף און קלאָר געוואָרן די אויסערלעכע פאָרמען פון די נייע און טיפע ענדערונגען, ווי ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין יאָר 1914. אַ סך אינערלעכע פּראָצעסן זענען צוליב דעם דאָזיקן געוואַלטיקן קריגס־שטורעם רייפער און בולטער געוואָרן. דער דייטשער אימפּעריאַליזם, וואָס איז נאָך זיין גרויסן מיליטערישן נצחון אין דער צווייטער העלפט פון נייַנצנטן יאָרהונדערט, געגאַנגען פון איין דעראָבערונג צו דער צווייטער, האָט איצט, אין רעזולטאַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, געליטן אַ פולשטענדיקן צוזאַמענברוך און האָט געמוזט קאַפּיטולירן לטובת דעם בריטישן אימפּעריאַליזם, וועלכער איז געווען עלטער פון אים און אַ סך קליגער און געשיקטער. אָבער דער בריטישער אימפּעריאַליזם האָט איצט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַקומען אַ נייעם וועלט־פּאַרטנער (אָפט קאָנקורענט): די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, וועלכע האָבן שטאַרק געהאָלפן צו געווינען די מלחמה, און וועמענס עקאָנאָמיש־פינאַנציעלע מאַכט און פּאָליטישער איינפלוס זענען איצט געוואַקסן פון יאָר־צו־יאָר.

בעת־און־נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען חרוב געוואָרן אַ סך אַלטע און איינגעוואָרצלטע באַגריפן פון דער אייראָפּעאישער מאָראַל און קולטור. די קאָנ־

װענציאָנעלע שקרים פֿון אונזער ציוויליזאַציע האָבן אין דעם בלוטיקן װעלט־שטור־רעם אַרויסגעוויזן זייער ברוטאַלן און געמיינעם פּרצוף. װידער האָבן פּעסימיסטישע און דעקאַדענטישע שטימונגען באַהערשט די ליטעראַטור און די גייסטיקע שאַפֿונג פֿון דער ציוויליזירטער מענטשהייט. די דאָזיקע ירידה־געפֿילן האָבן געפֿונען זייער אויסדרוק אין שפּענגלערס בוך „דער אונטערגאַנג דעס אַבענד־לאַנדעס".

בעת אין מערב איז די צוקונפֿט פֿון דער ציוויליזאַציע באַדראָט געװען פֿון דעקאַדענטישע און פּעסימיסטישע שטימונגען, איז אין מזרח־אייראָפּע, אין װייטן מאָסקווע, אויפֿגעגאַנגען דער שטערן פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָט די רוסישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע געמאַכט אַ ריזיקן און ריזיקאַלן פּרוּוו צו פֿאַרווירקלעכן די אידייען פֿון מאָדערנעם סאָציאַליזם. דער לע־ניניזם און זיין אידעאָלאָגישע און מלוכהשע שיטה האָבן דאָס דורכגעפֿירט אין אַ בלוטיקן בירגער־קריג, שטיצנדיק זיך אויף אַן עקסטרעמער דיקטאַטור קעגן די גרונט־פּרינציפּן פֿון דער דעמאָקראַטיע, וועלכע האָבן זייט דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, באַהערשט גייסטיק און מאָראַליש די פּראָגרעסיווע מענטשהייט.

די רעזולטאַטן פֿון דער ערשטער װעלט־מלחמה און פֿון דער גרויסער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָבן דאָס פּאָליטישע, װירטשאַפֿטלעכע און גייס־טיקע לעבן אין דער תקופֿה צווישן ביידע װעלט־מלחמות קאָמפּליצירט און אויפֿ־געוואָרט. דער סאָוויעטישער טאָטאַלער רעזשים האָט אין דייטשלאַנד און איטאַליע געפֿונען זיין קאָנטראַסט אין דעם פֿאַשיסטישן טאָטאַליטאַריזם, בעת די אַנגלאָ־סאַק־סאָנישע װעלט איז געבליבן טריי די פּרינציפּן פֿון פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַ־טיע. די אימפּעריאַליסטישע טענדענצן האָבן זיך צונויפֿגעמישט מיט פּאָליטיש־סאָ־ציאַלע אידעאָלאָגיעס און האָבן באַשאַפֿן דעם ברענשטאָף צו אַ נייער װעלט־שׂרפֿה. אויסנוצנדיק די פֿאַרשאַרפֿטע לאַגע, האָט זיך באַנייט דער דייטשער אימפּעריאַליזם אין זיין בלוטיקסטער, געמיינסטער פֿאָרם פֿון היטלעריזם.

די צווייטע װעלט־מלחמה האָט מיט איר פֿאַרנעם און שווידערלעכקייטן איבער־געשטיגן אַלע שוואַרצסטע נבֿואות. די שרעקלעכע רציחות פֿון דער היטלערישער חיה רעה האָבן געשלאָגן רעקאָרד אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשלעכער באַר־באַריי און מאָראַלישער געפֿאַלנקייט. ס'איז בולט געוואָרן דער טרויעריקער אמת, אַז טראָץ דער אַנטוויקלונג פֿון טויזנטער יאָרן, איז די ציוויליזאַציע געבליבן נישט מער ווי אַן אויסערלעכע, פֿאַרשטעלטע פֿאָרם. װידער האָבן דעקאַדענטישע שטימונ־גען פֿון צווייפֿל און פּעסימיזם באַהערשט דעם דור. וואָס איז על פּי נס ניצול גע־וואָרן פֿון דער צווייטער װעלט־שׂרפֿה. נייע שאַרפֿע און געפֿערלעכע קעגנזאַצן צווישן אידעאָלאָגישע און װירטשאַפֿטלעך־פּאָליטישע װעלט־אינטערעסן וואַרפֿן אַ טויט־שאָטן אויף דער נאָענטער צוקונפֿט. די שפּאַנונג צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און דעם מערב וואַקסט כסדר. די געשעענישן אין צענטראַל־אייראָפּע, אויפֿן באַלקאַן און בעיקר אין כינע האָבן צוגעשפּיצט די קאָנפֿליקטן. צי שטייען מיר פֿאַר אַ נייער, נאָך שרעקלע־כער װעלט־מלחמה אָדער וועט די מענטשהייט אפֿשר דאָך געפֿינען אַ פֿרידלעכן אויס־וועג אין דעם איצטיקן געפֿערלעכן פּלאָנטער פֿון פֿאַרשאַרפֿטע סכּנות?

דאָס איז היינט די װעלט־לאַגע אַלס אַ סך־הכּל פֿון די לעצטע 50 יאָר. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, ווי איז און ווי קאָן זיין די סיטואַציע פֿון יידישן פֿאָלק? וועגן דעם איז כּדאַי זיך באַזונדערס אָפּצושטעלן.

# דער חשבון־הנפש פון אונזער דור

אין אונזער סך־הכל פון דעם האלבן יאָרהונדערט 1900—1950, האָבן מיר אָנ־געוויזן, ווי במשך פון דער דאָזיקער תקופה זענען אָנגעוואַקסן און רייף געוואָרן נייע מעכטיקע כוחות און שטרעמונגען, סיי מאַטעריעלע און סיי גייסטיקע, וועלכע האָבן אַרויסגערופן גרויסע האָפענונגען און אילוזיעס ביי דער גאַנצער ציוויליזיר־טער מענטשהייט. בעת־און־נאָך־דער־ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה זענען די דאָזיקע האָפענונגען און אילוזיעס צערונען געוואָרן און ווידער איז די גאַנצע וועלט באַהערשט פון דעקאַדענטישע ירידה־שטימונגען, וואָס דערגייען אָפט אפילו ביז צו אַ פולשטענדיקן און יאושפולן פעסימיזם.

דאָס אַמייסטן טראַגישע אין דער דאָזיקער 50־יעריקער אַנטוויקלונג, איז דער טיפער תהום, וועלכער האָט זיך געשאַפן צווישן דעם קאָלאָסאַלן וווקס פון דער מאָ־דערנער טעכניק און דעם גלייכצייטיקן שרעקלעכן באַנקראָט פון אַלע גייסטיקע און מאָראַלישע ווערטן. עס זעט אויס צו זיין אַ מין פּאַראַדאָקסאַלע פאַרבינדונג צווישן דער עליה פון דער מאַטעריעלער טעכניק און דער ירידה פון עטיק און גייסט. נישט תמיד איז דאָס לגמרי קלאָר און פאַרשטענדלעך, אָבער אַזוי איז עס געוואָרן אין דער ווירקלעכקייט פון אונזער דור.

דער אָנגעוויטיקסטער סימפּטאָם פון אונזער היינטיקער תקופה און פון זיין חשבון־הנפש באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס מיר פילן זיך אָפּגענאַרט אין אונזערע בעסטע האָפענונגען און שענסטע אידעאַלן. נעמט למשל די איידלסטע און שטאַרק־סטע באַשטרעבונג פון פאָריקן יאָרהונדערט: די נאַציאָנאַלע פעלקער־באַפרייאונג; ווי דעגענערירט און באַשמוצט איז געוואָרן דער דאָזיקער מענטשלעכער אידעאַל דורך דעם בלוט־דורשטיקן, חיהשן פאַשיזם! אָדער דערמאָנט אייך וועגן דער גרויסער און ענטוזיאַסטישער ראָל, וועלכע די מעכטיקסטע אידייע און באַוועגונג פון דער ערש־טער העלפט פון היינטיקן יאָרהונדערט: דער סאָציאַליזם, האָט געשפּילט אין דער גייסטיקער און עטישער אַנטוויקלונג פון אונזער דור! וואָס איז פון דעם אַלעמען גע־וואָרן? ווי טיף איז אונזער אַנטוישונג לגבי די גלענצנדיקע הבטחות, וועלכע דער סאָציאַליזם, סיי אין זיין דיקטאַטאָרישער פאָרם (רוסלאַנד) און סיי אין זיין דעמאָ־קראַטישער פאָרם (ענגלאַנד) האָט געפּרוווט צו רעאַליזירן!

אָן ספק געהערט די יידישע אומה צו די פעלקער, וואָס פילן זיך אַמייסטן אָפּ־גענאַרט און פאַראַטן דורך דער ווירקלעכקייט פון דעם לעצטן האַלב־יאָרהונדערט. שוואַכע זענען בכלל נוטה צו גלויבן אין הבטחות און שבועות פון אַנדערע, שטאַר־קערע. און ווער איז אַזוי שוואַך און שוצלאָז געווען אין אונזער תקופה, ווי דאָס יידישע פאָלק?

דוכט זיך, אַז קיין שום פאָלק אין דער וועלט האָט נישט אַזוי טיף און ערלעך געגלויבט אין די לאָזונגען וועגן יושר, ווי די יידן. מיר האָבן די דעקלאַראַציעס פון

אייראָפּעאישן ליבעראַליזם און סאָציאַליזם גענומען זייער ערנסט, זיכער אַ סך און אַ סך ערנסטער, ווי עס איז געווען די כוונה פון די, וועלכע האָבן די דאָזיקע דעקלאַ־ראַציעס פאַר אונז מבטיח געווען מיט אַ גרויסן פּאַטאָס און מיט געשווירענע דיבורים. מיר האָבן די דאָזיקע אַלע גלזעלשאַפטלעכע און מלוכהשע דאָקומענטן לטובת אונזער מענטשלעכער גלייכבאַרעכטיקונג און געזעצלעכער עמאַנציפּאַציע גע־זאַמלט ווי קאָסטבאַרע גאַראַנטיעס און ווי די בעסטע סוחרישע וועקסלען. מיר האָבן זיך איינגערעדט, אַז מיר האָבן ליגן אַ גרויסן און זיכערן קאַפּיטאַל, אויף וועלכן מיר קאָנען רואיק בויען אונזער ווייטערדיקן קיום. אָבער ווען ס'איז געקומען דער יום הדין, זענען אַלע אונזערע וועקסלען געגאַנגען צום פּראָטעסט. דער קאַפּיטאַל, וואָס איז אָנגעזאַמלט געוואָרן במשך לאַנגע דורות, איז פולשטענדיק צערונען געוואָרן און עס איז פון אים קיין זכר נישט פאַרבליבן.

אָבער נישט נאָר אונזער דורות־לאַנגער מאַטעריעלער און רעכטלעכער קאַפּי־טאַל איז לגמרי צערונען געוואָרן. מיט אים צוזאַמען איז פיזיש חרוב געוואָרן דער רוב מנין און רוב בנין פון אייראָפּעאישן יידנטום. קיין שום אומה ולשון האָט נישט באַצאָלט אַזוי טייער און אַזוי בלוטיק פאַר אירע אָפּגענאַרטע האָפענונגען און אידע־אַלן, ווי מיר יידן. אין דער דאָזיקער הינזיכט איז דאָס פאַרגאַנגענע האַלב־יאָרהונ־דערט געווען אין דער יידישער געשיכטע אַן אויסערגעוויינלעך דינאַמישע און טראַ־גישע תקופה. כמעט אין אַ בליצאַרטיקן קווערשניט האָט אונזער דור איבערגעלעבט אַ קאַלאָסאַלן סכום פון געשעעניש, וואָס האָבן אים פון די העכסטע אידעאַליסטי־שע און אילוזאָרישע שטופן אַריינגעוואָרפן אין דעם ערגסטן תהום פון ברוטאַלן טויט און טיפן יאוש. און ווען די ירידה האָט דערגרייכט, ווי אין אַ קלאַסישער גרי־כישער דראַמע, איר טיפסטן פּונקט, איז פּלוצלונג, ווי אַ מערקווירדיקער און אומ־דערוואַרטעטער נס געקומען די שאַפונג פון מדינת ישראל, דער גרויסער טרייסט און מעכטיקער כוח־צופלום פאַר דעם אומגליקלעכסטן, אַמייסטן טראַגישן פאָלק, וואָס האָט זיך אין דעם שרעקלעכן היטלער־חורבן מוראדיק פאַרבלוטיקט און איז געבליבן שטיין נאָך דער קאַטאַסטראָפע פאַרלוירן ביים תהום פון זיינע אַלע אַמאָליקע אידע־אַלן־אילוזיעס, אָן אַ וועג און אָן אַ האָפענונג.

ביז היינט איז נאָך נישט לגמרי קלאָר געוואָרן די ריזיקע ראָל, וועלכע די שאַ־פונג פון מדינת ישראל האָט געשפּילט ביי דער פיזישער און נאָך מער ביי גייסטי־קער רעטונג פון אונזער אומגליקלעכן, פאַרלוירענעם דור. מיר זענען דאָך צוגעקו־מען צום אָפּגרונט פון אונזער היסטאָרישן, נאַציאָנאַלן קיום. דאָס איז נישט סתם אין דער וועלט אַזוי זיך געזאָגט, נאָר די רעאַלסטע פעסטשטעלונג. די תקופה פון פאַרגאַנגענעם האַלב־יאָרהונדערט איז געווען איינע פון די פרוכטבאַרסטע און גלענצנ־דיקסטע אין אונזער לאַנגער גלות־געשיכטע. אונזערע ישובים אין מזרח און צענ־טראַל אייראָפּע האָבן אין די דאָזיקע 5 יאָרצענטער אַנטוויקלט אַן אויסערגעוויינ־לעכע נאַציאָנאַלע אַקטיוויטעט אין יעדער הינזיכט. אונזערע דערגרייכונגען אין דער ליטעראַטור, פּרעסע, שולוועזן, פּאָליטיק, סאָציאַלע היגיענע, ווירטשאַפטלעכע אויפ־בוי־אַרבעט און אַזוי ווייטער, האָבן פּראָגרעסירט צו אַן אימפּאָנירנדיקן הויך. און דאָס אַלץ איז פּלוצלונג, דורך דעם שרעקלעכן היטלער־שטורעם, פאַרניכטעט געוואָרן אויף איין מאָל, באַגראָבנדיק אונטער אירע בלוטיקע חורבות נישט נאָר אַ דריטל פון אונזער פאָלק, נאָר אויך דאָס בעסטע און שענסטע, צוזאַמען מיט אַלע אונזערע

האָפענונגען און גלויבנס אין מענטשהייט און יושר. וואָס וואָלט פון אונז אַלע, דער שארית הפליטה, געוואָרן, ווען נישט דער נס פון מדינת ישראל!?

יאָ, דער ריזיקער פּראָצעס פון עמיגראַציע אין דעם דאָזיקן האַלבן יאָרהונדערט, האָט מיליאָנען יידן אַרויסגעראַטעוועט פון שרעקלעכן חורבן און געשאַפן גרויסע, נייע ישובים אין אַמעריקע און אין אַנדערע מעבר לאוקינוס'דיקע לענדער. אָבער דאָס מעכטיקע אַמעריקאַנער יידנטום קאָן נישט און וועט זיכער נישט קאָנען דערגרייכן די היסטאָרישע, נאַציאָנאַלע ראָל, וועלכע עס האָט במשך לאַנגע דורות דערפילט דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום. דאָס הייסט נישט, אַז מיר אונטערשאַצן די מענטש־לעכע און מאַטעריעלע רעסורסן, וועלכע זענען קאָנצענטרירט היינט אין אַמעריקאַ־נער יידנטום. אָבער די היסטאָרישע שליחות: ממשיך צו זיין דעם יידישן נאַציאָ־נאַלן קיום, נעמט אויף זיך, ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, די קליינע און שוואַכע נאָך מדינת ישראל. שטאַרקער און מעכטיקער צו מאַכן אונזער מדינה איז די אויפגאַבע פון יידישן דור, וועלכער טרעט היינט אַריין אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט. קיבוץ הגלויות איז די לאָזונג, וואָס דאַרף נישט נאָר פיזיש ראַטעווען די יידישע ישובים פאַר נייע גרויסע געפאַרן, וואָס דראָען אין צוזאַמענ־האַנג מיט דער סכנה פון אַ דריטער וועלט־מלחמה. קודם־כל פאַרלאַנגט אונזער ווייַ־טערדיקער קיום־האומה די שנעלסטע און גרעסטע קאָנצענטראַציע פון אונזערע נאַ־ציאָנאַלע כוחות אין מדינת ישראל. אין דער דאָזיקער הינזיכט דאַרף דער חשבון הנפש פון אונזער יידישן און ציוניסטישן דור זיין אַ פּועל יוצא פון דער היסטאָריי־שער דערפאַרונג אין פאַרגאַנגענעם האַלב־יאָרהונדערט. דער ענדציל פון ציוניזם איז היינט: נישט סתם אַ יידיש־נאַציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל און אַ נייע העלסינג־פאָרסער גלות־פּאָליטיק, ווי ס'איז געווען אונזער פּראָגראַם און רעאַליזאַציע במשך דעם פאַרגאַנגענעם האַלב־יאָרהונדערט! דער הייַנטיקער ענדציל פון ציוניזם מוז באַ־הערשט ווערן מיט דער הערצליאַנישער קאָנצעפּציע פון ציוניזם, און דאָס הייסט קיבוץ הגלויות, די קאָנצענטראַציע פון רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק אין ארץ ישראל.

סוף